# JERUSHALAIMER ALMANACH
YIDDISH WRITERS GROUP
IN JERUSALEM

רעדאַקטאָר: **יוסף קערלער**

מיטרעדאַקטאָרן: **דוד ספאַרד, אפרים שעדלעצקי**

רעדאַקציע־סעקרעטאַר: **מאיר חרץ**

אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון ירושלימער שטאָט־פאַרוואַלטונג
(קולטור־דעפאַרטאַמענט) און משרד הקליטה.



נדפס בישראל 1977

בדפוס קואופרטיבי "אחוה" בע"מ, ירושלים

# אינהאַלט:

## מזמור שיר לירושלים



## קיום



## מע זאָל עס דערציילן אין פריידן

## לזכרון



## געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען



## פון יידישן סאַמיזדאַט



## בילדער

# אונזער שיר לירושלים...

ס׳איז געוואָרן 10 יאָר זינט אונדזערע העלדישע צה״ל־זעלנער האָבן בעת דער זעקס־טאָגיקער פאַרטיידיקונגס־מלחמה באַפרייט מזרח־ירושלים און פאַראייניקט די הייליקע קרוין־שטאָט פון יידישן פאָלק, די קרוין־שטאָט פון מדינת ישראל — ירושלים עיר הקודש.

## ירושלים

די שטאָט די פאַרברענטע
צוריק מיט יאָרהונדערטער,
די שטאָט די געשענדטע
און שווער פאַרוווּנדעטע,
די שטאָט די צעטיילטע
און ווידער פאַראייניקטע,
די אויסגעהיילטע
די שטאָט די הייליקע,
איך שטיי אויף די שטיינער
די גרויע, פאַרטרויערטע,
איך קוק אויף די שטיינער
די פריילעך פאַרמויערטע,
איך קוק אויף בנינים
פון זון באַגילדעטע,
דאָס קול פון מנינים

ביז וואַלקנס צעזילבערטע
קלינגט אַפּ מיט התלהבות
און דבקות געריייניקטע,
מיט יידישער אחדות
אין שטאָט אין פּאַראייניקטער.

מאיר חרץ

## ירושלים אויף דער נאַכט

פייערלעך, פייערלעך, פייערלעך
אין די פליינען און אויף די היגלען.
אַ שטאָט פון צעשליידערטע שפיגלען —
ווי יום־טובדיק און ווי פייערלעך!

פינטעלעך, פינטעלעך, פינטעלעך —
בליציק־בלויע און גרינלעך־ווייסע.
אַ שטאָט — אַ פאַרשריבענע מעשה,
וואָס עס בלעטערן זיי די ווינטעלעך...

שורקעס, צירהס און חיריקעס
העל צעשפּריצטע אין אַלע זייטן —
גאָטס וווּנדער אין אַלע צייטן
פאַר די טרוימערס, פאַר די ליריקערס.

פייערלעך, פייערלעך, פייערלעך
אויף די בערג און אין די טאָלן...
אַ דאַנקבאַרע שטאָט אויף צו מאָלן.
נאָר עס איז באַצאָלט פאַר דעם טייערלעך.

הער איך נישט אויף זיך צו חידושן,
איך, דער פּראָסטער חי־וקים,
אויף דער וועלט־שטאָט ירושלים,
אויף דער איינציקער מיינער, דער יידישער.

רחל בוימוואָל

## איינציק ווי דיין פאָלק

ווייל נישט ככל הערים ביסטו ירושלים, —
איינציק ווי דיין פאָלק און ווי דיין שטיין,
ווי דיינע היילן, וואָס אין זיי לויערט נאָך די שלאַנג
מיט איר חכמה און איר בייזער כוונה;

דיין פעסטונג האַלט אויס דעם מצור
ווי דער איילבירט־בוים דעם שטורעם־ווינט פון מדבר,
כאַאָס און מבול טראָגן דעם זאָמען פון זומער
אין זייערע אינגעווייד —
דער חורבן דיינער זאָגט אָן דיין נייגעבורט.

און איך אַליין געגוג פאַרשייט צו וועלן דיך דערגיין,
שטיי נתפעל און אָפטער נאָך דערשראָקן
פאַר וועלן אויסגעפינען, וואָס דער גורל האַלט פאַרבאָרגן
אין טונקעלן שויס פון דיין אייביקייט.

מלכה לאָקער

* *
*

ביסט געווען מיין חלום אונטער יאָכן פרעמדע —
אַ ליכטיק שיפל צווישן כמורנע ימען —
און אין יעדער בייזער שעה געווען מיט מיר צוזאַמען,
ביז דער סאַמע לעצטער שוואַרצער ענדע.

כ׳האָב דיין נאָמען ווי אַ תפילה שטיל
געפליסטערט אין די צייטן פון סכנה
און ער פלעגט מיר אַלע מאָל דערמאָנען,
אַז ס׳איז פאַראַן אַ הייליקער נאָך ציל,

אַז מיר זענען אין די גרוילן נישט פאַרשוווּנדן,
אַז מיר בלייבן לעבן אויך אין פּיין —
און אויפגעלויכטן האָט אין מיר פונסניי אַ שיין
און מיט טרייסט פאַרצויגן מיינע וווּנדן.

און כ׳האָב נאָך אַ מאָל געשווירן אין נשמה,
אַז אויב איך וועל פאַרגעסן דיך, ירושלים, ווען אין שטורעם,
זאָל ווערן אָפּגעדאַרט מיין רעכטער אָרעם
און מיין צונג זאָל ווערן צוגעקלעפּט צום גומען.

אַזוי ביסטו כסדר ווי אַ שטערן איבער מיר געהאַנגען
און מיט ליכט געצייכנט מיינע וועגן,
און ס׳איז מיין האַרץ געגאַנגען דיר אַנטקעגן,
ביז עס איז אויף וואָר צו דיר דערגאַנגען.

דוד ספאַרד

# עיר דוד

פאַר מוריה רוני

אויף באַרגיקע וועגן ווו שליאַך גאָר־גאָר שמאָל איז
ביסטו דער פּאַרטיילער פון פעלקער גורלות,

אין טויערן זיבן — פּאַרפּעסטיקט אויף היגלען
גאָטס ערשטער נסיון, אַ זיגל פאַר זיגלען,

אַ שטיינערנער דונער — צעשטראַלט איבער ווייטן
פון וועלטן ביז וועלטן, אין שטח פון צייטן.

ביסט שטילקייט און ניגון, דער האַר און באַפרייער
פאַר אייביקע זוכער — דאָס ברויט אינעם שייער.

פאַר טרוקענע פעלדער — ס׳געזאַנג פון אַ רעגן
און לעצטע אכסניה פאַר בלאָנדזשער אויף וועגן.

ווען שטיל ס׳וויינען מאַמעס ביי ביטערע קוואַלן,
ביי שוועלן פון יאוש — ווען אַלץ איז צעפאַלן,
דו זאַמלסט ווי פּערל צונויף זייערע טרערן,
אַ צוזאָג פון טרייסט, אַז אַ טרייסט וועסט אומקערן.

ווען ס׳פרייען זיך כלות און ס׳רעדלען די טענצער
ביסטו זייער שמחה מיט זון־ליכט אין פענצטער.

ביסט כוס פון קידושין, די ברכה, דער טראָפּן,
דער שטיין אינעם מדבר ביי יעקב צוקאָפּנס,

דער לייטער צום הימל, דער גאַנג פון מלאכים
דאָס לעבן פון מענטש און דער סוד וואָס בלייבט נאָך אים.

ביסט אוראַלט אין אַלטן און ניי ביסט אין נייעם
ביסט וווּנדער אין פּשטות — ביסט ירושלים.

אברהם ציקערט

# אַ שניי גאָר...

און פלוצים — ס׳ווערט ירושלים
פאַרשאָטנט. פאַרשאָטן מיט שניי...
דעם היינטיקן טאָג וויל פאַרשרייען
מיין לאַנג שוין פאַרגאַנגענע וויי,
מיין בייזער, מיין פינצטערער חלום,
וואָס לויערט נאָך אַלץ און ער וואַרט —
אַ בלוטיקן רעשט זאָל איך צאָלן
מיט אויפרייס וואָס צייטיקט אין האַרץ...

אַ שניי גאָר אין ירושלים
אין ירושלים —אַ שניי!
אַ צאַרטער אַזוי ווי מיין פרייהייט,
אַ שטאַרקער ווי יענער זאַוויי,
וואָס כ׳האָב שוין כמעט ווי פאַרגעסן
אין ליכט פון אַ קיילעכדיק יאָר
דורך פלייציקן שטראָם פון מעת־לעתן
פון שווערער, פון זוניקער זאָרג.

פאַרשנייטע די גאַסן, די הייזער
די מענטשן דערקען איך און שטוין:
מיין צאַרטקייט איז שטאַרקער פון אייזן,
מיין האַרטקייט אויף ס׳ניי ווערט באַלוינט
מיט גרינע און גילדענע פלעקן
פון צעדערס אין פעלדזן פאַרשרויפט,
פון חלום פון ווייסן זיי וועקן
און שטרעקן זיך העכער אַרויף,
ביז נעפלען געדיכטע זיך רייסן,
דורך גרויקייט פאַרבלאָנדזשעט אַ שטראַל
און בלויקייטן ריינע זיך ווייזן
פון ערגעץ אַ זוניקן שפּאַלט
און ס׳פינקלען פון אַלע פיר זייטן
מיט יידישער קינדערשער ליכט —
די בערג די פאַרשנייטע פון ווייטנס,
פון נאָענט — אַ מענטשלעך געזיכט.

יוסף קערלער

# קיום

אברהם ביק

# די לעגענדע פון הר הבית

## (היסטאָרישע מיניאַטור)

חכם דניאל אל־קומסי איז עולה געווען פון דאַמאַגאַן אין פּרס קיין ירושלים און האָט אָנגעהערט צו דער חבורה "אבלי ציון", וואָס זענען געווען נזירים, זיך געהיט פון עסן פלייש און טרינקען ווייַן און אָפּגעהיט ס'מויל פון דברים בטלים. די חבורה האָט ניט געהאַט קיין מקום קבוע, אַ בית מדרש פאַר תפילה, נאָר געדאַוונט אונטערן פרייען הימל קעגן הר הבית.

ער איז געווען אין די מיטעלע פופציקער, אַ מאַגערער און אַ קורצזוויקסיקער. די אויגן, מאַטע פון צופיל לערנען, האָבן געקוקט אין זיך. יומם ולילה, פון פרימאָרגן ביז חצות, איז ער געזעסן איבער פאַרמעטענע כתבים פון אַלטע מדרשים און אַרויס־געשריבן פון זיי גאַנצע זאַצן פאַר זייַן פירוש אויף תנ"ך. חכם דניאל האָט זיך באַגנוגנט מיט ברויט מיט זאַלץ און געטרונקען וואַסער מיט אַ מאָס, ניט ווייל ער האָט געוואָלט שפּאָרן געלט, נאָר כדי זיך אויסצולייזן פונעם חומר, וואָס האָט ווי אָנגעבונדן אַן אייזערנע וואָג אויף זייַן גוף. ער האָט געגלויבט, אַז עס איז אין אים נאָך פאַרבליבן אַ שארית פון זייַן פריערדיק לעבן אין פּרס און ער האָט גאָר ניט אָפּגעשטויבט פון זיך דעם שטויב פון גלות, די טומאה פון ארץ העמים.

ווי איינער פון די "אבלי ציון", קינדס־קינדער פון די ערשטע "אבלי ציון" אין דער צייט פון די גאונים אין בבל און פּרס, האָט אויך חכם דניאל געהאַלטן, אַז ווי באַלד די אומות פון ישראל און אדום ווילן אָפּמעקן די אומה פון ישראל אין גלות בבל, פּרס אָדער מאַראָקאָ, האָבן די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב קיין אַנדער ברירה ניט, ווי איבערלאָזן זייערע נכסים אין גלות, עולה זייַן קיין

ירושלים עיר הקודש און דינען דעם רבונו של עולם דורך מעשים טובים, ווי עס שטייט געשריבן 'ציון במשפט תפדה ושביה בצדקה'. דער בית המקדש וועט אויפֿגעבויט ווערן גאָר אין זכות פֿון משפט און יושר.

געווען איז עס אין יאָר תל״ה. אַ יאָר פֿון בצורת, ניט־געדעטעניש. די איינוווינער פֿון ירושלים האָבן אונטערגעהונגערט. אַז עס זענען געקומען די טבת־טעג האָט די שטאָט אויך אָנגעהויבן ליידן פֿון דורשט. דאָס וואַסער אין די בורות האָט שוין נישט געקלעקט פֿאַר אָנטרינקען מענטש און בהמה. די ערד איז געווען ווייס ווי קאַלך און דער אונטערשטער פּערטל פֿון שטאָט, וואָס מען האָט גערופֿן ״עמק עושי הגבינה״ (דער טאָל פֿון די קעז־מאַכער), האָט געהאַט אַ מראה ווי אַ פֿעלד פֿאַרזייט מיט ביינער.

פֿון זינט די יאָרן פֿון ערשטן כיבוש פֿון די בני ישמעאל זענען שוין אַוועק פֿיר הונדערט יאָר. אין משך פֿון די יאָרן האָבן זיך געביטן די הערשאַפֿטן פֿון ארץ הקודש: די קאַליפֿאַטן, די אומייע דינאַסטיע, די בני פֿאַטימאַ, די טערקישע מלוכה און די מאַמלאַקישע חיילות, אין אַלע יאָרן האָט דאָס שארית, די רעשט פֿון דער ״אבלי ציון״־סעקטע, די שומרי החומות פֿון דער הייליקער שטאָט, געשריבן מיט זייערע שטעקנס אויף אירע נאַקעטע פֿעלדזן ווי פֿון אַ מגילה אַרויס די ווערטער פֿונעם נביא ישעיה: 'שומר מה מליל?' ווערכטער וואָס איז געשען פֿאַר דער נאַכט? און 'בצל סלע כבד בארץ עיפה' — מיד און פֿאַרשמאַכט איז געלעגן די גאולה און געוואַרט אויף בעסערע צייטן.

ווען עס זענען געקומען די בצורת־טעג און מענטשן האָבן געחלומט וועגן אַ לאַבן ברויט און געלעכצט נאָך אַ לאָגל וואַסער, האָט חכם דניאל געזעסן אין דעם אַ שטראָף פֿון הימל, און אַז די תלמידים האָבן זיך געקלאָגט, איז זיין פּנים געוואָרן בלאָס פֿון צאָרן און ער האָט געמורמלט מיט זיינע פֿאַרטריקנטע ברוינע ליפּן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי פֿאַרעלטערטע פּעטרישקעס: ״אויב די בני ישראל זענען מזלזל אין צדקה, פּירן זיך אויף ווי באַטריגער און גנבענען פֿון הקדש, פֿון דער קאַסע, וואָס געהערט דעם כלל, קומט אויף זיי דער עונש פֿון אַ טריקעניש. דער איינציקער מיטל אָפּמעקן די גזירה איז תשובה, תפילה און צדקה, ווייל דעם באַשעפֿערס רחמים איז גרויס אפילו אויף יענע, וואָס זענען פֿול מיט עבירות ווי אַ מילגרוים מיט קערנער. הונגער און דורשט איז אַ צו גרויסער עונש אפילו פֿאַרן חטא פֿון גזילה. האָט דען משה ניט געשפּאָלטן דעם פֿעלדז און אָנגעטרינקען די דינער פֿון עגל, און אַז ער, משה, וואָס די תורה ווערט גערופֿן אויף זיין נאָמען — — ״.

עשרה בטבת, אַ טאָג פֿון תפילה און תענית האָט חכם דניאל געדאַוונט אין מנין פֿון די ״אבלי ציון״ אין אַ חדר פֿון איין שטוב צווישן די צענדליקער דירות מיט די קיילעכדיקע ווייסע קופּאָלן. די פֿענצטער פֿון תפילה־חדר האָבן אַרויסגעקוקט אויפֿן הר הבית און זיינע ווענט זענען געווען אָפּגעגאָסן פֿון זון. אָהער האָט אַריינגעשטראָמט אַ שפע ליכט פֿון די רחבותן פֿון הר הבית, וואָס זענען פֿול מיט גרין־טונקעלע צעדערן און שטייען אין זייער אייביקער נזירות, ווי

אַ שווער־טרויעריקער סוד זאָל זיי האָבן באַפוילן צו פאַרצייכענען דעם סימן פון דורותדיקער קדושה.

לויטן מנהג וואָלט מען אין דעם תענית־טאָג געדאַרפט אַרויסנעמען די תיבה, דאָס הייסט די ספר תורה, אין "גאַס פון דער שטאָט" און לייענען "ויחל" און זאָגן די הפטורה פונעם נביא לעבן דער מזרח־ אָדער מערב־וואַנט. איז אָבער יענער טאָג אויסגעפאַלן אין די טעג פון "ראַמאַדאַן" און די בני־ישמעאל האָבן זיך פאַרזאַמלט צו הערן אַ דרשה פון זייערן אַ שייך, האָבן זיך די מענטשן פון דער כת אָפּגעהאַלטן פון גיין צו דער וואַנט.

"וואָס איז דאָ צו טאָן?" — האָט חכם דניאל אָפּגעזיפצט און זיין טונקל בלאַס פּנים איז געווען באַדעקט מיט אַן עצבות־וואָלקן. ער האָט פאַרוויקלט אַ שפּיץ באָרד צווישן די פינגער און איז אַ רגע געזונקען אין מחשבות. באַלד איז ער צוגעגאַנגען צום פענצטער און געקוקט אויף דער רחבה פון הר הבית. דער בנין פון "פעלדז קופּאָל", דער "אָמער מעטשעט", איז געשטאַנען אין מיטן פון באַרג ווי די משא פון דורות וואָלט געהויערט אויף אים. אַן אומזעבאַרע קראַפט פון קדושה האָט געשוועבט אין בלויען אוויר און די שכינה איז אין גע־פאַנגענשאַפט. "על הר ציון ששמם שועלים הלכו בו".

אין פענצטער האָט זיך דערהערט אַ פלאַטער פון פליגל. צוויי ווייסע טויבן זענען אַרויסגעפלויגן פון זייער נעסט אין אַ שפּאַלט צווישן די וואַנט־שטיינער. די מתפללים האָבן געוווסט, אַז די טויבן זענען פּינקטלעך. לויט דעם פלאַטער פון טויבן־פליגל, האָבן די דאַווענער משער געווען, ווען עס איז מנחה־צייט.

נאָך מערב און נאָכן תענית האָט חכם דניאל אונטערגעשפּאַרט זיין האַרץ מיט אַ קאַרגער סעודה פון אַ האַלבער פּיתה מיט זיתים און זיך אָוועקגעזעצט אַרבעטן אויף די פאַרמעטן. ער האָט געשריבן מיט התמדה זיין פירוש אויף מלכים און פון צייט צו צייט מעיין געווען אין די פאַרגעלטע כתבים פון אַלטע מדרשים. אים איז שווער געווען צו מפרש זיין די ווערטער פון שלמה המלך ביים באַנייען דעם בית המקדש: "רעב כי יהיה בארץ... כי יצר לו אויבו... כל תפילה כל תחינה אשר תהיה לכל האדם לכל עמך ישראל" — "אז עס וועט זיין אַ הונגער אין לאַנד... אַז דער פיינט וועט באַלאַגערן... יעדעס געבעט פון יעדן מענטשן, פון דיין גאַנץ פאָלק". וואָס באַדייט דאָס כולל זיין דאָס פאָלק ישראל מיט אַלע מענטשן? איז זיין ענגלעך פּנים געוואָרן האַרב. און וואָס מיינט אָט־דער פּסוק: "וגם אל הנכרי אשר לא מעמך ישראל הוא והתפלל אל הבית הזה, אתה תשמע מן השמים מכון שבתך ועשית ככל אשר יקרא אליך" — "און אַז אַ פרעמדער, וואָס איז ניט פון דיין פאָלק ישראל און וועט דאַווענען צום דאָזיקן הויז, זאָלסטו הערן פון הימל דיין וווינונגס־אָרט און טאָן ווי ער וועט רופן צו דיר". — זיין שטערן איז אָנגעלאָפן מיט קנייטשן.

חכם דניאל האָט אַ שאַר געטאָן די בויגנס, אַריינגעטאָן זיינע אויגן אין מדרש־קהלת און געלייענט:

דאָס מקום, ווו דער בית המקדש איז געבויט געוואָרן, איז פון לאַנג־אַן געווען די ירושה פון צוויי ברידער. איינער האָט געהאַט אַ ווייב מיט קינדער און דער צווייטער איז געווען אַן עקר. און זיי זענען געזעסן רויק אויף זייער נחלה און באַאַרבעט דאָס פעלד און איינגעזאַמלט די תבואה אין שייער. און אַז עס איז געקומען די צייט פון קציר החיטים, פון שניידן דאָס ווייץ, האָבן זיי געדראָשן די זאַנגען, זיי אָפּגעמאָסטן אויף גלייכע חלקים און איינגעזאַמלט יעדער איינער זיין חלק אין שייער.

אין איין נאַכט, ווען דער קינדערלאָזער ברודער איז געלעגן אויף זיין געלעגער און גערעדט צו זיך אַליין: אָט זיץ איך איינער אַליין, אָבער מיין ברודער האָט אַ משפחה צו פאַרזאָרגן, פאַרוואָס זאָל זיין חלק זיין גלייך ווי מיינער? און ער איז אויפגעשטאַנען אין מיטן נאַכט און גענומען אַ בינטל גאַרבן און זיי איבערגעטראָגן צום ברודער אין שייער.

און אויך זיין ברודער האָט געזאָגט צו זיך: עס איז ניט קיין יושר זיך צו צעטיילן מיט מיין ברודער גלייך אויף גלייך, וואָס איז אַליין און אויף דער עלטער וועט קיינער ניט זאָרגן פאַר אים. דעריבער וועל איך נאָך היינט אים אַוועקטראָגן, אַן זיין וויסן, אַ חלק פון מיין תבואה. און ער האָט אַזוי געטאָן.

און אַז עס איז געוואָרן פרימאָרגן האָבן זיך די ברידער געוווּנדערט, וואָס די בינטלעך תבואה זענען געבליבן ווי געווען און יעדער איינער האָט אָפּגעמאַכט צו חוקר זיין די זאַך. אין איין נאַכט האָבן זיך די ברידער מיט די בינטלעך גאַרבן געטראָפן און איינער איז אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז פון צווייטן. פון הימל האָט דער באַשעפער אַראָפּגעקוקט און געזאָגט: דאָ וועט געבויט ווערן דער בית המקדש!

חכם דניאל האָט אויפגעהויבן די אויגן פונעם כתב־יד. דער צער אין אים האָט זיך אויסגעוועפּט. ער האָט הנאה געהאַט פון מדרש, וואָס האָט אים געגעבן אַ שליסל צו מפרש זיין די פסוקים. ער האָט פאַרמאַכט די מגילה פון פאַרמעט, איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און געקוקט אין דער טיפער תכלת וואָס האָט זיך געשפרייט פון הר הבית אויף די טאָלן פון יהושפט און רפאים.

אין יענעם בצורת־ווינטער האָט דער "לערער פון וויסן" אין דער מוסולמענישער אַקאַדעמיע פון באַגדאַד, מוכאַמעד אבו מוכאַמעד אַלגאַזאַלי דערגרייכט די הייליקע שטאָט. דער פערסישער חכם פון באַגדאַד, נאָענט צו שבעים, מיט אַ לאַנג טונקל פנים און אויגן פול מיט מחשבה און חלום, איז געווען פאַררעכנט פאַרן גרעסטן פון די חכמי איסלאַם. מען האָט וועגן אים דערציילט: אין זיין יוגנט האָט ער געלערנט ביי אַ פערסישן חכם און די תורה פאַרשריבן אויף פאַרמעטן. איין מאָל ווען ער איז געווען אויפן וועג, זענען אים באַפאַלן רויבער און אים באַרויבט פון זיין גאַנץ פאַרמעגן. ער האָט זיך געבעטן ביים ראש פון די

רויבער: אין אללאהס נאָמען גיב מיר צוריק די כתבים. מער בעט איך ניט. דיר וועלן זיי ניט נוצן. מיר זענען זיי טייער. די גאַנצע תורה, וואָס איך האָב דער־וואָרבן איז דאָרט פאַרשריבן. דער אָנפירער פון דער רויבער־באַנדע האָט געלאַכט פון אים: "וואָס איז עס פאַר תורה, וואָס מען קען רויבן פון דיר?" און ער האָט אים אומגעקערט די כתבים. די שפּאַט־רייד פונעם רויבער זענען אים אַריין אין האַרצן און ער האָט זיי פאַרקריצט אין מוח. ער האָט אָנגעהויבן לערנען לויט אַ נייער שיטה. געדענקען אַלץ, וואָס ער לערנט. עס זענען ניט אַוועק קיין סך יאָרן, און אבו מוכאַמעד איז אָנערקענט געוואָרן ווי דער גרעסטער געלערנטער און איז געוואָרן דער הויפּט־לערער פון איסלאַמישן געזעץ אין דער אַקאַדעמיע פון באַגדאַד. ווען ער האָט דערגרייכט די עלטער, האָט ער פאַרלאָזן די שטאָט פון טייטלביימער ביים טייך פּרת און איז געקומען קיין ירושלים, "אל קודס" אויף זייער לשון.

די מערסטע שעהן פון טאָג האָט אבו מוכאַמעד אַלגאַזאַלי געפּראַוועט התבודדות אין אויבערשטיבל פון "אַל־אַקצאַ"־מעטשעט און געשריבן זיין פערצן־בענדיק ווערק "אַחיאַ עלם אַל דין" (דאָס אויפלעבן די וויסנשאַפטן פון גלויבן). פון זיין אויבערשטוב האָט ער געזען די זיילן פון הר הבית מיט די רונדע פיילנ־בויגן־טויערן. וואָס מען רופט "אַלמוזין", די וואָגשאָלן. ער האָט געגלויבט אין דער לעגענדע פון "חאַדית", די תורה שבעל פה פון איסלאַם, אַז אין יום־הדין וועלן זיך אַלע נשמות פאַרזאַמלען אויף דעם באַרג פאַרן שטול פון שלמה המלך. דעמאָלט וועט מען אויפהענגען אויף דער וואָגשאָל פון די זיילן אַלע גוטע און שלעכטע מעשים פון די מענטשן־קינדער. אויף דער רעכטער וואָגשאָל די גוטע מעשים און אויף דער צווייטער — די שלעכטע. ווויל דעם מענטשן וואָס די רעכטע שאָל וועט איבערוועגן...

צווישן די אַלטע שמשים פון "אַל־אַקצאַ"־מעטשעט זענען געווען זקנים וואָס האָבן דערגרייכט די עלטער פון אַכציק. זיי האָבן נאָך געקענט די "אַמימים" (לערער פון גלויבן). דער געלערנטער פון באַגדאַד איז ניט מיד געוואָרן צו הערן פון זייערע ליפּן די מעשיות וועגן נביא, עליו השלום והתפילה, און פון זיינע ערשטע שליחים, אויף זיי רחמים און לייטזעליקייט. און אַז דער געלערנטער האָט מפסיק געווען זיין שרייבן, זענען געקומען צו אים די גלויביקע און ער האָט געענטפערט אויף זייערע שאלות:

"זאָל אונדז דער געלערנטער לערנען: מעג מען שמעקן בשמים אין די טעג פון ראַמאַדאַן?" — האָט געפרעגט אַ מתפלל, וואָס האָט געהאַלטן אַ שנירל זאַפראַן אין האַנט און געצויגן פון אים אַראַבישן פעפער, אים כמעט דערנענטערט צו די ליפּן.

"חאַראַם, יאַ חביבי, פאַרבאָטן!"

און אַ צווייטער האָט געפרעגט:

"מעג אַ מוסלמענישער מאמין לייקענען אַ חוב צו אַ יידן, וואָס האָט אים געבאָרגט געלט אויף פּראָצענט?"

אַבו מוכאַמעד האָט אָפּגערוקט אַ האַלב־פאַרשריבענעם בויגן, אַ רגע געשוויגן און געזאָגט:

"דער נביא, אויף אים פרידן און תפילה, האָט אָנגעזאָגט מען זאָל זיך נוהג זיין מיט כבוד צום פאָלק פון "כותאב" (יידן), ווי עס שטייט געשריבן אין דער "תורה" (אַזוי רופן די מוסלעמענער די הייליקע שריפט, לויטן קאָראַן): "און זאָלסט געבן דעם מענטשן ווי דו ווייסט זיין האַרץ, ווייל נאָר דו ווייסט די הערצער פון מענטשן". אַלהאַ איז איינער פאַר אַלע מענטשן. אַלע זענען אדמס קינדער. אַלהאַ האָט אָנגעגרייט פאַר יעדער נשמה אַ דירה, פאַר יעדן גוף — זיין אָרט. פאַרוואָס פאַלט דער טראָפּן רעגן אָדער טוי — —" דער געלערנטער האָט ניט געענדיקט. ער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און געקוקט אויף דער שקיעה אין מערב־בערג פון הר הבית. צווישן די זיילן פון "דער קאַפּעלע פון פעלדז" האָבן געשוועבט צענדליקער טויבן און אָנגעפילט דעם חלל מיט אַ גרויס געברום.

דער געלערנטער איז אַראָפּגעגאַנגען צום וואַש־באַסיין. געוואַשן זיינע הענט און פיס, באַנעצט דאָס פּנים און אומגעקערט זיין פּנים צו דרום. ער האָט אַנידער־געקניט און זיין שטערן שטערן האָט אָנגערירט די ערד און געמורמלט אַ תפילה: "אַלהאַ רחום, גיב שלום און רו די איינוווינער פון דער הייליקער שטאָט, כדי אַלע דיינע קינדער זאָלן וויסן אַז זיי זענען אדמס קינדער".

## אַ באַגריסונג דעם דיכטער יוסף רובינשטיין

צו זיין קומען צוזאַמען מיט זיין פרוי לעראַ פון די פאַראייניקטע שטאַטן אויף אַ וויזיט קיין ישראל. יוסף רובינשטיין איז איינער פון די אָריגינעלסטע פּאָעטן אין אונדזער היינטיקער יידישער דיכ־טונג. זיינע געשליפענע לידער וועגן "מאָדעלן" זענען שלימותדיק לויט זייער פאָרם און פאַרמאָגן אַ וייטגייענדיקע און אַלזייטיקע אַלוזיע צום גורל פון מענטשן בכלל און פון אונדזער צייט בפרט. זיינע פּאָעמעס וועגן די יידישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד געבן אַ פאַרטיפט בילד וועגן די שווערע און קאָמפּליצירטע פּסי־כישע און פיזישע איבערלעבונגען פון די יידישע שעפער אין דעם לאַנד, ווי אויך וועגן דעם אַלגעמיינעם מצב דאָרט.

מיר באַגריסן האַרציק די חשובע געסט.

אַ געגוייע אָפּהאַנדלונג וועגן דיכטער יוסף רובינשטיין וועלן מיר געבן אין קומענדיקן נומער.

## מלכה לאָקער

### תפילה

ווי אָפט האָט די ערד געציטערט אין אירע יסודות
פאַר די האַרבע געבאָטן פון גאָט ?
מענטש און טייך זענען אַראָפּ פונעם וועג
און דער קוואַל איז פון זאַמדן פאַרזיגלט געוואָרן
און זוכט ביז איצטער דעם וועג...

מ׳קאָן תפילה טאָן צום ברויט אויפן פעלד,
צו אַ בוים אין מיטן וואַלד,
מ׳קאָן כורעים פאַלן אין זאַמד אויפן וועג
און אויסטריינקען די פולע שווערקייט פון ים.

מען קאָן תפילה טאָן אין אַ ווינקל־חדר
ביים ארון קודש אינמיטן נאַכט
און וואַרטן אויפן שפּאַלטן זיך פון הימל,
וואַרטן אויף אַ ברוכטייל פון אַ שפּאַלט,

ווען גאָט איז כולו ליכט
און זיין חסד אויף דער ערד
איז ממש אָנצוטאַפּן מיט די הענט,
פאַרן המון, מיט מיר בתוכם —
וואַרטן אויפן אָנהייב,
וואָס וועט אויסלעשן מיט איין אָטעם־בלאָז דעם פלאָנטער
און עפענען דעם הימל,
וואָס באַגערט גאָטס בענטשונג
איבער דער ערד...
. . . . . . . . . .
מ׳קאָן תפילה טאָן...

* *
*

כ׳האָב געזען די נאַכט זיך גליטשן
פון די ווענט,
דער מאָרגן איז אַרויס אומבאַהיט, הויל,
אויס בלויקייט געגאָסן, פון מזרח אויסגעשיילט, —
אַ ניי־געבוירן קינד...

די פונקען האָבן גלעזערן געציטערט מיטן טוי,
אַ שימער פון גאָלד האָט געוויטערהט מיטן ווינט
און פאַמעלעך האָט די כוואַליע זיך געבראָכן פון פולקייט
פאַמעלעך און זאַפטיק — אַ ריזן־רייפע פרוכט...
איך ציטער די כוואַליע און די פונקען פון גאָלד
איך ציטער דאָס וויען און פריר
איך זוך דאָס שאַרסטקע גאָלד אין פלאַכן קאָרן־פעלד
צעטאָפּעטן האָניק אין היץ פון מיטנטאָג
איך ציטער די פונקען פון גאָלד פאַר מיין טיר...

## אונדזערע באַגריסונגען

מיר באַגריסן אונדזער בן־עיר, דעם ירושלימער באַדייטנדיקן יידישע פּראָזאַ־יקער עלי שעכטמאַן, וועלכער האָט זוכה געווען צום ערשטן אָרט אין דער ערש־טער פאַרטיילונג פון דער אליעזר פּינעס־פּרעמיע ווי אויך די ירושלימער אריה פילאָווסקי און יחיאל שיינטוך — פאַר־שערס פון יידיש און יידיש־העברעישער ליטעראַטור — מיט דער זעלבער ערש־טער פאַרטיילונג פון אָט דער בכבודיקער פּרעמיע און ווינטשן זיי געזונט און שע־פערישע כוחות אויף ווייטערדיקע פאַר־דינסטן פאַר דער יידישער קולטור.

„ירושלימער אַלמאַנאַך״
יידישע שרייבער־גרופּע אין ירושלים

מיר באַגריסן די שרייבער ישראל קאַפּלאַן, נחמן ראַפּפּ, שלמה רויטמאַן און דעם זשורנאַליסט עובדיה פעלד מיט דער ליטעראַטור־פּרעמיע פון יידישן לי־טעראַטן און זשורנאַליסטן פאַראיין אין ישראל פאַר 1977 (פּערטע פאַרטיילונג) און ווינטשן די לאַורעאַטן ווייטערדיקע שעפערישע דערגרייכונגען אויפן געביט פון יידישער ליטעראַטור און יידישער זשורנאַליסטיק.

„ירושלימער אַלמאַנאַך״
יידישע שרייבער־גרופּע אין ירושלים

## אהרון אַשמאַן

### איצט

איצט דריקן מיר צו צום האַרץ דעם באַפרייטן
אַלע אונדזערע בעסטע פריינד —
דעםביימער־געפלעכט וואָס מיר האָבן אַזוי ליב געהאַט.
די גראָבע ביימער
וועמענס גרין בלוט געדיכט איז און שווער ;
די ביימער דינע,
וואָס ברענען ווי ליכט אין גלאַנץ פון דער שקיעה ;
די ביימער די הויכע,
וואָס טראָגן אויף קרוינען די אייביקע רו,
און די נידעריקע געקרייזלטע ביימער,
וואָס רוישן אין פריידיקער שיכרות
ביי יעדןווינטל־געבלאָז.
זיי אַלע קומען צו אונדזער אָפן האַרץ
און מיר וועלן גיין און זיי אין ווייטקייט פאַרטראָגן,
צו יעדן אומבייט פון אָרט,
צו וועלכע פאַרשמידטע אונטער זיך —
זיי האָבן געבענקט טאָג און נאַכט
אויסגעטרוימט זיי אין יעדן צוויט און קנאָספּ
אין געהיים פון זייער וואָרצל־געפלעכט אין פינצטער.

און אַזוי וועלן מיר גיין ביז מידקייט פון גאַנג,
און דעמאָלט — די פרייד, אָ די גרויסע פרייד
אַליין אין בוים זיך פאַרוואַנדלען,
בלייבן פאַרקאָוועט צום אָרט,
אויף שטענדיק באַהעפטע,
און דאָס גוטס פון דער וועלט שטראָמט צו אונדז אין זיין גאַנג
אין ווינט, טוי און זון און אין פויגל־געזאַנג.

## באַצייטנס

איידער די מאָנסטערס פון די נאָרעס דערשיינען,
בערג זינקען אין ים און ים טויכט צום הימל ;
איידער ליכט־טורעם לעצטער פאַרלעשט זיינע שיינען,
צעוואָרפט זיינע שטיינער אין אָפגרונט־געווימל ;
איידער עס הווערט די אייביקע שטילקייט
פאַריתומט פון ליד, פאַרלאָזן פון יאָמער
לאָמיר אַרויסגיין אין גערטנער שטילע
דאָרט זיצן נאָך אַלץ די שוואַנגערע פרויען :
זיי זיצן און שטריקן, אין־זיך פאַרהערטע,
ביימער וועבן איבער זיי אַ גרין־ליכטיק געוועב,
אין קרישטאָלענעם קוואַל גיסט אָן זיי
אַ בלוי־מילדן געטראַנק אין הימל־געוועלב.
אָט דאָרט זיצט די איינע מיט אויגן מיט קלאָרע
און אויף איר שטערן דער וונדער. —
לאָמיר קניען פאַר איר אין ציטער־געשריי,
אָדער אין תפילה שטילער און הייסער :
ראַטעווע, שוועסטער, איידער ס׳קומט דער פאַרגיי,
געבויר אונדז דעם דערלייזער.

יידיש — נחמן ראַפּפּ

**א. ציקערט**

# "גיב נאָך אַ מאָל אַ טראַכט"...

ער איז געשטאַנען און געקוקט אויף מיר אַרויסרופעריש. ווען נישט דאָס פייער אין זיינע אויגן, וואָלט איך געמיינט, אַז ער איז אַן אויסשטראַלונג פון דעם שטיינזאַמדיקן קאָליר פון דער וואַנט — זיין הינטערגרונט. קיין גליד האָט ביי אים נישט געציטערט און אפילו דער דינינקער וואָקל וואָס באַגלייט אַ גוף וואָס שטייט אויף איין אָרט — האָט דאָס מאָל געפעלט.

עפּעס איז אין אים געווען משולח'דיקעס. די שפּיציקע דינע באָרד, דער אַלטמאָדישער פּוילישער כאַלאַט און דער טיפער גלות־וויי אין זיינע שאַרפע אפילו אַרויסרופנדיקע אויגן. אַזאַ וויי זעט מען היינט נישט מער אין יידישע אויגן. אַמאָל האָט אַ יידישער שרייבער דערציילט, אַז ווען ער איז געיאָגט געוואָרן דורך די דייטשע מערדער, האָט ער געזאָגט אַ תפילה און איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַץ! אַזוי אַרום האָט אים אויסגעמיטן דער גורל פון זיינע ברידער אין אַ געטאָ ערגעץ־ווו אין אייראָפּע. אָבער די אויגן, די יידישע אויגן האָבן אים פאַרראַטן. די קינדער פון דער גוישער וועלט פון יענע טעג האָבן דערקענט, אַז אַזעלכע אויגן האָט נאָר אַ יידישע קאַץ, אָט אַזעלכע אויגן מיט צער האָט דער שטיינערנער משולח פאַרמאָגט. ס'איז געווען עפּעס סתירה־דיקס צווישן דעם וויי אין זיי און דעם אַרויסרופערישן, ווי אַ שטייגער ער וואָלט געוואָלט זען ווי לאַנג איך וועל אויסהאַלטן זיין בליק.

ער איז געשטאַנען זייטיק ביי דעם כותל. זעט אויס ער האָט געוואַרט, ביז כ'וועל אַוועקנעמען מיין קאָפּ פון די גרויסע שווערע שטיינער, אין וועלכע ס'איז אַריינ־געגאָסן דער גאַנג פון מיין פאָלק דורך אַ סך דורות. ער האָט געוואַרט געדולדיק. וואָרום איך האָב דאָך באַרירט די שטיינער צום ערשטן מאָל. צום ערשטן מאָל איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין מיר און דורך מיר עפּעס אַ שטומע שליחות פון הונדערטער און אפשר טויזנטער, וואָס האָבן ווי איך געחלומט אַנצורירן די וואַנט — און זיי האָבן עס נישט דערלעבט. און אָט בין איך יאָ געקומען און בין געשטאַנען אָט דאָ, כ'האָב צוגעלייגט דעם קאָפּ און געוואָלט זיך איינהילן אין דאָזיקן האַרטן גוף, גלייך כ'וואָלט עפּעס געזוכט און נישט געפונען.

דער מוח איז געווען קאַלט ווי די וואַנט: "זעסט, פילסט גאָרנישט".

איך האָב געוווּסט, אַז כ'דאַרף פילן, כ'דאַרף אויפציטערן, און צום סוף — גאָרנישט; נישט אפילו דאָס געפיל פון אַנטוישונג. ערגעץ־ווו אין אַ ווינקל פון מוח האָט אַ פרעמד געלעכטערל קוים, קוים אַנגעקלאַפּט אין די אַנדערע גע־

דאַנקען: ״איז דאָס אַלץ? פאַר דעם אָט האָבן מיר אַזוי פיל געליטן? דאָס האָבן מיר געמאַכט פאַרן גרונט־שטיין פון אונדזער קיום און המשך?״

ווי לאַנג בין איך אַזוי געשטאַנען מיטן קאָפּ אויף דער פרעמדער וואַנט? אַ מינוט, אפשר צוויי, און אַז כ׳האָב אַוועקגענומען דעם שטערן איז ער געשטאַנען נעבן מיר. אויב ס׳איז אמת, דאָס וואָס אונדזערע חכמים זאָגן, אַז די מעשים פון אַ מענטש באַשאַפן מלאכים, האָב איך אים מסתמא באַשאַפן מיט מיינע מחשבות, בעת כ׳האָב אַנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויפן קאַלטן שטיין. אויב אַזוי, איז די יצירה געווען בלא יודעים. כ׳האָב אפילו נישט געוווּסט, אויב ער איז מיין פריינד אָדער באַשולדיקער. ווי אַזוי קאָן מען לייענען אַ שטיינערן פּנים פון אַ נישט־ערדישן אויסזען, וואָס האָט פייערדיקע אויגן אין וועלכע ס׳וויינט דער תהום פון צער...

ס׳איז געווען אַ ביסל אומפאַרשטענדלעך וואָס דאָ אַרום האָט קיינער נישט געזען זיין אויסטערלישקייט. אָט איז האַרט נעבן אים געזעסן אַ ייד אויף אַ בענקל און געזאָגט תהילים, גלייך דער פרעמדער וואָלט נישט געשטאַנען איבער אים. אַז איך האָב אַנגעהויבן זיך אַרומקוקן האָב איך געוווּסט, אַז עפּעס קומט פאָר, עפּעס וואָס כ׳פאַרשטיי נישט, אָבער כ׳ווייס, אַז עס קומט פאָר. נישט ווייט פון אונדזביידע איז אַ ייד געשטאַנען ביים שולחן און געלייענט אַ פּרשה פון אַן אָפענער ספר תורה, פאַר אַ יונג בחור׳ל. כ׳האָב געזען, אַז ער לייענט, אָבער געהערט — האָב איך נישט. איצט ערשט האָב איך באַמערקט, אַז איך הער אויך נישט דעם ייד זאָגן תהילים. מיין בליק איז געלאָפן צו דעם אַרום און צוריק צו דעם פרעמדן, גלייך ער וואָלט מיר שולדיק געווען אַן אויפקלערונג. אָבער דער פרעמדער האָט נישט רעאַגירט. ער איז געשטאַנען ווי פריער און געקוקט אויף מיר. און ווידער אַ מאָל האָט מיין קאַלטער זכרון גערעדט צו מיר: ״אָט דער מענטש איז אַ מחיצה צווישן דיר און דעם אַרום.״ ״נישט אמת — גיב נאָך אַ מאָל אַ טראַכט״ האָט דער פרעמדער אָפּגעענטפערט אויף מיין מחשבה. זיינע ווערטער האָב איך קלאָר און דייטלעך געהערט, כאָטש ער האָט זיי נישט געזאָגט.

איך האָב אַנגערירט די וואַנט, צו זען אויב איך בין אויף אַן אמת דאָ. יאָ. אודאי בין איך געשטאַנען נעבן כותל. אַ ביסל ווייטער האָב איך געזען יונגע זעלנער, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפזאַמלען אין דעם אָפענעם שטח. כ׳האָב אַ ביס געטאָן אַ פינגער און ס׳האָט אויף אַן אמת וויי געטאָן. ״חלומסט נישט״ — האָט דער פרעמדער ווידער געענטפערט אויף מיינע מחשבות — ״נאָר גיב נאָך אַ מאָל אַ טראַכט״.

איך האָב אָנגעהויבן שטעלן פראַגעס. נישט צום פרעמדן נאָר זיך אַליין, וואָרום אויב ער לייענט מיינע מחשבות און ענטפערט אויף זיי, וועט ער דאָך סיי־ווי וויסן וואָס איך פרעג. האָט דאָס צו טאָן מיט דעם, וואָס איך האָב גאָר־נישט געפילט בעתן אָנשפּאַרן מיין קאָפּ אויף דער דאָזיקער וואַנט? האָב איך געזינדיקט מיט דעם, וואָס אין מיינע מחשבות האָט זיך אַריינגעגנבעט אַ צווייפל וועגן דעם יסוד פון קיום און המשך, וואָס איז געווען אין משך פון צענדליקער

דורות אין דעם כותל המערבי? פּאַרוואָס שטעק איך אין אַ פרעמדער דימענסיע, אין וועלכער ס'פעלט מיר דער כוח פון הערן דעם אָרום, אָבער גלייכצייטיק הער איך יאָ דעם פרעמדן, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון גיי־ווייס־פון־וואַנען, כאָטש ער רעדט גאָרנישט.

״גיב נאָך אַ מאָל אַ טראַכט״ — האָט דער פרעמדער ווידער אַ מאָל געזאָגט גלייך, ווי ער וואָלט דערמיט געענטפערט אויף אַלע מחשבות.

ערשט איצט האָב איך אָנגעהויבן פילן אַ מין אומגעדולד, וואָס קומט פון נישט קאָנען פאַרטראָגן עפּעס, וואָס רייצט די נערוון: ״קיין אַנדערן זאַץ קענט איר נישט? כ'מיין אַ זאַץ וואָס ענדיקט זיך נישט מיט ״גיב נאָך אַ מאָל אַ טראַכט?״ דער פרעמדער האָט זיך אַלץ נישט גערירט און זיין אויסדרוק האָט זיך נישט געענדערט: ״דאָס ווייסטו אַליין זייער גוט. דו געדענקסט נאָר נישט, אָבער קאָנסט זיך לייכט דערמאָנען — גיב נאָך אַ מאָל אַ טראַכט״.

איך האָב געוווּסט, אַז כ'בין הינטערשטעליק צו דעם אַרויסרופערישן בליק. דעם ערשטן פאַרמעסט האָב איך פאַרשפּילט. ער האָט מיך געדוצט און צו אים האָב איך גערעדט בלשון ״איר״. איך האָב באַשלאָסן, אַז דאָס נאָענטסטע מאָל וועל איך זיך ווענדן צו אים אויך בלשון ״דו״ און אין זעלבן אויגנבליק האָט ער געענטפערט: ״הייבסטו דאָך יאָ אָן טראַכטן. כ'האָב שוין אָנגעהויבן מיינען, אַז דאָס שטיקל אַרבעט וועט מיר אָנקומען זייער שווער. אוודאי דאַרפסטו מיר זאָגן 'דו'.״

זיין שטימע האָט אָנגעהויבן ווערן קענטלעך. ערגעץ ווו האָב איך אים אַמאָל געהערט. כ'האָב נאָר געדאַרפט אַ גראָב טון אין זכרון. ערגעץ ווו. אָבער ווען?

״כ'ווייס, אַז איך קען דיך, נאָר ס'איז מיר שווער זיך צו דערמאָנען. גיב מיר אַ שטיקל אָנדייט, פון וואַנען?״

דער פרעמדער האָט נישט רעאַגירט. פון ערגעץ ווו ממעמקימדיק באַגראָבן איז ער מיר אַקעגן געקומען, אָבער קוים קוים. אומקלאָר און אָפּגעהאַקט. אַ שטייגער, ווי מען זעט אַ מענטשן, ווען די אויגן האַלטן נישט אָן דעם פאָקוס און דער מוח זאָגט זיך אָפּ פון צו טראַכטן.

ס'איז געווען גלייך איך וואָלט אים געזוכט אין אַ נעפּל. די זון האָט געגליט דעם אָרום און איך בין געשטאַנען אין אַ זומערדיק העמדל, אָבער אין פאַר־נעפּלטן זכרון איז געווען עפּעס ווינטערדיקס און פאַרנאַכטיק. פּוילישער ווינ־טער, מיט שניי, עפּעס פרעמד און ווייט.

כ'האָב געפּרוּווט אָנטאַפּן דעם נעפּל. ״העלף מיר״, האָב איך געבעטן ביי אים. ״כ'טאָר נישט״, האָט ער אָפּגעענטפערט. איצט האָב איך געוווּסט, אַז ער איז אַ פריינד. אין זיין קול איז געווען דער אָפּקלאַנג פון מיין אייגענעם צער.

ווינטערדיק. פאַרנאַכטיק. ווען כ'וואָלט זיך געקענט דערמאָנען וואָס ער האָט געזאָגט, וואָלט איך אפשר געלעזן דאָס רעטעניש, וואָס האָט מיר אָרומגע־נומען, אָבער בשום אופן האָב איך נישט געקענט זיך דערמאָנען קיין ווערטער.

כ'האָב זיך יאָ דערמאָנט אין עפּעס. כ'האָב געריסן מיין זכרון, ווי מען רייסט

ציינער; אַז מען מוז — מיט כּוח. איצט איז דאָס בילד געוואָרן אַ ביסל קלאָרער. כ׳האָב געהערט קינדער־קולות. פון אָנהייב האָב איך געמיינט, אַז דאָס זענען חדר־יינגלעך, אָבער באַלד האָב איך זיך געכאַפּט, אַז כ׳מאַך אַ טעות. דער קאַל־טער, ווינטער־פאַרנאַכט איז ווייטער געשטאַנען אין בילד — מיט הרודעס פון שנײ און אַ ביסל ווינט און אויך הונגער. איך האָב אָנגעהויבן זוכן סימנים: ״זענען די גאַס־לאַמטערן אָנגעצונדן?״ איך האָב געזוכט אַ לאַמטערן ערגעץ וווּ, אָבער די מי איז געווען צו שווער. דאָס בילד איז צערונען און די היץ און די ליכטיקייט אַרום האָט מנצח געווען. איך בין צוריקגעקומען צום כותל און געזען, אַז ער וואַרט נאָך אַלץ. רויק, געדולדיק, נישט מער מיט דער אַרויסרופּערישקייט. איצט האָט זיין קעגנוואַרט געזאָגט, אַז אויב זיין שטיין דאָ וועט העלפן לייזן דאָס רעטעניש וועט ער אַזוי שטיין, ווי לאַנג מען וועט ברויכן; אפילו ביז אַ האַלבער אייביקייט.

פאַר וואָס בין איך געווען אַזאַ נאַר? כ׳האָב דאָך געקאָנט אויפהייבן זיך און אַוועקגיין און איבערלאָזן אים דאָ. אַז כ׳וואָלט אַוועק, וואָלט דאָך מסתמא דאָס גאַנצע בילד זיך צעפאַלן. נאָר כ׳האָב געוווּסט, אַז אויב כ׳וועל פּרווון אַוועקגיין, וועלן זיך מיינע פיס נישט רירן פון אָרט. אויב זיי וועלן זיך יאָ רירן און דאָס בילד וועט טאַקע צערינען, וועל איך האָבן אָפּגעטון עפּעס אַ זינד, וואָס כ׳וועל שוין קיין מאָל נישט קאָנען אויסקויפן. כ׳האָב, הייסט עס, געקאָנט אַוועקגיין — אָבער כ׳האָב נישט געקאָנט.

״גיב נאָך אַ מאָל אַ טראַכט״, האָב איך ווידער געהערט זיין שטים, וואָס איז געווען ווי אַ שליסל צום רעטעניש, ווי דער סך־הכל פון דער הילף, וואָס ער האָט מיר געקאָנט געבן. איך האָב געפּרוּווט צוריקגיין צו דעם ווינטערפאַר־נאַכט. ערגעץ אין אַ גאַס, צוויי לאַמטערן זענען געווען אויסגעלאָשן, די דריטע האָט יאָ געברענט. די גאַס אָבער איז געווען אין גאַנצן ליידיק און שטיל.

כאָטש ס׳איז געווען ווינטער זענען אַ סך פענצטער געשטאַנען אָפן, באַ־האַנגען מיט אייז־צאַפּנעס. דער זכרון האָט אָפּגעענטפערט אויפן זוכעניש, אָבער נישט מיט דעם, וואָס איך האָב אַ מאָל געזען. דאָס אָרט האָב איך געקענט, אָבער נישט ווי איך האָב עס אַמאָל געזען. דער איצט — איז בלויז אַ שאָטן פון דעם, וואָס איז פאַרגעקומען דאָ, ווען ס׳איז שוין קיינער מער נישט געווען אין יענער גאַס. ״וויקל צוריק די צייט אַ ביסל״ — האָב איך געבעטן, אָן צו וויסן ביי וועמען כ׳בעט. דער אומבאַקאַנטער, צו וועלכן מיין בקשה האָט דערגרייכט, האָט געטאָן מיין פאַרלאַנג. דאָס זעלבע אָרט, דאָס זעלבע בילד, נאָר אַ ביסל פריער. ״יאָ, אוודאי אַזוי, אָט דאָס האָב איך דאָך געטראַכט — דאָס לאַדזשער געטאָ״. וואָס איז מיטן לאַדזשער געטאָ?״ — האָב איך געפרעגט ביי דעם אומבאַקאַנטן, באַקאַנטן, וואָס איז געווען אַ פריינד, וועלכן כ׳האָב נישט געקענט און וועמענס צוועק פון אויפהאַלטן מיך ביי דעם כותל האָב איך נישט פאַרשטאַנען.

״איך ווייס גאַרנישט. דו ווייסט אַלץ. דו דאַרפסט נאָר וויסן, וואָס דו ווייסט.

גיב נאָך אַ מאָל אַ טראַכט״ — האָט ער ווידער אויסגעלאָזן מיט זיין אַלטן מאָנאָ־לאָגישן זאַץ.

דער ייד, וואָס איז געזעסן אויפֿן בענקל און געזאָגט תהילים, האָט זיך אויפֿ־געהויבן און איז אַוועקגעגאַנגען. דער מנין אַרום דעם שולחן האָט שוין געהאַט אָפּגעדאַוונט און די זעלבער האָבן אָנגעהויבן אויפֿשטעלן אַ בינע און אַרומהענגען פֿענער. אויב אַזוי, הייסט עס, אַז איך בין נישט געווען פֿאַרלוירן אין די דימענ־סיעס פֿון צייט און שטח. ״ניין, דו ביסט קלאָר דאָ, אין ירושלים, ביים כותל המערבי״, האָט דאָס קול פֿון מיין אומבאַקאַנטן געזאָגט, כאָטש די ליפּן האָבן זיך כלל נישט גערירט.

איצט איז געווען אַ ביסל לייכטער. זיין זאָג ׳כותל מערבי׳ האָט מיך צוריק־געפֿירט דאָרט, ווו כ׳האָב, זעט אויס, געדאַרפֿט עפּעס מתקן זיין. ווען כ׳בין געווען דאָרט, אין יענער פֿאַרגאַנגענער אייביקייט, האָב איך געהאַט אַ באָבע — זיידע, ביי וועמען אין שטוב עס זענען געהאָנגען צוויי אויסגעהאָפּטענע בילדער, וואָס מיין באָבע האָט געבראַכט אַ כלה־מתנה פֿאַר איר חתן. איין בילד איז געווען די עקידה מיט אַ גאַנצן פּסוק אויסגעהאָפּטן מיט גרויסע אותיות: ויקרא אליו מלאך ה׳ מן השמים אל תשלח ידך אל הנער. און דאָס צווייטע בילד איז געווען די כותל המערבי. אָבער דעמאָלט האָט די כותל מערבי אויסגעזען גאָר אַנדערש. זי איז געווען ענלעך אַ ביסל צו די פּוילישע מויערן. וואָס איז געוואָרן מיט די דאָזיקע צוויי בילדער? און וואָס פֿאַרא שייכות האָבן זיי צו מיינע מחשבות?...

ניין, כ׳האָב געמאַכט אַ פֿאַלשן שריט. איך דאַרף אויפֿמישן די צייט פֿון יענער אייביקייט אַ ביסל שפּעטער. פֿאַר נאַכט, ווינטער אין לאָדזשער געטאָ. דער גאַנצער סך הכל פֿון אַן אייביקייט איז איינגעוויקלט אין איין וואָרט — געטאָ. מיטן דאָזיקן וואָרט צעקניפּט זיך אַ רעטעניש, וואָס דאַרף פֿאַרענטפֿערן, פֿאַרוואָס אָט דער משונה׳דיקער מאַן שטייט נעבן מיר ביים כותל המערבי און פֿאַרוואָס איך זע דעם אַרום, אָבער שטיי אין דרויסן פֿון דעם אַלעם, וואָס קומט דאָ פֿאָר.

אינעם ווינטערדיקן פֿאַרנאַכט האָט אָנגעהויבן פֿאַלן אַ דיבינקער שניי. דער אַרום איז געווען איינגעהילט אין אַ טריבקייט, וואָס האָט נישט פֿאַרשטאַנען עפּעס אַנדערש, ווי דעם יסוד פֿונעם ווילן איבערצולעבן. ניין, נישט צומאָל איבער־צולעבן נאָר בלויז לעבן. אויב דער הונגער וועט נישט זיין געבוג גרויס אויף צו טויטן — וועט זיין גוט. מ׳וועט לעבן. אין פּחד — נאָר לעבן. מיט דער שעה — נאָר לעבן. הונגעריק, אויסגייענדיק — נאָר דערווייל — לעבן.

צווישן די מידע גייער אין דער טריבער, פֿאַרנאַכטיקייט זענען געווען זייער ווייניק אויסדערוויילטע. איך בין געווען איינער פֿון זיי: פֿון די יחידי סגולה. מיט אַ זעקעלע גרינצייג — דער אוצר פֿון קיום, וואָס איינער פֿון די מושלים האָט באַוויליקט פֿאַר מיינעטוועגן, ווייל כ׳האָב אים געלייענט עפּעס, וואָס האָט נושא חן געווען אין זיינע אויגן. היינט האָט דאָס זעקעלע גרינצייג געהאַט דעם

דאָפּלטן ווערט פון אַ נישט דערשאַצבאַרן רייכטום. די לעצטע צוויי טעג האָט די צוטיילונג פאַרשפּעטיקט און מיר האָבן אַלץ מער און מער פאַרוואָסערט די דינע הייסע מאַלצייט, וואָס האָט געהייסן זופּ און איז געווען דער עיקר קיום. מיטן אוצר־זעקעלע וועט מען ווידער קענען זיך דערלויבן צו מאַכן יום־טוב. אויסגערעכנט, אָבער ס׳וועט נישט טריפן פונעם לעפל מיט הייס געזאַלצן וואַסער אין די צעבראָכענע טעלער אַריין.

אָט דאָס דאַרף איך, זעט אויס, מתקן זיין. דער שטיינערנער מענטש ביי דער וואַנט ציטערט נישט. קיין גליד רירט זיך ביי אים נישט. נאָר פריער האָט ער געלייענט מיינע מחשבות און איצט פיל איך זיינע. ניין, זיינע מחשבות זענען נישט קיין ווערטער. נאָך צו מיר האָט ער גערעדט אין דער פאָרם פון לשון. ער אַליין טראַכט אַנדערש. מיט ציטערס אַזעלכע, וואָס זענען ווי סמנים, וואָס איך דאַרף פאַרשטיין. ס׳איז פאַרנאַכט אין יענער אייביקייט, צו וועלכער איך גיי צוריק מתקן זיין אַ זינד וועגן וועלכער כ׳ווייס אפילו נישט. אויב כ׳האָב יאָ געזינדיקט, האָב איך קיין מאָל, זעט אויס, נישט באַטראַכט די מעשים ווי אַ זינד און ס׳האָט נישט געפּלאָגט מיין געוויסן. אָבער ערגעץ ווו איז פאַרשריבן געוואָרן, אַז כ׳דאַרף עפּעס מתקן זיין אין אַן אַנדערער אייביקייט.

פון אַ הויז אַן אַ טויער איז אַרויסגעגאַנגען מיין חדר־חבר, אברהם חיים. שוין אַ צייט ווי כ׳האָב אים נישט געזען, נאָר כ׳האָב געהערט, אַז פון זיין משפּחה איז ער געבליבן בלויז מיט אַן עלטערן ברודער. איצט איז ער מיר אַקעגן גע־קומען, נישט מיט צער, ניין, אין געטאָ איז נישטאָ קיין כוח פאַר אַזעלכע נאַריש־קייטן. אָבער אין זיינע אויגן האָט זיך אַנגעצונדן אַ פונק פון האָפענונג, דער־זעענדיק מיך. פאַרוואָס גראָד מיך? ווייל איך וועל וויסן, אַז ער זאָגט דעם אמת, און דער אמת קאָן אים העלפן. דער ברודער איז קראַנק. די ראַציע האָט זיך אויסגעלאָזט און ס׳איז בוכשטעבלעך מער גאָרנישט פון וואָס צו מאַכן דעם קראַנקן אַ ביסל זופּ. אָבער ער האָט דאָך נאָך דאָס זעקעלע, וואָס דער טאַטע האָט אַ מאָל צוריקגעבראַכט פון ארץ ישראל. נישט סתם פון ארץ ישראל, נאָר פון דער הייליקער שטאָט ירושלים. מער נאָך, אין יענע טעג האָט דער טאַטע פון אברהם חיים מיט אייגענע הענט אַריינגעלייגט דאָס געלע זאַמד, וואָס איז אויסגעגראָבן געוואָרן פון אַ יסוד ווו ס׳איז געבויט געוואָרן אַ ישיבה. אויב ס׳וועט אים עמעץ געבן פאַר דעם זעקעלע ערד צוויי קאַרטאָפל — וועט ער עס אָוועקגעבן. און איך ווייס דאָך, אַז דאָס איז ערלעכע ארץ ישראל־ערד. אפשר קען איך אים העלפן? אויב נישט מיט קיין קאַרטאָפל, אפשר מיט אַ מייערל, אָדער אפילו אַ רעטעך. ס׳וועט גוט זיין, אויב ער וועט קאָכן אַ רעטעך־זופּ — אויב ס׳וועט זיין אַ רעטעך.

כ׳האָב אַ ציטער געטאָן. ניין נישט אין יענער אייביקייט. איצט שטייענדיק ביי דער האַרטער, שטיינערנער וואַנט אין דער היץ פון זומער, האָב איך אַ ציטער געטאָן פון קעלט. די זעלנער האָבן שוין פאַרטיק געמאַכט די בינע. איצט זענען אין אָפענעם שטח געשטאַנען מיליטערישע אויטאָס און די זעלנערישע מחנה איז

געוואַקסן. כ׳האָב געזען דעם שטיינערנעם מאַן אויך אַ ציטער טאָן, און ווי אַ נעפּל איז ער צערונען, גלייך ווי ער וואָלט צוריק אַריין אין דער וואַנט אַריין. אָבער כ׳האָב באַוויזן צו פאַרשטיין זיין אופן פון טראַכטן. ס׳איז געווען דערין אַ דאַנקבאַרקייט פאַר עפּעס, וואָס איך האָב געטאָן פאַר אים אין דער פאַרגאַנגענהייט, כאָטש דערמיט האָב איך זיך פאַרזינדיקט.

ערשט איצט האָב איך זיך דערמאָנט, אַז דעמאָלט האָב איך מיך געמאַכט נישט פאַרשטיין מיין חברס בקשה. ס׳האָט מיך נישט אָנגערירט. איך האָב אים געלאָזט מיטן זעקעלע ערד אין דער האַנט און בין אַוועק מיט מיין זעקעלע גרינצייג, צו די אַכט מענטשן, וואָס האָבן געהונגערט אין אונדזער שטוב.

ס׳וואָלט דעם קראַנקן ברודער סיי־ווי נישט געהאָלפן. אַזאַ ביסל זופּ וואָלט אפשר פאַרלענגערט זיין קראַנק לעבן מיט נאָך עטלעכע שעה, מער נישט.

אָבער די ערד האָט מען אים דערפאַר אונטערגעלייגט צוקאָפּנס אין קבר. אָט אַזאַ זכיה האָט דער ברודער געהאַט — אַן אייגן קבר מיט ארץ ישראל־ערד פון ירושלים צוקאָפּנס. אברם חיים — האָט דאָס שוין אויך נישט באַקומען. איצט, אַז איך בין געקומען אַהער צום כותל, האָב איך דעם ברודער געזען. אָט אַזוי וואָלט ער אויסגעזען הייַנט, ווען ער וואָלט נישט אויסגעלאָשן געוואָרן אין יענער אייביקייט. ער איז געווען בעסער פון מיר. ער איז כאָטש געקומען מיר אויפקלערן פאַר וואָס כ׳האָב נישט זוכה געווען צום ציטער בעת מיין ערשטן באַריר מיטן כותל.

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך

### יידיש — אין ירושלימער פאָלקס־אוניווערסיטעט

דער ירושלימער לערן־צענטער פאַר דערוואַקסענע בשותפות מיט עירית ירושלים (קולטור־אָפּטיילונג) און דעם מיניסטעריום פאַר דערציונג און קולטור האָט אָנגעפאַנגען זיין פרילינג־סעמעסטער (פעברואַר—אפּריל) 1977.

שוין דעם צווייטן סעמעסטער ווערן צווישן אַנדערע געגנשטאַנדן פאַרגעזעצט די קורסן פון **העברעישער און יידישער ליטעראַטור**, ווי אויך **יידישע שפּראַך**. אויף דעם יידיש־קורס לערנען זיך 25 תלמידים. דעם קורס לייענט **פּראָפעסאָר סאָל ליפּצין**. פּרטים קאָן מען זיך דערוויסן ביי פּראָפ׳ **שרה פעדער** און **ד״ר האַראָלד** קורי לויטן אַדרעס: **בית העם, האוניברסיטה העממית, רח׳ בצלאל 11, ירושלים**. מאָנטיק, מיטוואָך, דאָנערשטיק — פון 4 ביז 6.30 נאָכמיטאָג.

### שעפערישער אָוונט פון נחמן ראַפּפּ

אין יאַנואַר 1977 איז אין תל־אביבער הויז פון יידישן שרייבער־פאַראיין בית־לייוויק פאַרגעקומען אַן אָוונט געווידמעט דער פּאָעזיע און פּראָזע פון **נחמן ראַפּפּ**.

מיט הויכע אָפּשאַצונגען פון ראַפּפּס תנ״כישע דערציילונגען איז אַרויסגעטראָטן אין זיין אַריינפיר־וואָרט רעדאַקטאָר **מרדכי צאַנין**.

אַ ברייטערע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם שרייבערס לידער און פּראָזע האָט געגעבן דער דיכטער **יצחק יאַנאַסאָוויטש**.

נחמן ראַפּפּ האָט געלייענט לידער און אַ פראַגמענט פון זיין פּראָזע־בוך ״אויפן וועג צום אַלטן מאַן״. די יידישע אַרטיסטין שורע גרינהויז האָט רעציטירט דעם דיכטערס באַלאַדן און אַ טעאַטער־מאָנאָלאָג.

## לייב מאָרגנטוי

## דערוואַכונג

ערד
איך האָב אַ שלונג געגעבן דעם ערדער ווינט
און האָב זיך, ווי מיט קוואַל־וואַסער פאַרכלינעט.
געברענט דער מדבר האָט אין פלאַמיקן חמסין,
דער הימל האָט זיך געל און גרוי געמינעט.

און אָפּגעאָטעמט האָב איך לייכט פון שווערן וועג
און האָב דעם גרויען שטויב אַראָפּגעטרייסלט
פון מיינע קליידער, און פון בליק די שרעק,
צוגלייך דערמיט — די מידקייט און דעם צווייפל.

און וווּנדער, זע אין שאַרפער מדבר־היץ —
אַ פרישער, אַ מחיהדיקער אינדזל,
כאָטש דורשטיק ליגט די ערד, פאַרשמאַכט און וויסט,
קיין גרעזעלע, קיין סימן פון קיין גרינס דאָ.

אַ זאַפטיק צווייגעלע דאָ זען — דאָס האַרץ עס גאַרט !
אַ בלימעלע — אַ טרוים נישט צו דערגרייכן.
נאָר צריפים־שייבלעך שמייכלען היימיש־צאַרט, —
פון לעבן און געמיטלעכקייט אַ צייכן.

און מענטשן־מי דערציילט אייך טראָט נאָך טראָט :
דאָ וועט נאָך זיין פון שענסטן און פון בעסטן !
דאָ גרינען וועט אַ פאַרק, דאָ בליען וועט אַ שטאָט,
וואָס וועט מיט תל־אביב זיך נאָך פאַרמעסטן !

און דאָ וועט זיין אַ וואַלד, אַ פרדס און אַ סאָד,
מיט בלומען וועלן מיר דאָס לאַנד פאַרפלייצן !
צום לעבן עס דערוואַכט דער מדבר פון זיין שלאָף
און געבן וועט ער וויין און פרוכט און ווייצן.

אַ ליבשאַפט כ׳האָב דערשפּירט, וואָס וואַרעם שטראָמט און שפּאַרט
פון אָפּענע און גאַסטפריינדלעכע טירן.
אין וויסטן נגב־זאַמד עס וואַקסט אַ שטאָט : ערד,
מיט וועלכער אונדזער היימלאַנד וועט שטאָלצירן !

# דזשעסי כהן *

אַט ערשט ניט לאַנג שאַקאַלן פלעגן וואָיען
אין זאַמדן־וויסטעניש פון דזשעסי־כהן,

איצט לאַכן קינדערלעך און ס׳זינגען פרויען
אין טעג און אָוונטן אין דזשעסי־כהן.

און פון באַגינען רוישן דאָ מאָטאָרן
פון בוי־מאַשינען און פון ריזיקע טראַקטאָרן,

וואָס רייסן זאַמד־בערג אויף, צעקרישלען סקאַלעס,
אַז ס׳ציטערן פון נאָנטן ים די כוואַליעס.

עס וואַקסן צריפים דאָ, מ׳בויט שאָסייען,
און ס׳רייסן זיך צום הימל העלע בלאָקן־רייען,

און גראָזן גרינען שוין און גערטלעך בליען,
און יונגע ביימלעך צו דער זון זיך ציען.

די שאַרפע זון־שטראַלן פאַרווישן שטיל די טרערן
פון שווערן היינט און טרויעריקן נעכטן.

נאָך זענען שטיבלעך דאָ, ווו ביי דער שיין פון זונען
עס שרייט די נויט אַרויס, ווי פון אַ טיפן ברונעם.

נאָר ס׳וואַקסט די האָפענונג אַ לויטערע צום הימל
פון יעדן נייעם הויז, פון יעדן פרישן בלימל.

די גאַסן־הענדלער שרייען: ״אַלטע זאַכן!״...
און ס׳קלינגען אין די געסלעך הונדערט שפּראַכן.

נאָר נישט קיין בבל־טורעם בויט מען דאָ אַ פרישן
און קיינער וועט די שפּראַכן נישט צעמישן.

איין שפּראַך פאַרשטייען אַלע, ס׳איז די שפּראַך פון ווילן:
אַ היים צו בויען און אַ היים צו פילן,

---

* אַ ביי־זיך־בויענדיקע געגנט פאַר פריש־געקומענע עולים — אין חולון.

אַז אונטער פיס זאָל זיין דער באָדן זיכער:
עס זאָל דאָס האַרץ נישט פלאַטערן אין יעדן וויכער.

עס וואַקסט אַ נייע געגנט אונטער הימלען בלויע,
אַ זוניק אינדזל צווישן זאַמדן — דזשעסי־כהן.

## וואָס קען וואַקסן אָן רעגן?

איך שפּאַן צווישן שטיינער — אויף זאַמדיקע וועגן
און זינג זיך דאָס ליד: "וואָס קען וואַקסן אָן רעגן?"

איך קוק און איך טראַכט, וואָס קען בליען און גרינען
אין מדבר אין וויסטן — אין פלאַם פון חמסינען?

און פּלוצים — אָ זע, צווישן בערגלעך, ווי סטויגן,
אַ פלאַם אַזאַ גרינער בליצט אויף פאַר די אויגן.

איך קלעטער און שטיק זיך מיט אָטעם דעם הייסן,
און אָט — איז אַ שפּע פון גרינע פּרדסים.

אויף צווייגן, וואָס זוניק מיט ליכט זיך פאַרכלינען,
עס פלאַקערט דאָס גאָלד פון מאַראַנצן, ציטרינען.

און זאַפטיקע באַרן, און עפּל, און פלוימען,
וואָס שטיפעריש לאַכן אין זוניקע רוימען.

איך גיי אין דער חמימה מיט פרייד זיי אַנטקעגן,
באַוווּנדער דעם נס: ווי קען וואַקסן אָן רעגן?...

און כ'ענטפער זיך: יאָ, עס קען וואַקסן און גרינען
אין יידישן לאַנד אויך אין פלאַם פון חמסינען,

ווייל מענטשלעכע פּראַצע, וואָס באָדט זיך אין שווייסן
באַפרוכפּערן וויסטעס און זומער דעם הייסן.

איצט זע איך שוין בולט און דאַרף מער ניט פרעגן.
ס'ווערט קלאָר מיר דאָס ליד: "וואָס קען וואַקסן אָן רעגן?"...

## מנחם סטעמפּל

# טריקענע הימלען

די זון איבער ליידיקע הייזלעך ווי ברענענדיקער דאָרן,
הייסע ווינטן צעהאַנגען איבער טאָל און בערגל —
הייבן מיר אונדזערע הענט ווי צעשפּילטע פליטן צו דיר.
מיר נייגן אונדזער שטערן צו דיינע הייליקע פיס,
שוין חדשים קיין רעגן נידערט נישט,
שפּרייט אויס דיין שוואַרצע ציגענע אַבאַיע איבער פאַרטריקענטע
הימלען —
זאָלן געזעטיקטע וואָלקנס זיך אָנטראָגן,
פּיל־אָן איינגעדאַרטע לאָגלען מיט וואַסער,
לעש דעם דורשט פון אונדזערע צונגען,
דעם דורשט פון קעמלען, שאָף, קי און רינדער
לעש דעם דורש פון דער ערד.
אויסגעטריקנט זענען די פעלדער
די טריט פון אונדזערע סטאַדעס — פאַרחלשטע אין זאַמד —
לעקן זיי מיט צונגען הייסע ערד
און רעווען אַ שטים געוויין צו דיר.
הייבן שטימע מיילער צו דיין גרויסער גנאָד —
אַזוי האָט דער מאַעדזין אויף דעם טורעם פון מעטשעט
האַנט ביי אויער אויסגעזונגען דעם צער פון זיין עדה,
און געקייקלט זיין שטים
צו די הייליקע פיר ווינקלען פון דער וועלט. —

פון ליימיקע הייזלעך, שוואַרצע געצעלטן
טראָגט זיך אַ געיאָמער,
ווייבער קלינגען מיט די מיילער אַ צעצויגען געזאַנג,
קלאַפּן אויף בלעכן,
קלינגען מיט מטבעות וואָס הענגען אויף פּנימער
צו דערוועקן דיין גרויס רחמים —
פאַלן סטאַדעס פאַרמאַטערטע צו דער ערד
דער הונגער שניידט מיט זיין חלף איבער העלדזער —
הייבן פאַרגלייזטע אויגן

צו די פּאַלעס פון דיין אַבאַיע —
ליגן סקעלעטן פון קעמלען, קי און שאָף,
גלאַנצן ווייסע ביינער אין דער זון
אַ רויב פאַר פויגלען און שאַקאַלען. —

פון ליימיקע הייזלעך, שוואַרצע געצעלטן
זענען אַרויס די עלטסטע פון דער עדה,
רויטע גאַרטלען אַרום די לענדן
ווייסע טיכער אַרום די קעפּ,
און רעדן צו די הייליקע פיר ווינקלען פון דער וועלט:
גענוג געליטן!
עס הענגט איבער אונדז די זון ווי אַ צעגליטע פויסט,
מיר האָבן נישט קיין כוח צו טראָגן אונדזער פּיין,
מיר פאַרלאָזן אונדזער היים,
מיט גרינגע פיס וועלן מיר לויפן פאַר דיין צאָרן,
טעג און נעכט זיך וויגן אויף די האָרבן פון די קעמלען
דורך מדבריות און הייסע ווינטן
ביז דיין צאָרן וועט זיך שטילן,
ביז עס וועלן זיך עפענען די קוואַלן,
און די וואָלקנס וועלן זיין פול
ווי די אייטערס ביי קי אין אַ גוטער פּאַשע —
אַזוי רעדן זיי, טאָפּטשען מיט די פיס
ברעכן זיך די הענט,
פאַרנייגן דעם שטערן קיין מעקאַ,
פאַרדעקן די פּנימער מיט ווייסע טיכער
און פאַלן צו דער ערד מיט אַ געיאָמער. —

ליימיקע הייזלעך, שוואַרצע געצעלטן
לאָדענען זייער האָב און גוטס אויף אייזלען און קעמלען,
אַנגעלאָדנט און צוגעבונדן לאָזן זיי זיך אין וועג —
אין דאָרף איז קיינער נישט געבליבן,
יונג און אַלט, ווייבער און קינדער —
אַלע וויגן זיך אויף די האָרבן פון די קעמלען
פאַרגיין אין אַ מאָנאָטאָן געזאַנג. —
ווייבער קלאָגן מיט די מיילער צום טרויעריקן גאַנג —
ביז עס וועט זיך נישט שטילן דיין צאָרן
וועלן מיר נישט צוריקגיין אַהיים —

די עלטסטע פון די שכנישע דערפער
זענען זיי פאַרלאָפן דעם וועג, געטאַנצט מיט שווערדן און געזאָגט:
גייט צוריק אין אייער היים
אַללאַ איז פול מיט רחמים
ער וועט גלויביקע נישט פאַרלאָזן —
אין אונדזער דאָרף הענגט אַ שוואַרצער וואָלקן
אויף דעם טורעם פון מעטשעט. —

מיט געזאַנג און טענץ
איז דער קאַראַוואַן געגאַנגען צוריק אַהיים,
ווייבער קלינגען מיט די מיילער אַ צעצויגן געזאַנג,
קלאַפּן אויף בלעכן
קלינגען מיט מטבעות וואָס הענגען אויף פּנימער,
טראָגן אויף די קעפּ
ערדענע טעפּ
מיט די מיילער אַרויף צום הימל —
און וואַרטן אויף רעגן.

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך

### גרויסער ליטעראַריש קינסטלערישער אָוונט אין קיבוץ עין השופט

אַ פּאָר שעה פאָרן קיין חיפה אין דער ריכטונג צו די זילבער־בלויע מנשה־בערג שפּרייט ער זיך, דער קיבוץ "עין השופט". היי־יאָר וועט ווערן 40 יאָר זינט אַ גרופּע חלוצים פון פּוילן און אַמעריקע האָבן אָנגעהויבן אויסצוקאָר־טשען די שטיינער און פאַרוואַנדלען די וויסטעניש אין פעלדער, גערטנער און געדיכטע וועלדער, וועלכע רינגלען איצ־טער אַרום איינעם פון די שענסטע און רייכסטע קיבוצים אין לאַנד...

דעם 9טן פעברואַר 1977 איז דאָ פאָר־געקומען אַ גרויסער אָוונט געווידמעט דער יידישער ליטעראַטור, מיט דער באַ־באַטייליקונג פון דיכטער געוועזענע עור־לים פון סאָוועטן־פאַרבאַנד און איצטיקע תושבים פון ירושלים — **רחל בוימוואַל, זיאַמע טעלעסין און יוסף קערלער.**

העכער 400 חברים פון קיבוץ, ווי אויך געקומענע פון חיפה און אומגעגנט האָבן זיך צונויפגעקומען אויף דער באַגעג־ניש מיט די ירושלימער דיכטער.

מיט האַרציקע באַגריסונגס־ווערטער האָט געעפנט דעם אָוונט איינער פון די פאַרדינסטפולע גרינדער פון קיבוץ, דער ליטעראַטור־ און קולטור־טוער **יהודה יאַבלאָנקאַ.**

יוסף קערלער האָט פאַרגעלייענט אַ רעפעראַט "צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין ס"פ".

דער עולם האָט מיט גרויס אינטערעס און שפּאַנונג אויסגעהערט די נייע ווערק, מיט וועלכע עס זענען אַרויסגעטראָטן די דיכטער. מע קאָן מיט רעכט זאָגן אַז כמעט יעדער דורכגעלייענטע ליד האָט אַרויסגערופן אַ באַגייסטערטן אָפּקלאַנג און הייסע אַפּלאָדיסמענטן...



יעווגעני אַבעזגאוז יהודית (אייל)

יהושע וויגאָדסקי

# אַ פּענצטער

ער האָט אים אָבסערווירט דעם גאַנצן פרימאָרגן פון יענער מינוט, ווען ער האָט נאָכן אויפוועקן זיך פון שלאָף אַליין אָוועקגעזעצט זיך אָן קיינעמס הילף און אויסגעצויגן די האַנט נאָך דער גלאָז וועלכע איז געשטאַנען אויפן נאַכט־טישל. ער האָט געטרונקען מיט הפסקות, אַוועקגעשטעלט און ווידער גענומען דעם כוס, ווי ער זאָל הנאה האָבן פון בלויזן אויספירן די דאָזיקע באַוועגונגען. מער פון אַלץ האָט ער פון דעם דאָזיקן פאַרגעדענקט די אויסגעצויגענע האַנט, מיט וועלכער ער האָט פאַרריכט דעם קאָץ אויף די פיס, און דערנאָך זיין אויס־גלייכן דעם קערפּער און זיך אויסציען אָן שום אָנשטרענג און אָן שום הילף מצד דער שוועסטער. און אים האָט די שוועסטער פאַרריכט דאָס געלעגער, געקאָרמעט, געוואַשן און איבערגערוקט דעם אומבאַוועגלעכן קערפּער, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט. ער האָט אויסגעמיטן דער שוועסטערס בליק. טייל מאָל האָט ער אויפ־געכאַפּט אירן אַ גנעדיקן שמייכל, מיט וועלכן זי האָט, זעט אויס, געוואָלט אים באַפרייען פון בושה. ער האָט אויך געקאַנט דעמלט דורך איר זיך באַוועגנדיקן אָרעם אָבסערווירן דעם צווייטן. ער איז געלעגן רויק, ווען מען האָט אים אָן אומבאַוועגלעכן און גלייך ליגנדיקן אַרויסגעפירט פון צימער צוזאַמען מיטן בעטל. ער האָט אַלע טאָג דורכגעמאַכט די זעלבע רייזע — דאָס בעטל האָט מען אַריינ־געשטעלט אין ווינדע און דערנאָך שוין אויפן פּאַרטער געפירט דורך לאַנגע קאָרי־דאָרן, שפּעטער דורך אַ פרייען פון זון באַלויכטענעם שטח און ווייטער דורך אַ גאָרטן אונטער זיך ווינגדיקע צווייגן, וועלכע האָבן פאַרהאַלטן די זון און דורכ־געלאָזט בלויז אַ שיין. "ווי עס שמעקט דאָ" — די דאָזיקע מינוטן האָבן אים אויך מזכה געווען מיט שטילע זשומען און גערוישן. נאָך דעם איז ער געלעגן אונטער אַפּאַראַטן, אויף באַפּעל איינגעהאַלטן דעם אָטעם, אויף באַפעל טיף גע־אָטעמט. שפּעטער האָט מען אים ווידער געפירט מיטן זעלבן וועג, דורך די זעלבע קאָרידאָרן, ווו זיינע בליקן זענען געווען איינגעגראָבן אין די ווייסע אויבערפלאַכן פון די סופיטן. "דער וועג דורך די סופיטן" — האָט ער אַ נאָמען געגעבן דעם אַפּשניט, איידער מען האָט אים אַריינגעפירט צוריק אין צימער מיטן אויסבליק פון דער טיר צו אַ פּענצטער, לעבן וועלכן עס איז געשטאַנען דאָס בעטל פון צווייטן. "איצט וועסטו שלאָפן" — האָט געזאָגט די שוועסטער. "יאָ" — האָט ער אַ מורמל געטון און אין זיך האָט ער געטראַכט: "און איצט וועל איך מאַכן

אַ רייזע דורכן גאָרטן". "רו זיך אָפּ" — האָט די שוועסטער געזאָגט. "איך שלאָף שוין איין" — און ער האָט ווידער דערזען די שיין, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך די צעוויגטע בלעטער פון די ביימער, דורך וועלכע מען האָט אים נאָר וואָס דורכגעפירט. "ווען וועלן מיר פאָרן אויף דורכלויכטונג" — האָט ער געפרעגט. "מיר זענען דאָך נאָר וואָס געווען, געדענקסט נישט ?"

ער איז פאַרזונקען אין שלאָף און געהערט דאָס פּיבערדיקע פּלאָנטערן זיך פון די בלעטער, ווי דעמלט, ווען מען האָט נידעריק אָוועקגעלייגט זיין קאָפּ אויף דעם קווער אָוועקגעשטעלטן בעטל און ער האָט דערזען זיינע פאַרגיפּסעטע פיס, ווי אָנגעטאָן אין שטיוול מיט ווייסע כאָלעוועס. עס האָט אים גאָרנישט וויי געטאָן, נאָר דער שטאַרקער גערויש אין קאָפּ... פאַרנאַכט־צו, ווען אויף די קאָרידאָרן האָט זיך איינגעשטעלט די באַוועגונג, איז געקומען זיין פרוי, אָוועק־געשטעלט זיך אין דער טיר און באַשענקנדיק אים מיט אַ ליבלעכן שמייכל, גע־פרעגט ווי ער פילט זיך. "גוט". "האָסט נישט קיין ווייטיקן ?". "ניין". "איז גוט". "ווילסט זיך נישט אָוועקזעצן ?" — האָט ער געפרעגט, אָנווייזנדיק מיטן בליק אויף דער שטול לעבן בעט. "ס'איז נישט דערלויבט קיין סך צו רעדן". "דאָס מאַטערט מיך נישט". "אָבער דער דאָקטער האָט געזאָגט אַז..." "און וואָס נאָך ?" "אַלץ איז אין אָרדענונג". "אַזוי מיינסטו ?". "זיכער".

אין איינעם אַן אָוונט האָט ער געזאָגט: — ווייסטו, איך טראַכט אָן אויפהער וועגן ביימער.

— וועגן ביימער ?

— יאָ.

— פאַרוואָס ?

— ווען איך זאָל וויסן.

ער האָט אָפּגעהאַקט און אַ קוק געטאָן אויף דעם בעטל פון צווייטן. ער איז געלעגן האַלב צוגעדעקט מיטן קאָץ מיט די פּלייצעס צו די רעדנדיקע. ער האָט צוגעגעבן:

— אויך דאָרט אין מתים־שטיבל האָב איך געטראַכט וועגן הייזער.

— אין וועלכן מתים־שטיבל ?

— אין דער ערשטער נאַכט, און אפשר נישט אין דער ערשטער, נאָר אין דער צווייטער.

— ביסט נישט געווען ביים באַוווסטזיין און האָסט נישט געקאָנט וויסן, וועלכע נאַכט.

— מעגלעך, אַז איך האָב ווירקלעך נישט ריכטיק אויסגערעכנט, נאָך דעמלט, ווען איך בין געלעגן אין מתים־שטיבל.

— ביסט נישט געלעגן אין קיין שום מתים־שטיבל, האָט זי אים מילד איבער־געריסן.

— דו ווייסט נישט.

— כ'בעט דיך, באַרויק זיך.

— דאָס איז געווען אַ מתים־שטיבל, איך האָב באַדאַרפט דאָרט שטאַרבן.
— מיין ליבער, וואָס רעדסטו ?
דער צווייטער האָט זיך אַ באַוועג געטאָן אויפן בעט און זיי האָבן נישט געוווסט, צי ער גיט נישט אָנצודייטן, אַז ער שלאָפט נישט און הערט זיך צו צו דעם שמועס.
— דאָרט איז געלעגן נאָך איין זעלנער, ער און איך, און יעדעס מאָל, ווען די שוועסטער האָט זיך דערנענטערט צו זיין בעט, האָט זי געזאָגט צו עמעצן אין שכנותדיקן צימער : "ער האָט ווידער געמאַכט אונטער זיך".
— ווייל ס'איז זיכער אַזוי געווען.
— ווייל אין דעם צימער האָט מען אַריינגעלייגט אַזעלכע, וועלכע האָבן באַדאַרפט שטאַרבן, און איך בין אויך דאָרט...
— אָבער ביסט דאָך דאָ און עס ווערט דיר אַלע מאָל בעסער.
— איך רעד נישט וועגן דעם.
— נאָר וועגן וואָס ?
— דאָרט האָב איך אָן אויפהער געהערט אַ גערויש פון בלעטער און אַ שאָרכן פון גראָז.
— אַ ביסל אויסטערליש.
— ווען מען פירט מיך אויף רענטגען, פאָרן מיר פאַרביי אַ גאָרטן.
— רעד נישט, רו דיך אָפּ.
— הער, חנה.
— איך הער דיך.
— צו וועל איך נאָך אַ מאָל זעןביימער ?
— אַ לעכערלעכע פראַגע, און כדי אים אָפּצוווענדן פון די דאַזיקע ביימער, האָט זי אַ זאָג געטאָן : מען קלייבט זיך דיך באַזוכן.
— ווען ?
— אין גיכן. איצט איז אין קיבוץ פאַראַן שרעקלעך אַ סך אַרבעט.
— גריס אַלעמען.



דער צווייטער האָט צוריקגעקערט צום געזונט. די שוועסטער, וועלכע האָט ערשט נישט לאַנג אים געפירט אויף אַ וועגעלע אין נאָענטן פּאַוויליאָן, האָט געמאַכט מיט אים איבונגען אויפן קאָרידאָר. דערנאָך האָט ער זיי זיך אויסגעלערנט און זיי אַליין געמאַכט אין צימער. ער איז נאָך געגאַנגען פּאַמעלעך, פאָרזיכטיק, מיט דריבנע טריט.
אין איינעם אַ טאָג האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט ביים אָפענעם פענצטער און ווען ער האָט זיך אויסגעדרייט, האָט אַ שמייכל געשפּילט אויף זיין פּנים. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, און דער צווייטער האָט געזאָגט : — דאָס איז אַ דאַנק הדסה'ן. זי איז אָן אויסערגעוויינלעך מיידל, אַדאַנק איר הילף, גיי איך.

— מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דו ביסט געווען אומגעדולדיק בעת די איבונגען.

— איך ?

— אַזוי האָט זיך מיר געדאַכט, ווי דו וואָלטסט גרינגעשעצט אירע אָנ־ווייזונגען.

— האָסט עס באַמערקט ?

— זיכער.

— ווייל אַזוי איז עס געווען.

— זי איז שיין.

— אויך איך האָב אַזוי געטראַכט.

— און ס׳איז נישט אַזוי ?

— ווייסט, אַז אַ מענטש ליגט, זעט ער אַנדערש.

— מיינסט אַזוי ?

— איך האָב זיך אין דעם איבערצייגט. ווען איך בין געלעגן, האָט הדסה׳ס געזיכט מיר אויסגעזען ווי דאָס פּנים פון אַ מלאך.

— און איצט ?

— איצט, אַז איך קוק אויף איר זיצנדיק, זעט מיר אויס איר פּנים לענגלעך און די נאָז אויך נישט אַזאַ...

— אָבער די האָר ?

— אַ גאָלדענע קאַסקע.

— זעסט שוין.

— אַ בלאָנדינקע אויף אַ פּוסטן אינדזל — האָט זיך דער צווייטער געוויצלט. און אין אַ ווײַלע: איך האָב זיך צוגעהערט צו דעם שמועס מיט דיין פרוי.

— זי איז נישט קיין בלאָנדיקע.

דער צווייטער האָט זיך צעלאַכט און גלייך צוגעגעבן:

— איך האָב געהערט, ווי דו האָסט גערעדט וועגן ביימער.

— יאָ, האָסט נישט קיין באַגריף, ווי זיי פאַרפאָלגן מיך.

— פאַרפאָלגן ?

— כ׳האָב אין קאָפּ אָן אויפהער אַ גערויש פון בלעטער.

— דיין געהער איז דאָך זיכער נישט באַשעדיקט ?

— וואָס רעדסטו ? איך הער אויסגעצייכנט.

— וועסט זיך אויף די ביימער דערוואַרטן.

— נאָר ווען ?

דער צווייטער האָט זיך דערנענטערט צו זיין בעט און ווי אַ מענטש, וואָס ווייסט זיך אויף די זאַכן, האָט ער געוואָרפן אַ בליק אויף דער טעמפּעראַטור־פאַרצייכענונג אין מעטאַלענעם רעמל, וואָס איז געהאַנגען צופוסנס פון בעט.

— האָסט אין גאַנצן נישט קיין היץ.

— איך ווייס.



אוונט־צו זענען די קיבוצניקעס, ווי שטויסנדיק זיך אין אַן ענג געסל, שטיין געבליבן אין דער אָפענער טיר און די פרוי האָט פון דער זייט אָבסערווירט נישט דעם מאַן, נאָר די געקומענע, ווי זי זאָל אין זייערע בליקן זוכן אַ באַשטעטיקונג פון דער גוטער ידיעה, וועלכע זי האָט געבראַכט אין קיבוץ.

— נו, ווי גייטס ?

— אין אָרדענונג — האָט געענטפערט דער פאַרוווּנדעטער.

— וועסט אין גיכן שוין קומען.

— זיכער, נאָר עס וועט נאָך דויערן אַביסל. אַ האַלב יאָר, אפשר אַ יאָר...

— אָט האָט איר נאָך אַ נביא — האָט זיך אָנגערופן אַ יונג, וועלכער איז געשטאַנען אָנגעשפאַרט אין דער טיר — נתן — האָט ער עמעצן אַ זוך געטאָן מיטן בליק און געפינענדיק אים געזאָגט:

— פאַרשרייב אים אויף דער רשימה פון די נייע נביאים.

— די אמתע, די פאַלשע ?

— נאָך איינער אַ פאַלשער ? דאַרפסט האָבן נאָך איינעם ?

— ס'וועט שוין סטאַיען — האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער.

— איך וואָלט שוין געוואָלט זעןביימער — האָט געזאָגט דער פאַרוווּנדעטער.

— וואָס האָסטו זיך פאַרזעצט אויף די ביימער ? — האָט געזאָגט דער יונג — חנה האָט אונדז דערציילט, אַז דו האָלטסט אין איין רעדן נאָר פון ביימער און ביימער.

— כ'האָב זיך פאַרבענקט.

— נאָך אַ יאָר אין סיני קאָן מען זיך פאַרבענקען נאָך ביימער — האָט דער יונג געזאָגט.

— נאָך אונדז בענקט ער נישט, נאָר נאָך ביימער — האָט זיך אַריינגעמישט אַ פרוי מיט אַן אָפּגעברענט פנים פון דער זון, און צוגעגעבן ווי מיט אַ פאַרוווּרף: — פעלט ביימער ביי אונדז ?

— אָבער דאָ — האָט דערווידערט דער פאַרוווּנדעטער.

— און מיט אַ פאַנטאַן אין דער מיט פון צימער — האָט געזאָגט דער יונג און זיך טומלדיק צעלאַכט.



דער צווייטער איז אַ גאַנצן טאָג געשטאַנען ביי דעם פענצטער און דעם ליגנדיקן האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס ציט פון דאָרט אַ שמעקנדיקע לופט, ווירבלדיקע שטראָמען פון ריחות. צייטנווייז זענען צו אים דערגאַנגען קינדערישע קולות. אַמאָל האָט זיך אויך אַריינגעריסן אין צימער אַ גערוך פון סמאַלענעס, אַ פעטער, געדיכ־

טער, ווי נאָכן פאַרבייפאָרן פון אַ טראַקטאָר. שפּעטער, ווי קלעטערנדיק איבער אַ שיפּוע, האָט ווידער אַדיינגעדרינגען דאָס שמעקנדיקע.

— וואָס זעט מען דורך דעם פענצטער ? — האָט ער אַ פרעג געטאָן דעם צווייטן.

— דורך דעם פענצטער — האָט דער צווייטער איבערגעחזרט ווי איבער־ראַשט פון דער פראַגע — גאָרנישט.

— וואָס הייסט גאָרנישט ?

— ווייס איך וואָס — האָט ער גרינגשעצנדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — אַ פּלאַץ.

— אַ פּלאַץ ?

— אַ פּלאַץ.

— אַ געוויינלעכער פּלאַץ ?

— אַ געוויינלעכער.

— מען הערט פון דאָרט קינדער־קולות.

— דער צווייטער האָט זיך אָפּגעקערט פון פענצטער און נישט אויסדרייענ־דיק דעם קאָפּ געזאָגט: — זיי שפּילן זיך, שרייען, ווי געוויינלעך קינדער.

— דאָרט שמעקט.

— פון ווען אָן שמעקט אַ פּלאַץ ? — האָט ער אָפּגעענטפערט, נישט אויס־קערעווודיק זיך.

— איך פּיל.

— דאָס איז פון די פּרדסים, ווען עס יאָגט אָן פון דאָרט אַ ווינטל.

— אַהאַ ! — און נאָך אַ ווײַלע: דיר איז גוט, דו גייסט שוין באַלד אַרויס פון דאַנען.

— אויך דיין ריי וועט קומען — און צו הדסה׳ן, וועלכע איז אַריינגעקומען אין צימער, האָט דער צווייטער געזאָגט: — שוועסטער, ער גלויבט מיר נישט, אַז פון דעם פענצטער זעט מען נישט קיין ביימער, נאָר אַ פּלאַץ.

הדסה איז צוגעגאַנגען נעענטער, זיך אומגעדרייט צום פאַרוווּנדעטן און געזאָגט: — ווי קומען אַהער ביימער ?

* *
*

דעם צווייטן האָט מען אויסגעשריבן. ער איז פאַרבליבן אין צימער אַליין מיט דעם פּוסטן בעט, וואָס מען האָט גלייך פאַרבעט, מיט דער נאַכט־שאַפּקע, וועלכע מע האָט גלייך צוגענומען, און מיט דעם פענצטער, לעבן וועלכן קיינער איז שוין נישט געשטאַנען. איצט האָט ער דייטלעכער געהערט די קולות אויפן קאָרידאָר און ביי נאַכט האָט ער זיך איבערגעוועקט אַ דערשראָקענער, דערמאָנענ־דיק זיך, אַז דעם לעצטן טאָג איז זיין פרוי נישט געקומען. „איך בין איינזאַם,

איך בין איינזאַם.״ פון פענצטער האָט געצויגן מיט פרישקייט פון דער נאַכט, ריחות פון פייכטקייט און געוויקסן און אַ רעשיק גרילצן פון גרילן. די פרוי איז געקומען פאַרנאַכט־צו דעם קומענדיקן טאָג און, זעענדיק ביים פענצטער דאָס פאַרבעטע געלעגער, האָט זי פריילעך געזאָגט:

— ווייסט, איך וויל בעטן מען זאָל דיין בעט איבעררוקן צום פענצטער, גוט ?

— צו וואָס ?

— וועסט זיין נעענטער... ווען דו וועסט אַראָפּ פון בעט, וועסטו האָבן אַ שיינעם אויסבליק.

— אַ פּלאַץ.

— וועלכער פּלאַץ ?

— דאָרט איז דאָך אַ פּלאַץ.

— ווער האָט עס דיר געזאָגט ?

— דער צווייטער, און הדסה.

— דאָרט זענעןביימער, אַ גאָרטן. איך פאַרשטיי גאָרנישט — האָט די פרוי זיך געוווּנדערט.

— זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָרט איז אַ פּלאַץ.

די פרוי האָט געשוויגן אַ ווייל דערשטוינט און דערנאָך געזאָגט:

— וועסט זיך אַליין איבערצייגן, אַז איך זאָג דעם אמת, נאָך אַ ביסל און וועסט זיך איבערצייגן.

— זענען דאָרט, הייסט עס, פאַראַן ביימער ?

— זיכער, איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס זיי האָבן דיר נישט געזאָגט דעם אמת.

נאָך אַ ווײַלע האָט דער פאַרוווּנדעטער געזאָגט:

— מיר דאַכט זיך, אַז איך פאַרשטיי...

יידיש: ד. ס.

**שלמה רויטמאַן**

# סאָנעטן

## פאָלקסטימלעך

ווו זענען יענע גלעקעלעך און פערד,
ווו זענען, מיידלעך, אייערע צעפּ, ווי קרוינען,
ווו זענען יענע וועגן אויף דער ערד,
ווו זענט איר מיינע יוגנטלעכע טרוימען,

ווו איז זי יענע ליד ? ווער וועט זי שוינען ?
און יענץ געלעכטער — ווו ? וואָס איז זיין ווערט ?
ניט פרעג, מיר זענען אַלע דאָך פאַרשווינען,
וואָס קיינער האָט צוריק זיך ניט געקערט.

די גלעקלעך זענען אָפּגעהילכטע יאָרן,
די מיידלעך — נאָר אַ ליבע אין זכרון,
די פערד — אַ וועג, וואָס מיר זענען פאַרפאָרן,

דער טרוים — אונטער די קאָפּיטעס פון פערד.
פון אַלץ, וואָס איז פאַרגאַנגען בלייבט דער טרויער,
און זיינע גלעקער קלינגען אין מיין אויער.

7.8.1976

## אַ קוש

ווי אויף אַ פידל, האָט אַ שפּיל געטאָן דיין קוש
מיר אויף מיין האַרצן מיט צוויי סמיטשיקלעך פון ליפּן.
וואָס איז דער חילוק ווער אויף ווען הענגט ווי פּלושטש,
אַז ס׳פּלעכטן, דוכט זיך, ווי די לאָזעס, אונדז די ריפּן;

נאָך מאָלט דער צער אונטער דיין אויג מיט שוואַרצן טוש
זיין ראָד, אַז דו זאָלסט יעדער פרייד אַריבערהיפּן,
נאָר אָנגעשפּיצט האָט שוין די ליבע יעדן חוש,
פאַר אירס אַ קנאָספּ אַ שטאָך צו טאָן מיט הונדערט שיפּן;

איז זי, ביי אונדז, די גראָווע לייט, ניט צו געוואַגט,
צי איז ניט זינדיק אָט דער ברויז פאַר אונדזער קעלטער,
צי הייבט ניט אויף זיך שוין דאָס מעסער און די האַק
די יונגע לאָזעס אויסשניידן ביי אונדזער עלטער?!
איז קוש, מיט סמיטשיקלעך פון ליפּן אויף מיר שפּיל,
אַ ליבע שפּילט מען דאָך, דער קוש פון טויט איז שטיל.
20.6.76

## פאַרהימלט

נו גיי דערצייל אַצינד, איז וועט מען לאַכן,
ווי איך נאָך דיינע טריט בין אויסגעגאַנגען,
כ׳בין ווי אַ הימל איבער דיר געהאַנגען,
קיין דונער אויף דיין קאָפּ ניט לאָזן קראַכן,

מיין האַרץ זאָל זיין דיין זון אויף אַלע שליאַכן,
ס׳זאָל גרינג זיין דיינע מיידלשע פאַרלאַנגען
דאָס טעלערל פון הימל צו דערלאַנגען,
מיין אויג זאָל ווי דיין שטערן דיך באַוואַכן.

כ׳האָב דיך געמאָלט אויף וואָלקנדלעך אויף ראָזע,
געזוכט דיך אונטער צעפּ פון דער בעריאָזע,

ביי פושקינען איך האָב דיך אויסגעלעזן,
דיך אָנגעטאָן אין שטערנדלעך פון בעזן.
גיי און דערצייל אַזוינס, איז וועט מען שפּעטן,
דערפֿאַר איך זינג, ווי ס'טוען עס פּאָעטן.
21.8.76

## פֿאַרשעמטקייט

איך בין נאָך אַזוי יינגלשדיק פֿאַרשעמט,
ווער בייגט עס מיך צו דיר אַזוי אַראָפּ ?
די ליבע האָט געגעבן אַ פֿאַרלענד
ווי ביי אַן אָקס מיין יוגנטלעכן קאָפּ.

מיין בליק איז מיט געבעט צו דיר געווענדט,
און כאָטש דיין האַנט מיט רוגזא שטויסט מיך אָפּ
און ס'טוט דיין אויג אַ מעסערדיקן בלענד,
נאָר אין דעם שניט זיך עפנט דאָך דיין גאָב,

און ווי דערנאָך ניט זיין זאָל גרויס דיין גנאָד,
און ווי ס'זאָל דיך ניט אויפשפּאַלטן דערנאָך
דיין ליידנשאַפט פֿאַר מיר ביז לעצטן קנאָך,

דו בלייבסט פֿאַר מיר פֿאַרמאַכטער פֿון אַ סוד,
ווייל אַלץ, וואָס כ'נעם ביי דיר, די ליבע נעמט.
כ'בלייב אייביק ווי אַ קינד פֿאַר דיר פֿאַרשעמט.

## זאָרג

ישׂראל, מיינע שלאָפלאָזיקע נעכט
ביסטו געוואָרן זינט דו ביסט געבאָרן,
דו לאָזט ניט רוען מיך און ביסט גערעכט,
ס'איז ווייטעקלעך דאָס גליק פֿון קינדער־יאָרן,

איך וואָלט געוואָלט אוודאי דיר פֿאַרשפּאַרן
דיין מאַזלען, פּאַקן, אויך דיין געלע זעכט,
נאָר יעדער שפּראָצנדיקער קנאָספּ דאָך ברעכט
זיך צאַרט אַרויס פֿון שטעכנדיקן דאָרן.

יאָ, נעבן דיר ניט גרינג איז מיין מחשבה,
נאָר גלייב, אַז ס'איז פֿאַר דיר מיר גאָר ניט שווער,
פֿון גרינעם קוסט ביז פֿעלדזן דיינע גראָווע

עס רודערט מיך דיין יעדער ווענד און קער,
דיין וואַקסן, און דיין אָטעם, און דיין האָפֿן, —
ווי קען מען ביי דיין וויג די נעכט פֿאַרשלאָפֿן.
31.7.76

## דער ישראלדיקער ווינט

ער אָטעמט שווער הייַנט, דער ישראלדיקער ווינט,
ער רייסט זיך ווילד ווי פֿון די וועלדער מיט יללות,
מיט אָט אַזעלכע עלנט־ברומענדיקע קולות
נאָר ווײנט אַ הערש, ווען עס צערייסן אים די הינט;

ווי גלייך דער אויפֿרייס פֿון גראַנאַטן זיין געהויל איז,
און אין זיין קול אַ מין געמיש זיך הערט אַצינד
פֿון שטילסטן קרעכץ ביי דעם אויף טויט־פֿאַרוווּנדעט קינד
ביז מוטער־גוואַלד, ווו הימלשרייענדיק דער גרויל איז;

אָט דרייט ער בלינד זיך, ווי אַ בלאָנדזשענדיקע רינד,
צי ווי אַ זעל אַ מין געטריבענע פֿון זינד,
און אָט צעשפּאַלט ער זיך אויף צווייען אין זיין ווייען,

ווי גלייך זיין וועסנע צו געבוירן דורך ווייען,
פּונקט ווי עה בענקט שוין, דער ישראלדיקער ווינט,
אין אַלע רוימען גוטע זוימען צו פֿאַרזייען.
8.6.76

מאיר חרץ

# קנוילן

## היידוקן

(מאָלדאָווישער מאָטיוו)

גערענקסטו, ברודער, די יונגע יאָרן,
מיר זענען היידוקן געווען,
די פּריצים זענען אין וואַלד געפאָרן
און האָבן אונדז נישט געזען.

מיר האָבן פאַר זיי זיך אויסבאַהאַלטן
ביים שמאָלסטן אָרט פונעם וועג,
דעם שפּייער האָסטו ווי אַ האַק געהאַלטן,
דאָס מעסער איך ווי אַ זעג.

און זענען זיי נענטער צוגעפאָרן,
מיר האָבן זיי אָפּגעשטעלט,
זיי האָבן געבעטן : שענקט אונדז די יאָרן
און נעמט אייך צו דאָס געלט !

מיר האָבן זיי אַלע מיט אונדזער וואָפן
ביז נאַקעט אויסגעטאָן,
זיי זענען גליקלעכע אַנטלאָפן —
די פּריצים אין הויזן סטאָן.

און נאָכגעלאָפן זענען די ווייבער,
דעריאָגן ניט געקענט
און וואָלטן היידוקן געווען שרייבער
מעט פענעס אין די הענט.

געהאַט וואָלט די וועלט שוין וואָס צו לייענען
און וואָס צו לאַכן געהאַט,

כאָטש ס'איז אַ מעשה אויף צו וויינען
און ניט קיין געלעכטער גלאַט.

מיר האָבן אין פאָלק צעטיילט די געלטער,
געווען איז ביים פאָלק אַ פרייד,
ביים פריץ זענען פאַרבליבן די פעלדער
און אַלץ האָט צוריק זיך געדרייט.

געדענקסטו, ברודער, יענע יאָרן,
מיר זענען היידוקן געווען,
די פריצים זענען אין וואַלד געפאָרן
און האָבן אונדז באַלד דערזען.

דאָס זענען געווען יונגע סאָלדאַטן
פאַר אַלטע פריצים פאַרשטעלט,
אַ רוח דער וועלט אין איר טאַטנס טאַטן,
מיר האָבן פאַרשפּילט די וועלט.

מיר זענען יאָרן אָפּגעזעסן
און נאָך דעם געזעסן אויף ס'ניי,
מיר האָבן דאָס קייט־אייזן אויפגעגעסן
און זענען אַרויס אויף דער פריי.

און ווידער זיך גענומען צום אַלטן
און ווידער היידוקן געווען
און ווידער אין וואַלד זיך אויסבאַהאַלטן,
סע זאָל אונדז קיינער ניט זען.

און זענען פריצים אָנגעפאָרן,
מיר האָבן זיי אָפּגעשטעלט,
זיי האָבן געבעטן: שענקט אונדז די יאָרן
און נעמט אייך צו אונדזער געלט!

מיר האָבן זיי אויסגעטון ווי צום שלאָפן
און נאַקעטע אָפּגעלאָזט,
זיי זענען גליקלעכע אַנטלאָפן,
ניט פילנדיק דעם פראָסט.

און נאָר אַ מיידל איז פאַרבליבן,
עס איז איר געווען קאַלט,
איז זאָל זי וויסן פון אַ לעבן,
אַ נאַכט מיט הײדוקן אין וואַלד.

ניטאָ שוין, ברודער, יענע יאָרן
מיט פריצים מיט זעק מיט געלט,
דער אוראַלטער וואַלד איז שטאָטיש געוואָרן
און שטאָטיש דאָס דאָרף און דאָס פעלד,

די וועלט איז שוין אַנדערש צוגעשניטן,
לויט גאָר אַן אַנדער פאַסאָן
און באַנק־רויבער האָבן אונדז פאַרביטן,
ווייל אונדזערס איז אָפגעטאָן.

## גזלנים

(יידישער מאָטיוו)

מיר זענען אַראָפּ פונעם וועג
און ווייטער, אָן וועג, געפאָרן,
אין וואָגן — אַ זאַק מיט אַ זעג,
אַ האַק און אַ ברויטל פון קאָרן.

מיר האָבן צעבונדן דעם זאַק,
די זעג פונעם זאַק פאַרוואָרפן,
מיר האָבן געלאָזט די האַק
די הענט זיך אָנצושאַרפן.

מיר זענען אַריין אין דער נאַכט,
צעטיילט צווישן זיך דאָס ברויטל,
מיר האָבן געוואַרט און געוואַכט,
געטראַכט אַלץ ווענען צו טויטן.

און אויף די פויסטן געשמאַק
מיר זענען אַנטשלאָפן געוואָרן,
מיר האָבן פאַר טאָג די האַק
פאַרוואָרפן און היימגעפאָרן.

## כ׳האָב געבלאָנדזשעט

כ׳האָב געבלאָנדזשעט צווישן קולות פון אַ פאָלק אַ שלעכטן,
ביז איך בין צוריקגעקומען צו מיין קול פון נעכטן.

ניט פאַראַן קיין שלעכטע פעלקער, ניט פאַראַנען,
היט מיך, גאָט, פון אָט די גוטע מיט דער הילף פון די מאַראַנען.

ברידער מיינע, אויסבאַהאַלטענע צדיקים,
כ׳האָב געבענטשט אייך, טייערע, גלייך ביי מיין צוריק־קום.

כ׳האָב געבראַכט זכרונות העלע פון גיהנום —
פייערלעשער מיט באַהאַלטענע פאַרלעש־מאַשינען.

ס׳איז אוודאי בעסער צווישן גוטע גויים
ניט צו זען דעם טייוול און ניט זאָגן קיין ויהי נועם.

קיינער קלייבט ניט אויס דאָס אָרט פון זיין געבוירן ווערן,
אָבער ווייַ איז דעם אויף אונדזער וועלט, וואָס לעבט ניט גערן.

אַלטע גראַמען און מחשבות ווי די וועלט און עלטער
ברענג איך אין מיין נייעם ליד פון אַ וועלט פון אַ פאַרשטעלטער.

## אַלץ ווי געווען

ער גייט ווי אַ גנב אַרויס פון איר הויז
און ס׳זעט ניט קיינער, ווי ער טראָגט אַרויס
ביי זיך אין האַרצן איר בילד פון דער וואַנט —
ער האָט פאַרקוועטשט זיין יידיקע האַנט.

איר בילד אויף דער וואַנט און איר לעבעדיק בילד,
דאָס ערשטע איז מילד און דאָס צווייטע איז ווילד,
דאָס ערשטע — פון יאָרן צוריק אַ קינד,
דאָס צווייטע — אַ זאַמלונג פון יאָרן מיט זינד.

ער גייט ווי אַ מערדער אַרויס פון איר הויז
און קיינער זעט ניט, ווי ער טראָגט אַרויס
איר לעבעדיק בילד אַ טויטס אין זיין האַרץ
און איבערגעדעקט אין גאַנצן אין שוואַרץ.

אַז קיינער ניט ויסן זאָל, וואָס ס'איז געשען,
פאַרבלייבט אין הויז דאָרט אַלץ ווי געווען,
איר בילד אויף דער וואַנט און איר לעבעדיק בילד —
דאָס ערשטע איז מילד און דאָס צווייטע איז ווילד.

## טו איך אָן

טו איך אָן דאָס תשובה־קלייד
און דאָס תשובה־היטל,
גיי אַריין אין תשובה־קלייט
זיך קויפן אַ גוט קוויטל.

מאָנט דער קלייטניק אַ מין פרייז
וואָס איז ניט צום צאָלן,
קויף איך איין זיך בעסער שפּייז,
שטייען פולע שאָלן.

האָניק אַ שאָל און מילך אַ שאָל
און אַ שאָל מיט מאָנדלען,
כ'האָב פאַר אַלע שאָלן באַצאָלט
די קלייטניקעס, וואָס האַנדלען.

נאָר קיין קוויטל ניט געקויפט,
ווייס איך ניט מיין גורל,
סיי ווי בלייב איך אַ בעל־חוב
פאַר ניט געקויפטער סחורה.

## דער קנויל

איך צי פון זיך אַרויס אַ פאָדעם
און וויקל אים צונויף אין אַ קנויל,
איך צי דעם פאָדעם מיט מיין אָטעם,
וואָס כ'אָטעם אַרויס פונעם מויל.

דער קנויל אין מיינע הענט איז שוין גרעסער
ווי פון אַ גאַנצער טשערעדע שאָף,
דער סאָרט פון דער וואָל פון מיין קנויל איז בעסער
פון סאַמע בעסטן געוועבטן שטאָף.

דער קנויל איז פאַרביק און וואַרעמט די בליקן
אין טעג פאַרוואָלקנטע, אָן זון,
מיין אָטעם און מיין בלוט איז פאַרוויקלט
אין אָט דעם קנויל, וואָס וואַרפט מיך אום.

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך

### אָוונט אין לייוויק־הויז לכבוד ירושלימער אַלמאַנאַך

מאָנטיק, דעם 31טן יאַנואַר ד.י. איז אין לייוויק־הויז פאָרגעקומען אַן אָוונט לכבוד "ירושלימער אַלמאַנאַך", וואָס ציילט שוין 7 נומערן און דער אַקטער מיט אָט דער נאָטיץ וועגן אָוונט איז אַקאָרשט אַרויס.

דער זאַל פון לייוויק־הויז איז געווען איבערגעפולט. עס זענען אויך געקומען פיל תל־אביבער יידישע שרייבער, סיי אַזעלכע, וועלכע באַטייליקן זיך אין אַל־מאַנאַך און סיי אַזעלכע, וועלכע קוקן זיך נאָך דערווייל אַרום און וואַקלען זיך, ווי אויך מיטאַרבעטער פון "לעצטע נייעס".

דעם אָוונט האָט געפירט דער שרייבער מרדכי חלמיש. עס זענען אַרויסגעטראָטן די רעדאַקטאָרן פון אַלמאַנאַך יוסף קער־לער און דוד ספאַרד און דער רעדאַק־ציע־סעקרעטאַר מאיר חריץ, וועלכע האָבן זיך געטיילט מיטן עולם וועגן דער באַ־דייטונג פון דער אויסגאַבע, מיט די אָפּ־רופן עפנטלעכע און אין בריוו ווי אויך מיט די שוועריקייטן ביים אַרויסגעבן יעדן נומער באַזונדער.

מיט אַ וואַרעמער באַגריסונג און הויכער אָפּשאַצונג איז אַרויסגעטראָטן דער תל־אביבער יידישער שרייבער און מיט־גליד פון דער פאַרוואַלטונג פון יידישן שרייבער־פאַראיין אין ישראל **אברהם קאַרפּינאָוויטש**.

דער פאָרזיצער האָט אַלע פיר מאָל ביים געבן דאָס וואָרט און ביים שליסן דעם אָוונט אויפגעבויט אין המשכים אַן אינטערעסאַנט און פילפאַרביק בילד פו־נעם אַלמאַנאַך און זיינע אַרויסגעבער.

לייב קורלאַנד

# יאַסמינאַ, האַ?

(דערציילונג)

לאַנגע יאָרן איז דער בעדואינער־טאָל, אַקעגנאיבער מיין פענצטער, געשטאַ־נען פוסט און וויסט. די מורא פאַר אַ קעגן־נקמה צוליב גאולת־דם, האָט גע־צוווּנגען די בעדואינער־משפחה צום וואָגל.

פלוצים האָט זיך דער כוואַליעדיקער באַרג־קייט און דער טאָל אויסגעפולט מיט לעבן, מיט שוואַרצע ציגן, רויטע שאָף, אַרומשמייענדיקע הינט.

פאַרטאָגס האָבן די הינט זיך ווילד צעבילט, ווי אַנצוזאָגן זייערע בייזע כוונות. די זון האָט זיך פאַרהאַלטן איבער די פאַר געצעלטן און געשטעלט אין פלאַמען די שוואַרצע ציגן־פעלעכלעך. אַ ווינט האָט צעטראָגן איבער די גראָזן פון אָפּ־האַנגען דעם ריח פון ציגן־פלייש, וואָס בראָט זיך אויף אַ לייכט פייערל. פייער־צונגען האָבן זיך געדראַפּעט צו דער אָפּגעשוונדענער ציג, וואָס הענגט הויך איבער זיי אויף אַ שטאַנג, צווישן זייטיקע קרייצפּלאָקנס, און געמישט זיך מיטן שפּיזיקן גלי פון פרימאָרגן־שטראַלן.

דאָס גרייט זיך די בעדואינער־משפחה צו פייערן דאָס באַזעצן זיך דאָ, אינעם פאַרלאָזענעם טאָל. צי איז עס די זעלבע משפחה, אָדער אַ נייע? אפשר צוריק־געקומען נאָך דער סולחה, נאָכן איבערבעטן זיך?

דער פאַסטעך, אויפן איינגעפאַלענעם רוקן פונעם ביינערדיקן אייזעלע, היט די פּי. ער יאָגט זיך צוזאַמען מיט די הינט נאָך די שעפסן און ציגן, טרייבט זיי צום הויכן גראָז, וואָס אַרום דעם רחבותדיקן מיטווח, דעם פאַליגאָן פאַר קורצן געווער, צווישן שאַרפן אָפּהאַנג־ראַנד און דעם כינרת־ברעג. איצט איז שטיל. באַלד וועלן קומען מענטשן זיך לערנען שיסן, אויסבעסערן זייער ציל־פעיקייט. וועלן די קנאַלן פאַריאָגן די פּי און צונעמען זייער אַפּעטיט. זאָלן זיי דערווייל געניסן. זעט זיך אויס, אַז עס וואַקסט זיך דעם גראָז בעסער און זאַפטיקער אונטער שאָס־אָפּהילכן און רויך פון קוילן...

איך זוך יאַסמינאַ, דאָס פאַסטעך־מיידל, די פאַרחלומטע, וואָס אין איר פאַר־חלומטקייט האָט זי זיך אַראָפּגעקייקלט פונעם משופּעדיקן פעלדז און געפאַלן אויפן קאָפּ. איך בין דעמאָלט געלאָפן צו איר, און שעהען, ווי אייביקייטן, געבלאָזן אין איר מיין אָטעם, ביז זי איז געקומען צו זיך. און, זייט דעמאָלט, האָב איך תמיד געטראַכט, אַז זי טראָגט אין זיך אַ טייל פון מיר, פון מיין אָטעם, פון מיין

נשמה, ווען כ׳האָב זי געזען אַרומיאָגן זיך נאָך די פּי, אַרומשוועבן צווישן די גראָזן, איבער די אָפּהאַנגען און באַרג־האָרבן, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָרטן שוועב איך אַרום צוזאַמען מיט איר, אַז מיר שוועבן אַרום צוזאַמען...

איך בין אַראָפּ צום פּאַסטעך און געפרעגט:

״יאַסינאַ, האַ?״

ער האָט אויפגעהויבן אויף מיר צוויי שפּיזיקע אויגן.

איך האָב איבערגעחזרט: ״יאַסמינאַ, האַ?״, און דערגענצט די פראַגע מיט די אויגן און הענט, און מיט עטלעכע גרייזיקע אַראַבישע ווערטער, וואָס כ׳האָב קוים געקענט צונויפבינדן.

ער האָט פאַרביילט די פויסטן, אַ וואַרף געטון אַ שפּיי אין דער לופטן, זיך אויסגעדרייט צו מיר מיטן רוקן, און געלאָזט זיך לויפן.

איך דאַרף וויסן, וואָס איז געשען מיט יאַסמינאַ. איך האָב אַ שייכות מיט איר. איך האָב איר אַריינגעבלאָזן מיין אָטעם, איר צוריקגעגעבן דאָס לעבן. זי האָט געלעבט אין מיין זכות. איך דאַרף וויסן. איך מוז.

עטלעכע שעפּסן האָבן אָפּגעהויבן זייערע גרין־צעגאָווערטע מיילער פון עם גראָז און געקוקט אויף מיר מיט געדיכט־פאַרוואָקסענע אויגן־שפּאַלטן. אַ ציגנבאָק האָט געוואָנדן זיינע הערנער אין מיין ריכטונג און אַזוי געבליבן שטיין דראָענדיק. אַ הונט האָט זיך צעבילט.

איך גיי צום טאָל. איך וועל פרעגן.

דער וועג, וואָס דראָפּעט זיך פריער אַרויפצו, ווי אַ שלאַנג, איז פאַרוואָקסן. קיין פוסטריט האָט אים נישט אויסגעטרעטן אַזוי פיל יאָר. שנייד איך דורך דאָס פעלד, קלעטער איבער פעלדזיקע שטיינער, שפּרינג אַריבער דעם קינסטלעכן קאַנאַל פון קוואַלוואַסער, שאַר פונאַנדער ווילדגראָזן און שטעכגעוויקסן. אַזוי איז יאַסמינאַ אויך געגאַנגען מיטן קויש וועש אין די פאַרטאָגן צום כינרת און צוריק, איידער זי האָט געטריבן די פּי אויפן פעלד. איר ברייט־צעפּאַכעט און געבלימלט קליידל האָט געזייט גאָלד און זילבער צווישן געדיכטן גראָז־ווילדקייט און אירע אויגן האָבן געגלאַנצט ווי גליווערעמלעך אין חושך.

״יאַסמינאַ, האַ?״

אָבער, פאַרוואָס האָט ער אויסגעשפּיגן, דער פּאַסטעך, ביים דערהערן איר נאָמען? ווייל אין מיין זכות האָט זי געלעבט? ווען נישט, וואָלט אַ בעדואינער פון אַ צווייטן שבט זי נישט געקאָנט באַשלאָפן אינעם פעלד, און לאָזן זי מיט אַ בויך...

איך וועל גיין פרעגן.

נאָענט צום טאָל, איז פּלוצים אַ ספק פאַרקראָכן אונטערן שאַרבן און פאַר־פּלאָנטערט די פיס. אפשר נישט? זיי וועלן מיך פאַרטרייבן מיט פייער־בייטשן. ווען נישט איך, וואָלט זי געבליבן ליגן אָן לעבן צופוסנס פון פעלדז, און נישט געקאָנט באַפלעקן דעם כבוד פון דער משפּחה. זיי וואָלטן נישט געמוזט בלוטיק

נקמה נעמען אין די מיטגלידער פון יענעם שבט, און נישט געמוזט זיך לאָזן דערנאָך אין וואָגל, צוליב דער מורא פאַר אַ קעגן־נקמה...

זאָל זיין וואָס עס וויל. איך מוז וויסן.

דער ריח פון געבראָטן ציגן־פלייש איז פאַרקראָכן אין אַלע חושים, צוזאַמען מיטן קנאַקעדיקן פלאַקער פון די פייער־צונגען. צוזאַמען מיט אַ בייז געביל פון הינט און דעם רציחה־גלאַנץ פון זייערע ציינער.

נאָך גוט וואָס פון הינטער אַ געצעלט איז פלוצים אויסגעוואַקסן ער, דער שטרענגער פאָטער פון יאַסמינאַ. איך האָב אים דערקענט. צי האָט ער מיך דערקענט?

"יאַסמינאַ, האַ?"

ער האָט צוגערופן די הינט צו זיך, געהייסן שווייגן, און צו מיר האָט ער געגעבן אַ שטראָפערישן באַפעל מיט אַ דראָענדיקער פויסט: "יאַללאַ! אַוועק פון דאַנען און וואָס שנעלער. און זאָלסט נישט וואַגן מער צו ווייזן זיך דאָ. יאַללאַ!"

קוק איך אַרויס אָפט צום בעדואינער־טאָל, און פרעג תמימותדיק:

"יאַסמינאַ, האַ?"

און לייג פונאַנדער די זילבן, מיט אַ קרעכץ צווישן זיי:

"יאַס־מי־נאַ, האַ?"

און בעט דעם ווינט ער זאָל מיר געבן אַ תשובה. און בעט די כוואַליעס פון כינרת זיי זאָלן מיר געבן כאָטש אַ רמז: "יאַס־מי־נאַ, האַ?".

## "על שפת הכינרת"

### פון לייב קורלאַנד

אין פאַרלאַג מרדכי ניומאַן, ירושלים — תל־אביב, איז די טעג אַרויס די הע־ברעישע איבערזעצונג פון לייב קור־לאַנדס כינרת־דערציילונגען. דאָס בוך, וואָס ציילט 253 זייטן, נעמט אַרום 43 דערציילונגען און מיניאַטורן, און איז מייסטערהאַפט איבערגעזעצט פון יידיש דורכן באַקאַנטן דיכטער משה יונגמאַן. עס גייען אין אים אַריין רוב דערציילונ־גען פון מחברס צוויי פריערדיקע ביכער: "ביי די ברעגן פון כינרת" און "צעקלונ־גענע שעהען", ווי אויך עטלעכע נאָך נישט פאַרעפנטלעכטע. די הילע איז גע־צייכנט דורך דעם ערשט נישט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם קינסטלער, יצחק ליכ־טנשטיין. דאָס בוך איז צו באַקומען אין אַלע בוכהאַנדלונגען.

רחל בוימוואַל

# פאַרשיידנס

## די געקרויינטע פּאָעטן

עס ווערן זיך אויס די געקרוינטע פּאָעטן.
פאַרוואָס ? דאָס דאַרף אויפגעקלערט ווערן.
אַנשטאָט זייער קאָפּ זאָל אַ ווינטעלע גלעטן,
איז דריקט זיי די קרוין אויפן שטערן.

אַן אמתער דיכטער, אַן אמתער זינגער
דאָס גליק האָט מיט זיך צו פאַרבלייבן.
און זיי האַלטן שטענדיק די פען אין די פינגער,
ס'זאָל זען די וועלט, אַז זיי שרייבן.

זיי טראַכטן שוין מער ניט, זיי דענקען כסדר,
זיי פילן בלויז טיפע געפילן.
זיי טרינקען דעם רום דעם געגאַרטן. נאָר ליידער
זיי קענען דעם דורשט מער ניט שטילן.

בלויז יענע, וואָס זענען ביים לעבן מאַרטירער,
און ווערן געקרוינט אָפט מאָל שפּעטלעך,
געהערן דער וועלט און דער אייביקייט אירער,
און זייער געקרוינטקייט איז געטלעך.

## אַ מאָדנע געשיכטע

דערציילן אַ געשיכטע כ'קען,
וואָס האָט געטאָן פּאַסירן.
ווי **וואָס** און **ווי אַזוי** און **ווען**
אַוועק זענען שפּאַצירן.
אַרויס פון שטאָט צו וואַלד און גראָז
איז **ווען** מיט **ווי אַזוי** און **וואָס.**

ווי נאָר אַרויס הינטער דער שטאָט,
האָט **וואָס** געגומען זינגען.
נאָר **ווי אַזוי** באַמערקט גלייך האָט:
— דיין שטימע שוואַך טוט קלינגען...
און **ווען** האָט צוגעשטימט: — וואַרט אויס,
ועסט זינגען נאָך, דער טאָג איז גרויס.

דערנאָך האָט **ווען** געזאָגט צו אים:
— זינג! ס׳איז די צייט געקומען.
ס׳האָט **ווי אַזוי** דערקלערט: — די שטים
דאַרף גיין פון קעל צום גומען...
נאָר ס׳האָט דער **וואָס** זיי אָפּגעצאָלט —
ער האָט איצט זינגען ניט געוואָלט.

## מיט די קינדער

איך עפן די גאַס־טיר, מיין מינע איז זויער.
איך זאָג צו די קינדער זיי זאָלן ניט שרייען,
זיי זאָלן דאָ הינטער מיין טיר מער ניט שמייען.
זיי קוקן מיך אָן מיט טיפן באַדויער,
עס גיט זיך זיי איין אויף אַ ווילע פאַרטייען,
און ווידער די לופט ווערט פון גוואַלדן צעבויערט.
פינף קינדער געווען, געוואָרן איז ניין!

עס הילכן די טרעפּ און עס ציטערט דער מויער...
ווען איינעם פון זיי כאַפּ איך אָן ביי אַן אויער,
איז גליטשט ער אַרויס זיך אַזוי ווי אַ שלייען.
אָט שטייט ער מיט אַנדערע אַכט שוין ביים טויער
און לאַכט. און איך טראַכט, צי ס׳וועט שטרענגקייט מיר סטייען.

ס׳צערינט מיין פאַרדראָס, אַנשטאָט אים קומט דער טרויער, —
אַ מיטלייד צו איר, מיין דערוואַקסנקייט גרויער.
ווען כ׳וואָלט זיך געקאָנט אויף אַ רגע אַטכייען
און דאָ מיט די קינדער אַרומלויפן, שרייען...

## רעגן־ווײַמפּערלעך

שפּעט אין האַרבסט בין איך אַרויס אין גאָרטן,
איז שוין קיין זאַך ניט געוואַקסן דאָרטן.

אַלץ פון לאַנג געווען אויסגעגראָבן.
ס׳האָבן נאָר אַרומשפּאַצירט די ראָבן.

צו אַ ביימעלע כ׳בין צוגעגאַנגען,
זענען אויף אים רעגן־ווײַמפּערלעך געהאָנגען.

מיט די ליפּן האָב איך איינס אַראָפּגענומען —
איז די קילקייט ניט דערגאַנגען צו מײַן גומען.

כ׳האָב אַראָפּגעזופּט דאַן עטלעכע צוזאַמען,
און דערפילט אַ פרישקייט כ׳האָב אַזאַ מין !

אַלע איבעריקע — זיך צערונען.
אויף דער ערד האָב איך זיי ניט געפונען...

## איך

עס ווײַזט זיך אַרויס גאָר, אַז איך בין ניט איך, —
עס זענען בלויז מײַנע דאָס קלייד און די שיך.
איך האָב אין מײַן פּנים דעם טאַטנס אַ שטריך,
דער מאַמעס אַ תּנועה, דער באָבעס אַרט גיין,
און, קאָן זײַן, דעם זיידנס געבוי פון די ציין, —
ביי יעדן פון זיי האָב איך עפּעס גענאַשט.
איך בין ווי אַ צעטל, געשיקט אין אַ פלאַש
און שוים אויף די ריזיקע כוואַליעס פון צייט —
אַ גרוס פון די אבות, וואָס זענען שוין ווייט,
נאָר האָבן אַ זכר געלאָזן דורך מיר,
דורך מיר צו דעם היינט זיך געעפנט אַ טיר.

אַניט וואָלט דער עבר דאָך ווערן דערשטיקט,
ווען פעלן ער וואָלט אין מײַן שטריך, אין מײַן בליק.
און וואָס פאַר אַ ווערט כ׳וואָלט דאַן האָבן אַליין,
ווען איך וואָלט פון ערגעץ ניט קומען צו גיין ?

# מיין חלום

עס האָט אַ ווונדער אַזאַ געטראָפן —
פון ווייטער קינדהייט צוויי חברטעס מיידלעך,
צוויי לאַכערקעס אין בונטע קליידלעך —
צו מיר אין חלום אַרייַנגעלאָפן,

און אַלץ אַרום מיר געטאַנצט און געזונגען,
געגריבלט די באַקן, געהויבן די ברעמען,
ביז ס׳האָט אויף אַ ווייליטשקע זיי געלונגען
מיך פון מיין עלטער אַרויסצונעמען.

מיין זאַק, וואָס איז אָנגעפילט מיט יאָרן —
נישט פטור צו ווערן פון אים בשום אופן —
האָב איך אויף אַ רגע׳לע אָנגעוואָרן
און כ׳האָב מיט זיי זיך געלאָזן לויפן . . .

און איך האָב דערזען די גאַסן, די מענטשן
אין גאָלדענער שיין פון דער יוגנט דער ליבער.
נאָר פּלוצים אַ שטאָך אין האַרץ : איך קען שוין,
איך ווייס שוין דאָס אַלץ ! ס׳איז שוין אַלץ אַריבער . . .

און ס׳האָבן די חברטעס זיך דערשראָקן,
מיין שווערן זאַק מיר אַנטקעגן געטראָגן.
גלייך האָבן פאַרוועלקט מיינע מיידלשע לאָקן
און ס׳האָט מיך ביים האַרצן גענומען נאָגן.

## אַרום דער גרוב

אַרום דער גרוב מיט לעבעדיק פאַרשאָטענע
האָבן זיך דיביימער אַלע אָפּגעשאָטן.
זיי שטייען, ווי פון שוואַרצן ליים געקנאָטענע,
אין סטאָרטשענדיקע הענט געראָטן.

אָט פונקט ווי הענט, צעביילטע און צעקנאָדערטע,
מיט אָפּגעהאַקטע קנאָכן פון די פינגער,
דאָ דורך דעם הימל פון דער ערד אַרויסגעפּאָדערטע —
עס זאָל איר אויף אַ האָר כאָטש ווערן גרינגער...

וואָס זאָג איך גרינגער! קאָן דען עפּעס לינדערן
דעם ווײ פון וועלכן אַזוי ווינציק ווייסטו?...
צווישן בלינדע איז נישטאָ קיין בלינדערע,
צווישן טויטע — קיין געטרייסטע.

## די האַנט

איך האָב געהאַט אַ סך געדולד.
איך האָב זיך יאָרן נאָכאַנאַנד געשולט
כדי ביים בלינדן צופאַל, ביי דעם כעסן
פאַר זיך אַ טראָפּן גנאָד אַרויסצורייסן.

נאָר איין מאָל איז געשען אַ מאָדנע זאַך.
אין מיטן וואַך־זיין כ'בין געוואָרן וואַך
און אויף אַ רגע כ'האָב דערזען אין ליכט אין קלאָרן
די האַנט וואָס נעמט און גיט.
און זי איז ניט געוואָרן...

און ס'קלאַפּט זיך מיין געדאַנק איצט קאָפּ אָן וואַנט —
צי ווירקלעך האָב איך זי געזען, די האַנט?...

## יוסף קערלער

# אין וואַלד פון זכרונות...

## די זינגערין, די יידישע

די זינגערין, די זינגערין,
צי דאַרף זי דען זיך יינגערן,
צי קען זי דורכברעכן דעם קרייז,
דעם קרייז פון וויגל ביז צו גרייז?

אוודאי קלינגט שוין ניט דאָס קול,
וואָס קלינגט אין אונדז ווי גאָר אַמאָל,
ווען ס'האָט געהויבן אונדז פון אָרט
דאָס תפילהדיקע לידער־וואָרט,

וואָס האָט געקלאָגט, געמאָנט, געוועקט,
ביז איינגעזונקען איז די שרעק
אין ווייטסטן חושך. און אין זאַל —
די שטילקייט האָט אַרויסגעשטראַלט

איר טיף געזאַנג ווי אונדזער פּיין
ווי אונדזער אויסגעפּלאָגטע שיין:
"דאָס שטעטל ברענט, דאָס שטעטל ברענט
און ס'איז אין אונדז אַליין געווענדט..."

אַ הייב טאָן זיך פון פלאַם אַרויס,
פון פלאַם וואָס פרעסט פון קליין ביז גרויס —
מיר זענען דאָ, מיר זענען דאָ
און ס'פּויקט די אויסגעבענקטע שעה!..

די זינגערין, די זינגערין
צי דאַרף זי דען זיך יינגערן,
ווען פון דער פריי דערגייט איר קול,
וואָס קלינגט אין אונדז נאָך פון אַמאָל!
דורך פּראָסטיק־שווערע שטורעם־ווענט

דער פליגל־פּאַך פון אירע הענט,
דורך שטעכעדיקער לאַגער־צוים
איר שטיל געזאַנג דערהערט זיך קוים —
און ס'לעשט ביי כלבים דאָס געוואָי,
דאָס בייזע בילן פון קאַנוואָי,
ס'באַפרייט פון פּחד און פון צוואַנג
די זינגערין מיט איר געזאַנג.

געבענטשט זאָל זיין די זינגערין,
דורך פינצטערניש — איר לידער־שיין...

די זינגערין, די זינגערין,
די זינגערין די יידישע.

## אין ווילדן פלאָנטער...

אין ווילדן פלאָנטער
פון זכרונות־וואַלד —
אַ זיס,
אַ ליכטיק שטעגעלע
פאַרוואַקסן
זיך באַהאַלט...

די טעג בין איך פאַרהאַוועט
מיטן היינט —
מע מיינט... איך ווייס, —
אַ שטיקל מאָרגן
מע באַשיינט,

נאָר אין די נעכט
אַלץ מיטן נעכטן
כ'בין פאַריאָגט,
פאַרטיפט אין שלאָף,
צי אויף אַ שפּראַץ פון טאָג,
מיט אויגן אָפענע
איך וואַרט און וואַרט
און דער צוקאָפּנס,
ווי אַ שטיין איז האַרט.

דורך אָט די נעכט
אין חושכדיקן וואַלד,
ווו קאַרגע שיין
דורך צווייגן־קראַטן פאַלט,
ווו ניט קיין ווילדגראָז —
שטעכל־דראָט זיך פלעכט,
אין יענעם וואַלד
איך וואָגל דורך די נעכט —
פאַרשמאַכט און הונגעריק,
פאַרהאָרעוועט און מיד —
איין ליכטיק שטעגעלע,
באַלייכט איך
מיט מיין ליד...
צוריקוועגס גיי איך,
מיט מיין נעכטן
כ׳בין פאַרטאָן,
דאָרט פלאַטערט אַלץ נאָך
אויפן וואַך־טורעם
די פאָן,
זי טריפט מיט בלוט
און ס׳בילן בייז די הינט,
און ס׳קלאָגט ביז היינט
אַן אימה׳דיקער ווינט...

שוין אָפּגעפרוירן,
צעקאַליעטשעט מיינע פיס,
נאָר צו מיין שטעגל
כ׳וועל זיך דורכברעכן
געוויס,
דאָרט קומען אָפּ,
דאָרט ראַנגלען זיך ביז היינט
דאָרט וואַרטן אויף אַ טרייסט־וואָרט
מיינע פריינט
און צוליב זיי,
אַ סטעזשקעלע כ׳באַהאַלט,
איין ליכטיק שטעגעלע
אין פינצטערניש פון וואַלד.

# מיר זינגען "כחול ולבן"

כחול ולבן, כחול ולבן —
ס'איז דאָ אַזאַ פאָן
אַזאַ פאָן איז פאַראַן...
בלוי ווי דער הימל,
ווייס ווי אַ טויב —
די איינציקע פאַרבן,
אין וועלכע איך גלויב,
די איינציקע טרייסט
ביי מיין פאָלק הייבט זיך אָן,
ביי כחול ולבן —
ביי דער בלוי־ווייסער פאָן.

אַריבער די פענער,
וואָס טריפן מיט גיפט,
אַריבער די פענער,
וואָס בלוט פון זיי טריפט —
אַ זעגל אַ ווייסער
אין בלויקייט פאַרטיפט:
כחול ולבן...

ס'לויכט פאַר דאַרשטיקע אויגן
פון וייטנס — אַ קוואַל
און צום אָפּשיין פון קוואַל
מיט די ליפּן איך פאַל,

און נישטאָ איז קיין קראַפט,
וואָס פאַרהאַלטן מיך קאָן
ווען ס'רופט אונדז אַ היים
אונדזער בלוי־ווייסע פאָן —
כחול ולבן...

## ער קומט אַ מאָל ...

ס'קומט אַ מאָל צו חלום
פרץ מאַרקיש
און ער טראָגט אַוועק מיך
ווי אַן אָדלער
צו זיין באַרג־טייך.
קאָכיק,
שוימיק איז דאָס וואַסער —
וועל מיט וועל צעקריגטע,
מוטנע,
ניט קיין חידוש —
וואַלגער־שטיינער,
דעמבעס מיט די וואָרצלען
אויסגעפליקטע
טראָגט אויף זיך
זיין יידיש ...
ס'טרעפט זיך —
ווילד געשריי און ברוכשטיקער
פון ... פינע,
ס'טרעפט זיך —
ס'פלייצן דאָרט ניט מער
ווי שליימען גרינע ...

אָבער שטערנשאַפטן עכטע
שפיגלען זיך אַ מאָל
אָבער וועלטישע געפעכטן
קלינגען אין זיין קול.

## אַלטמאָדיש

אַלטמאָדיש בין איך ווי דער גרויסער הימל,
וואָס ליכטיקט זיך פון וואָלקן־בראָך אַרויס
מיט שמייכלענדיקן מיטלייד צום געווימל
פון סאַטעליטן אויף זיין אינסופיקער שויס.

אַלטמאָדיש בין איך ווי דאָס מינדסטע גרעזל,
וואָס פּיקט זיך דורך און גרינט ביי דעם אַספאַלט,
וואָס דאַרט און קוואַרט און ווידער ווערט גענעזן
מיט יעדער טראָפּן וואָס פון הימל פאַלט.

אַלטמאָדיש בין איך גלייך ווי ערשט געבאָרן
און ווי געווען זענען די קדושים פון מיין דור,
וואָס ייִנגערן אַלץ מער זיך אין זכרון
וואָס בייזער ס׳ווערט דער פראָסט אויף מיינע האָר —
— — — — — — — — —
אַלטמאָדיש בין איך.

## פון אַן אַלטן מקור

גאָטלאָז איז געווען —
פאַרלאָזן זיך אויף גאָט.
בלויז אויפן ציטער
פון דיין תשובה טאָן
און בלויז אויף זיין גענאָד . . .

האָסט נעמען נישט געוואָלט
זיין פייער אין די הענט,
האָבן דיך די גאָטלאָזע
אויף זייער פלאַם פאַרברענט,

האָט מען פאַר דעם טריפן געץ
געבראַכט דיך פאַר אַ קרבן
ביסטו, ווי פאַרביידע וועלטן
אויף דער וועלט געשטאָרבן.

**לייב ראָכמאַן**

# קיין וואַרשע

## דערציילונג

עס איז געקומען דער טאָג ווען לייבל איז אַוועק פון דער היים. געפאָרן איז ער אין דער הויפּטשטאָט, וואַרשע. דאָס איז געווען נאָך איידער ער האָט געזען דעם הויף אין אָטוואָצק, וווהין עס האָט אים געצויגן; ער האָט געהערט אַהין.

געקומען קיין וואַרשע איז ער אויף ווינטער — פאַרלייגן אין זיך אַ יסוד, באַפעסטיקן זיך דורך לערנען; צוריק פאַרקניפּן דעם פאָדעם וואָס איז איבער־געריסן געוואָרן; דער פאָטער האָט אים נישט איבערגעגעבן, ער מוז באַהעפטן זיך מיט די דורות.

און אפשר איז די סיבה געווען נישט דאָס אַליין. געוואָלט גאָר האָט ער צו יחיאלן. ער האָט געמוזט אים נאָכפאָרן, נאָך דעם ווי ער איז פריער אַהער־געקומען. געדאַרפט האָט ער, יחיאל, מפרנס־זיין זיין הויזגעזינד. דאָס מלמדות אַליין האָט נישט געסטייעט. צו יחיאלן זאָלן דאָס האָבן געצויגן זיינע שטראַלן, צו אים האָבן זיי זיך גענייגט. אויך יחיאל האָט געשריבן אַז זיין נפש גייט־אויס אין דער ווייטקייט; ער פּאַסט זיך נישט אַריין, בלייבט אין דרויסן. ער פילט, אַז לייבל דאַרף אים. אַנדערש, ווערט ער פאַרלוירן. געשפּירט האָט ער טאַקע, לייבל, אַז זייט ער האָט פאַרלאָזט, יחיאל, די שטאָט, ציט אַלץ דאָ אַראָפּ. אין מינצק איז אַ ליידיקייט. אַלע זענען אַרום, נאָר ער דרייט זיך אין חלל. עס האָט אויס־געלאָזט זיך נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן.

און מעגלעך גאָר, די סיבה געווען איז אַן אַנדערע: ער האָט געאָנט בעיקר, לייבל, אַז ער לעכצט נאָכן רבין, נאָכן הויף. אויב נישט אָטוואָצק, וואָס איז שוין צו איינס, אַרויף אין דער לויטערקייט — איז וואַרשע דער שטאָפּל צוביידע: צו תורה און צו התעלות. יחיאל וועט אַרויפשלעפּן אים; אַריינפירן אי אין ישיבות, ווו מען קריגט חיזוק; אי — אין בית־מדרש, דעם רבינס, ווו מען שטייגט, ווי אויף אַ לייטער, אין פּנימיות. געוווסט האָט ער, לייבל, אַז דער רבי קומט באַלד קיין וואַרשע. צוזאַמען מיט אַלע, מיט דער פמליא אַרום, פאַרלאָזט ער אָטוואָצק. ער קומט אויף ווינטער, נאָך סוכות — זיין צווישן די מויערן.

יחיאל טאַקע האָט דאָס אים איבערגעגעבן, אַז ער טיילט, דער רבי, יעדעס יאָר זיינע צייטן. ווינטער איז אין דער בחינה פון איינגעשרומפּנקייט, פון פאַר־

מאַכטקייט, ווי אין אַ תיבה. פון דאַנען איז אַלץ זיך מתפשט ; ברעכט שפּעטער זיך אַרויס. נאָך פּסח עפנט זיך. ער קומט, דער רבי, צוריק אין זיין הויף אין אַטוואַצק. דער זומער שפּרייט זיך שוין. אין הויף איז אַלץ דעמאָלט מתחבר־זיך מיט די רחבותן.

ער קאָן אויך, לייבל, וואַרשע. ער געדענקט די נאָענטקייט פון אירע גע־זימסן, דעם ריח פון אירע עפענונגען. ווינטער איז אַלץ דאָ איינגעפּעסטיקט. וואַרשע, וועלכע איז ווי אַ גרויסער פּאַדערצימער צו אַלע שטעט, וואָס שפּרייטן פון איר זיך ווייט — לאָזט זיי איצט אין די מרחקים ; שווער דורכצוקומען די אָפּגעריסנקייט. די באַנען, ווי לאַנגע איינגעפּרוירענע אָדערן, טאַרטשן אַהער זיך — פון אַלע ווייטקייטן.

אויך דאָ אין נאָוואָמינצק פאַלט באַלד צו דער האַרבסט. די גאַסן אונטער די רעגנס און שנייען, ווערן אַלע איין נידעריק־ליגנדיקער פּלאַץ, אַ ווייסער, אַן אָפענער. די אָפּצוימונגען ווערן טיפער, פאַרשיטער, אַלץ אויבן אויסגעגלייכט. עס לאָזן איבער זיי זיך אַראָפּ די נעכט, די לאַנגע, מיט זייערע ווייט־צעשפּרייטע אויפלויכטונגען, ווי קאַלטע שטערן אין ווייטע פענצטער. זיי הויערן איבער אַלץ ; דעקן־איין ווי אונטער אַ סאַמעט־נעפּלדיקן קלאָש, אַן אומענדלעכן. ער וועט קיין מאָל זיך נישט אויפהייבן. אויך די דויערנדיקע רעגנס טיילן אָפּ, שאַפן מחיצות. מען בלייבט טיף אין גלות, ווי ערשט איצט וואָלט מען פאַרוואָרפן געוואָרן.

געפאָרן איז לייבל חול־המועד סוכות, צום נייעם זמן. געווען איז נאָך פריער פאַרנאַכט, ווען די בלעטער אויף די ביימער גיבן־איבער זיך דעם ווינט, צע־שאָקלען זיך אין אַלע הייכן ; ווילן אויסרייסן זיך, אַראָפּפאַלן מיט די צווייגן ; צודעקן אים, דעם פּלאַך. זיי ווערן נידעריקער, די ביימער. זייערע שטאַמען פאַרקריכן, פאַרזעצן זיך טיפער. אויבן לייכט נישט די זון, קוקט נישט דורך צווישן די צווייגן. פון יעדער איינגעטיפטקייט, פון אומעטום, האָבן שמאָל דורכ־געריסן זיך בלאַנדזשנדיקע ווינטן ; פאַריאָגט און געפייפט, געקאָלערט מיט אַלץ. אין גאַנצע מענגעס האָבן די בלעטער זיך געהויבן ; אויפגעקרעכצט, ווי אַראָפּ־געפאַלענע כמאַרעס, אונטער די זוילן, וואָס האָבן טיף געטאַפּטשעט אין דער אויסגעבעטקייט. וואָס אַ מאָל זענען זיי געוואָרן נידעריקער, די זיך־שפּרייטנ־דיקע פּלאַכטעס ; געלאָפן אַהין, ווו זיי קומען נישט אָן, געלאָזט אונטן אַ חלל און געוואָרן אויס. אויך מענטשן צופיסנס די ביימער האָבן געאיילט, זיך געהויבן ווײלעס איבער די בלעטער, ווי מען וואָלט זיי אונטערגעשטופּט. אָט גרייטן זיך די אַראָפּגעלאָזטע צווייגן זיי אונטערצושמייסן — פון דער העכערקייט ווייט אַראָפּ. באַלד צעפאַלט, אַ צעוויקטער, דער אַרומיקער פּלאַך. די דרויסנס, ווי אַן דורכגעווייקטע העמדער, רייסן כסדר אַראָפּ זיך איבער די קעפּ.

לייבלען האָט געדאַכטן, אַז דער גאַנצער געשטורם איז אַן אַנזאָג, אַ גע־ליאַרם. די ווינטן לייגן זיך פאַרויס, יאָגן אים נאָך. ער רייסט זיך מיט די פּאָלעס. זיי לויפן צוריק, און ווידער פאַרויס. זיי פאַרוויקלען, האַמעווען אים די פיס.

ער האָט געפונען זיך אין דער באַן בין השמשות, ווען די וואַגאָנעס פירן אין דער נאַכט; וואָס אַ מאָל אַריין מער אין דער טונקלקייט. די אָפּגעהאַקטע גע־זעצערייען פון די אַקסן ציען פּאָרויס. ער האָט געפילט, ער גיט זיך איבער; עס שלעפּט אים מיט דער ווארעמקייט, וואָס שטאַרקט זיך, זינקט אין זיין גוף. ווי צום ערשטן מאָל האָט ער דעראַנט, אַז פרעמדע כוחות באַוועלטיקן אים, פילן ווי בליי אים אַן. זיי נעמען אים איבער. ער לויפט אַזוי פון תמיד, פון דער מאַמעס טראַכט, אַן ווילן, זיי אַנטקעגן; ער איילט מיט געליימטע הענט און פיס. ער איז אין זייער רשות. דער גערודער פון די רעדער דערווייטערט. ווייסט נישט וואָס עס דערוואַרט דאָרט אין די טיפענישן; ביסט אויסגעשטעלט בלויז אויף זיי; זיי פירן דיך. נישטאָ קיין צוריק.

לייבל האָט געוווסט, אַז וואָס ווייטער די באַן פירט, לויפט מיט אים פאָרויס — ווערט ער מער אָפּגעריסן פון דער היים. מיט יעדער רגע ווערט ער געעל־טערט. אַ תהום שפּרייט זיך פון הינטן. די באַן לאָזט אים נאָך זיך. דאָרטן ווייסן נאָך נישט די מאַמע מיט די שוועסטער אַז ער אַנטלויפט איצט, ער פאַרלאָזט זיי. ער ווערט אַרויסגעוויקלט. ער קאָן מער נישט זיין צווישן זיי. אַ מינוט האָט ער דערפילט, אַ דורשט ציט אים אײַן; לויפט אין אים דורך. עס איז אים קאַלט. ער ווערט אָפּגעהאַלטן. ווען זיי וועלן שפּעטער זיך כאַפּן, וועלן זיי בלייבן איינ־געשוויגענע.

אַ רגע האָט ער פּלוצעם זיך דערמאָנט, אַז אַזאַ זאַך איז שוין געשען מיט אים, אַ מאָל, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד. געווען איז דאָס אין אַן ערב יום כפור. די גאַנצע שטאָט האָט דעמאָלט זיך געאיילט, גערייניקט זיך אין פּחד פון יום הדין. מענטשן, אויסגעלאַשענע, זענען אַרומגעלאָפן ערב דעם משפּט, וואָס רוקט ווי אַ וואָלקן זיך אַן איבער דער שטאָט, דראָט. פון אין דער פרי אַן הענגט אַ פייערלעכע שטילקייט. דאָ און דאָרט פון די גאַסן און הייף, פון די בתי מדרשים און שטיבלעך, האָט זיך געטראָגן אַ שלוכצעריי. קינדער אין די וויגן האָבן זיך איינגעהאָרכט; געפילט, אַז היינט דאַרפן זיי איינהאַלטן זייער געוויין. יידן אומעטום האָבן זיך פאַרהאַלטן; געוווּנטשן, אַז דער גמר זאָל זיין אַ גוטער. פון די בעקערייען, פון אַלע טירן און פענצטער, האָט זיך געשפּרייט, איז אין דעם דרויסן זיך צעגאַנגען, דער ריח פון חלות־פייגל, געפלאַכטענע, פון ווישעכץ מיט געגנדזענע בוימל־פעדערן; פיש מיט פישויך־אויגן און רונדיקע מייערלעך: פון לייכטער יויך אין וועלכער עס ווייקן זיך, קאָכן שטיל, אויף מוצאי יום כפור, כפרות־הינדלעך. דעמאָלט, אין דעם קורצן טאָג, ווען די זון האַלט זיך איין, אין די שעהען פון ווייטן אַריבערגאַנג, האָט ער זיך אַנטקעגנגעשטעלט, איז געווען אַ מחוצף צו דער מאַמען; עפּעס פאַרפלאָנטערט — פון איר צו זיך. צוליב מורא פאַר אַ טאָפּלטער שטראָף — אי פון גאָט — אין אַזאַ טאָג; אי — פון דעם הויז, וועלכעס ער האָט אַרויסגענומען פון דער איינגעטראַכטקייט — איז ער אַנטלאָפן ווייט אין יענער זייט גאַס; דאָרט ווו עס הייבט זיך אָן דאָס סעדל, און פון דער אַנדערער זייט סקווער — שפּרייט זיך דעם כראָביעס גאָרטן מיט די

שוועדע ביימער; זיי הייבן זיך אַרויס ווי ריזן. ער האָט אין עק זיך פאַררוקט, מיטן גוף הינטער דער צוויי־שטאָקיקער ווייסער מויער פון סטאַראָסטע. דעם קאָפּ אַרויסגעשטעקט אויבן צו זייער גאַס, די קאַליע־גאַס, וואָס פירט צו דער באַן. זיין האַרץ האָט שטיל געקלאַפּט, איינגעצויגן; זיינע אויגן זענען געווען איינגעזעקבערט ווייט. ער האָט איצט נישט געקאָנט זיך כאַפּן, פאַר וועמען ער אַנט־לויפט, ווער עס יאָגט אים, ווער וועט פירן אים צו דער שטראָף; וואָס קאָן זי זיין. מיט אַ מאָל האָט ער צווישן די מענטשן דערזען דעם בלאָנדן קאָפּ פון זיין שוועסטער דינה. אין דער אויסגעליידיקטקייט פון דער גאַס גייט זי אַן. איר געשטאַלטיקייט, וואָס דערנענטערט זיך, שווימט אים גלייך אַנטקעגן. ער האָט גיך זי איבערגעלאָזט און מיט דער גאַנצער שמאַלקייט פון זיינע אַקסעלעך, געצויגן צו דער צווייטער זייט סקווער, צו דער וואַרשעווער גאַס. זי שפּרייט, די גאַס, זיך ווי מיט צוויי הענט, וואָס פאַרנעמען זיך, מיט אַ לאַנגן שאָסיי, אויף ביידע זייטן; געשפּרייטע, פאַרהאַלטן זיי ווי אַ וועגווייזער, מוזט גיין רעכטס אָדער לינקס. איין זייט, די אויף רעכטס, ציט זיך ווייט אויף מזרח, ביז בריסק, און איינע, די לינקס, פירט אויף מערב, אין דער הויפּטשטאָט וואַרשע. ער האָט פאַרנומען זיך לינקס; געלאָפן אין דער באַלויכטנקייט, וואָס גיסט זיך אַנטקעגן אין דער גאַנצער ברייט, איבער דעכער אוןביימער־קרויזן. נאָענט, אין עק, איז ער געבליבן שטיין. ער האָט זיך געפונען הינטערן פּלויט פון אַפּטייקערס הויז. ער האָט שווער געסאַפּעט און אַפּערגעקוקט מיט צעשפּרייטע אויגן. ווען ער האָט ווידער אויפגעכאַפּט אין דער צעעפנטקייט איר געשטאַלט, ווי אויך זי וואָלט זיך דערנענטערט לינקס, האָט ער זיך אָוועקגעדרייט און גיך גענומען לויפן אין איין אָטעם. ער איז געצויגן אויף דער ברייטער גאַס גאָר ווייט אַרויף; נישט צו מזרח, נאָר אויף מערב, אין קריסטלעכן טייל. ער האָט נישט געקאָנט זיך אָפּ־שטעלן. די צעעפנטקייט איז געווען קעגן אים. זי האָט אים געצויגן. פון ווי ווייט האָבן די שטראַלן אים אַנטקעגנגעלויכטן; געווען אַנגעשטעלט אויף זיין פּנים מיטן שטערן, אין די אויגן, ווי ריזיקע רעפלעקטאָרן. זיי האָבן אים פאַרבלענדט. עס האָט געמוזט זיין שוין שפּעט אין פאַרנאַכט אַריין, ווייל עס האָט אים גע־דאַכט, ער זעט איינצלנע יידישע משפּחות, וואָס וווינען דאָ אין דער פאַרוואָרפּנ־קייט. זיי גייען אים אַנטקעגן — פון ביידע זייטן אויף די טראָטואָרן — אין שול אַריין. נאָך אַ ביסל וועט די זון זיך זעצן. די שטאָט דאָרט הינטער אים ווערט אויסגעליידיקט. ער בלענדט זיי דאָ פאַרביי. זיי גייען אַלע שווייגנדיקע, מיט פּאַמעלעכע טריט, פאַרטראַכטע, צו כל נדרי. זיי זעען אים נישט. די צייט רוקט זיך אַן. די שטראַלן, ווי פינגער, ווייזן אויף אים.

ער איז פון מיטן לויף אַראָפּ אין דער זייט. ער האָט אַריבערגעהאַקט אַ געסל, וואָס איז אין דער ברייט געלעגן, ווי אַריינגעלאָזט, און איז אַרויסגעקומען אויף אַ פּאַראַלעלן וועג, אַ שמאָלן, אַ זאַמדיק־לענגלעכן, מיט צוויי שורות הויכע ביימער געדיכט פון ביידע זייטן. אויך דער וועג האָט געפירט אויף מערב, נאָר די זון האָט דאָ מער נישט געשיינט אַנטקעגן. צי האָבן די צווייגן, וואָס

האָבן פון אַלע זייטן אויבן זיך פאַראייניקט — פאַרשטעלט אירע שטראַלן, צי האָט זי זיך געניייגט, די זון; געקליבן זיך צו פאַרגיין. ער האָט זיך געפונען "הינטער די טאַפּאָלעס", ווו עס ציען זיך דעם פריצס סעדער, נידעריקע, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן פון העכערע וועלדער. נישט ווייט אין אַ זייט איז דאָס טויער, וואָס פירט צום גוט. די צעשיטע איינצלנע הייזלעך דאָ, אויף ווי ווייט, זענען צווישן גערטנער. ער האָט זיך פאַרהאַלטן אויף דער שמאָל־לענגלעכער גאַס, וואָס לויפט ווי אַ לאַנגע שלאַנג, געבויגן איןביידע זייטן. מען זעט נישט אירע עקן. געשטאַנען איז ער הינטער אַ טאַפּאָלע־בוים, אַ האַלב־אָפּגעשיילטן, פאַר־וואָרפן דאָ צווישן די גויים. עס האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן, זיך איינשרומפּן אַרום אים. ער האָט געוווּסט, עס איז איצט די אַנטשיידנדיקסטע שעה פון יאָר. צו איר ציען אַלע צייטן. דאָרט ברעכט זיך אַ שטאָט מיט יידן. זיי ציטערן אַלע. דער ווינט פאַרטראָגט ווי ווייט זייער ברומעניש, וואָס גייט איבער, און ער — וואָס טוט ער דאָ? ער איז אויסגעטיילט. ווי אַ פרעמדע נעץ ציט די פינצטער־ניש אים איין, ווי ווען וואָלט זי אים איינשטייפן. אויך זיין מאַמע מיט די שוועסטערן זענען אַליין, פון אַלץ אָפּגעזונדערט. עס פאַרמאַכט זיי זייער זאָרג. זיי קאָנען נישט אַריין אין דעם געבעט פון ציבור, וואָס פאַרגיסט זיך צו איינס, הייבט זיך איבער דער שטאָט. עס האָט אים געדאַכט, אַז דאָס קאָן נישט זיין! עס איז זיכער אַ טעות! מען דאַרף זיך אָפּגרוילן; זיך צוריקכאַפּן פון פאַר־גייענדיקן פאַרנאַכט; צוריקציען די שעהען פון טאָג. זיי זאָלן נישט אַזוי זיך פּעדערן, ווי אַן אַנרוקנדיקער זיך נידעריק — וואָלקן יעדע רגע איבער דער ערד.

אויך איצט אין דער באַן וויל ער אים דערכאַפּן, דעם פאָדעם. ער פּרוּווט אָנהאַלטן זיך אין אים. וואָס אַ מאָל איז ער ווייטער, אָפּגעריסענער, נישט צו שפּרייזן צוריק. זי עפנט, די באַן, מיט איר געפייף, ריסן אין אים, וואָס מען קאָן מער נישט פאַרייניקן. אין דרויסן לויפט אַלץ פאַרביי. אויך דער רויך, וואָס שניידט פאַר די פענצטער זיך אויף צוריק; שטעלט הינטן זיך ווי אַ מחיצה, טיילט אָפּ.

איצט איז האַרבסטיקער אָוונט, דער דרויסן ווערט וואָס אַ מאָל טונקעלער, געדיכטער; די נעפּלען — אָנגעפּילטער. זיי דרינגען, צעפלאָסן, אַריין אין גוף, און קיצלען זיך אַרויס געדיכט דורך די אויערן. אַלץ הינטן בלייבט ליגן, ווערט צעדריוולט; אויס ממשות.

די באַן האָט געסאָפּעט איבער די רעדער, וואָס דרייען זיך און שלעפּן זי אויף ווייטער. לייבל איז ווילנלאָז אין איר איינגעווייד, ווי פאַרדרייעט אין אַ גרויסן פיש, אַ לאַנגן. ער שלענגלט זיך אַוועק גיך, ווייט איבער דער יבשה.

געקומען קיין וואַרשע איז ער שוין אין אָוונט. די שטאָט, אַ צעלויכטענע, האָט אים אַריינגענומען, איינגעזאַפּט אין זיך ווי אַ שטויבל. דאָס ערשטע מאָל האָט ער לאַנגע שעהען געדרייט זיך אין זיי אַליין. אויף אַלע גאַסן, אַן אַן עק אַרום — גייסט פון איינער אַרויס, פאַרוויקלסטו זיך אין אַן אַנדערער; ווייסט נישט ווו דו ביסט — אומעטום ראַיעט מיט צעלויכטנקייט און געקלאַנג. די עכאָס

ווי ליכט־רעדער, צעגייען זיך אָן אַ ברעג — אַ סך אין אַ סך. דאָס הויכע ליכט פאַררייסט זיי, די ווייטקייטן; באַלייכט אומעטום די טראַמוואַי־שינעס, אין דער מיט, ווי דאָ וואָלט ער געווען, דער צענטער. ווי אונטערערדישע ברואים, אַרויס אויפֿן פלאַך, לויפֿן זיי, די שינעס, אָן אַ סוף; מיניען, ווי צו באַהאַלטן זיך פאַר די בליקן; זיי ציען ווי זיך איבערצויאָגן, אַ פאַרשטאַרקטער געליאַרם פון אַ מיטאַמאַל, באַלד־צופאַלנדיקער, רוויקייט. גאַר נישט וועט דאָ בלייבן. הונדער־טער טויזנטער איילן, ווי באַלד דאַרפֿן זיי זיי אָפּליידיקן, די גאַסן.

לייבל איז געגאַנגען שנעל, אַריינגעלאָזט די אַקסלען; נישט געקאָנט זיך אָפּשטעלן, פאַרהאַלטן, ווי באַלד וועט עמעצער בליקן אויף אים, אים דערפילן. זיי זענען קאַרבירט, די גאַסן, ווי מיט אומצאַליקע שופן, ביז ווי ווייט. קאָנסט אונטער זיי אַריין. די הייזער, איינס נעבן אַנדערן, ווי געגאָסן. אַ ים מיט באַ־לויכטענע פענצטער פון אַלע הייכן איבער זיי, פלייצט, שניידט־דורך די חלל־שיכטן מיט צעשיינטקייט; צעגיסט פון שטאָק איבער שטאָק די צעלויכטנקייט איבער די גאַסן. אויבן לויערט אַ וואַרעמקייט פון היימען, פאַרבאַרגענע. אַ שעה פאַר חצות וועלן זיך אָנהייבן פאַרמאַכן די פענצטער; ביסלעכווייז לעשן זיך יעדעס פלוצעם. אויך די טויערן אין דער מיט — פון הויז נאָך הויז, וועלכע וואַרטן צעעפנטע טיף־אַראָפּ, מיט זייער האַלב־קיילעכדיקייט אויבן, ווי זיי וואָלטן שטום, ברייט געוואַכט מיט אומגעזעענע שטיוול — וועלן אַלע מיט אַ מאָל זיך צולענען. די גאַס וועט ווערן איינגעלאָפּן, גלייך, אָן אָן אַרויס. שוין איצט הייבט זי אָן לויפֿן ווי אָפּגעטון די רעדער — אין מרחקים. די טראַטואַרן, פון ביידע זייטן, כאָטש עס זענען נאָך דאָ אויף זיי מענטשן, ווערן שוין בולט מיט זייער אָפּגערייניקט־קייט. שוין צעשיטן זיך די איילנדיקע, פאַרשווינדן, ווי קיין מאָל וואָלטן זיי נישט געווען. די פולקייט ווערט דורכזעאיק.

ער האָט געוווסט, לייבל, אַז דאָ, אין די ברייטקייטן, איז פול מיט יידן; אַ וועלט מיט יידן. דאָ איז יידיש מלכות. דאָ זענען זייערע טיפענישן. פון דאַנען צעשפרייטן זיי זיך. פון וואַרשע ציט זיך אַ ליכט איבער גאַנץ פוילן. איצט, אין דער נאַכט, איז אַלץ איינגענעפלט, פאַרטון; יעדע זאַך פאַר זיך. וואַלקנס קינסט־לעכע באַלויכטקייט דעקן אַלץ איבער, זעצן אַראָפּ. מאָרגן, קאַיאַר, ווען עס גייט־אויף דער טאָג — צעעפענען זיך די רחבותן. אַלץ ווי ווייט שפרייט זיך, ווערט צו איינס.



## יונה בערקמאַן

### אויסלייז

און ווען דעם בראַנד האָט אין אַ בייזער שעה פאַרשמעקט
דיין סוכה־דאַך, וואָס אויסגעמיטן האָבן שטערן,
און ביזן פונדאַמענט דיין נאָרע אָפּגעפּרעגט,
אָן זכר פון אַ גאַנעק ווו צו זיצן שבעה
ביי אַן אויסגעלאָשענעם לאַמטערן —
האָסטו זיך מיטן גרויען וואַנדערשטאָק פאַרזיווגט,
און מיטן אָפּגעשפּאַרטן קלומיקל בטחון
אַוועקגעהונקען מיט אַ האַרץ צעשטשערבעט
אַ שוועל צו זוכן פאַר דיין אויסגעפליקטן אינדערוואַכן.

און זע —
עס האָט דער אַלטער שטעקן
געניט אין וואָגל,
מיט דער געדעכעניש און ריח
פון דערנער־וועגן,
וואָס האָבן שטיקער פלייש געפליקט פון ברידער גייער,
און וו גענעכטיקט ניט געלאָזט זיי טאָגן —
זיך אויסגעשטרעקט צו דיר מיט רחמים,
ווען ס'האָט דיין קאָפּ געפלאַצט אין ים פון ספקות,
און צו אַ ברעג געבראַכט דיך,
ווי שטיינער, ווי צו כורעים אויסגעלייגטע,
פאַרגייען זיך, פאַרטייעט, אין גאַנץ הלל,
און זייער שטילער ניגון — אָן דעם קרעכץ פון גלות,
איז ניט פאַרסמט פון קיינס מויל.

און דו —
ווי שאול אין נביאישער התגלות,
אַראָפּגעריסן האָסטו פונעם לייב ביז לעצטן פאָדעם
די כמאַרעס נעכטנס מיט די תהומען גרויל
און צוגעפאַלן דאָרשטיק צו דער קוואַליקער הגדה...

קושסטו, אַ שיכורער, די אויסגעבענקטע ערד,
ווי ס'האָט געקושט דיין טאַטע מיט אמונה זיינע ציצית,
און מודה־אני זאָגסטו אַלע טאָג וואָס דיר באַשערט
מקיים זיין די מצווה,
מיט ציטערדיקער אויסלייז־טרער,
פון מעבר־יבוק,
און נאָך ביים לעבן
צו דערלעבן עולם־הבא...

## איך מיין

איך צי זיך מיט נעגל — אַ בלעטל, אַ שריד ופליט —
און דראַפּע אַרויף און אַרויף זיך,
און קלעטער אויף אַלע עטאַזשן פון אומעט,
וואָס האָבן מיין טאָג אויסגעמאָרעט,
מיין נאַכט פאַרמהומהט,
און לאָז זיי פון הינטן אין שטויסן,
און קוק זיך ניט אום אויף צוריק,
און מיין —
צום סולם פון שלווה דערגיין,
וווּ אויסשיילן וועט זיך מיט אותות און מופתים
אַ העל־גרינער קנאָספּ פון אַ ליד,
אַ בת־קול פון תחית־המתים...

# העלף מיר גאָט

אַזוי פיל רעש!
אַזאַ געפילדער!
און ווערטער־הערנער שטויסן זיך
און שפּרינגען אָפּ ווי שרויט
געשאָסן אויף אַ בלעך
אין מלכות שטויב...

אַנט יעדערער דעם אייגענעם נאָר צער
ביים פאַרהאַקטן רחמים־שער,
אָן טראָפּנס האָפן;
און אויסגעטאָן פון חלום איז אפילו,
פון סולם וואָס געוואַקסן פון אַ שטיין צוקאָפּנס
און הענגט אַצינד אַראָפּ, פאַרזשאַווערט,
אַ טפח פון די שימלדיקע זומפּן...

נאָר איך אַליין,
מיט האַרץ וואָס דופקט נאָך אַמאָליק,
פון צווישן אַלע מ״ט שערי טומאה,
איך פיר די פולע צוגן פון מיין חלום
אַרויף!
צו רייכערדיקע הייכן,
ווו כ׳זע מלאכים ביי די טויערן פון הימל
מיט צוגעמאַכטע פליגל —
זיי זיצן אויף די בלויע שטאַפּלען שבעה...

טאָ העלף מיר, גאָט,
די רעדער פון מיין חלום
ניט שטרויכלען זאָל דער טפח,
וואָס פעלט די האָפער־רעלסן,
כדי כ׳זאָל אָנקומען בשלום
צו דיין פמליא מיט אַ טרייסט
אַז דאָך פאַראַן איז דאָ און דאָרט
אַן אינדזעלע,
ווו ס׳הייליקט נאָך דיין וואָרט.

## געפונען זיך

ווּהין איז, אומרו מיינער, ניט פאַרפלויגן,
אין וועלכע ניט געבלאָנדזשעט האָט ער תהומען ?
מיט אַש־פליגל פון אָפּגעברענטע סטויגן
גענע־ונדעוועט אין נישטער צו די קרנות המזבח,
ווייל דו, מיין גאָט, פאַרבאָרגן האָסט דיין פנים
פון שוואַכן מענטשעלע — אַן אָפּגעריבענע מטבע —
וואָס, מיט זיך לעשנדיקע פונקען פון נשמה,
געזוכט אַ שאָטן פון אַ סטעזשקע צו דיין עמוד . . .

ביז מיך, באַהאָנגענעם מיט פולע ייאוש־קוישן,
ער האָט אַ מלאכל — אַ מליץ־יושר —
אַ קוש געטאָן אין אומעט פונעם האַרץ
מיט ערשטגעבוירענע בטחון־קלאַנגען ;
שטיי איך פאַר דיר,
אָן מיינע גלות־שיך,
מיט אני־מאַמינס־חופה־שטאַנגען,
ווייל מיר באַשערט האָסטו ביים זומפּ פון צער
געפינען איך זאָל טאַקע זיך . . .

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך

### לויב פאַר אַ ירושלים־שאַפונג פאַרעפנטלעכט אין אונדזער אויסגאַבע

די ירושלימער פרעסע־פרעמיע א.ג. פון גרשון אגרון וואָס ווערט פאַרטיילט יעדע דריי יאָר האָט אין די מאָטיוון צו דער פרעמיע־פאַרטיילונג פאַר 1976 (וואָס איז פאָרגעקומען דעם 2טן נאָוועמבער 1976) געהאַלטן פאַר נויטיק צו לויבן דעם אַר־טיקל פון **אפרים שעדלעצקי** "מיין ירו־שלים", וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין "ירושלימער אַלמאַנאַך" נומער 2—3. "דאָס איז אַ שיינער און פילבאַרער לי־טעראַרישער עסיי וועגן דער הויפּטשטאָט פון ישראל און באַטייט פון דעם לעבן אין איר" — ווערט געזאָגט אין די מאָטיוון פונעם זשורי, וואָס איז באַ־שטאַנען פון: יעקב צור (פאָרזיצער), משה קראָנע און גבריאל שטערן.

## לייבל קופּערשמיד

# די גילדענע פּאַווע
(מאַנגער־ווערסיע)

איז די גילדענע פּאַווע
געפלויגן אַוועק,
זוכן געפינען די מאַרגיקע טעג,
טרילי לי לי.
פליט איר אַנטקעגן
אַ געדיכט־גרינער וואַלד,
מיט גילדענע קרוינען
טויק אוראַלט.
פאַרבויגט זי אַ פליגל
און זעט :
אַ פויגל וויגט איין איר קינד
מיט געבעט,
די תפילה איז לויטער
און ווי די נאַכט־אומרו קאַלט
און די נעסט
מיט טויקע שלוה באַשטראַלט.
פאַרנויגט זיך די פּאַווע
מיט אַ געבויגענעם קאָפּ
און נידערט פּאַמעלעך
אויף דער קרוין אַראָפּ,
און זי פרעגט :
צו האָסטו געזען די מאַרגיקע טעג ?
קלאַפּט זיך דער פויגל אין האַרצן
און שווערט :
— די מאַרגיקע טעג ?
גראָד געזען און געהערט,
אָן שיער, אָן ערך
ווי זאַמד און ערד,
געוועזן דאָ, דוכט זיך,
נעכטן, אייערנעכטן,

ערשט ניט לאַנג,
כ'האָב מיין קינד איינגעוויגט
מיט זייער תפילה־געזאַנג
צו גאָט דעם גערעכטן.
איצט שטומען זיי שטאַר
טיף און פאַרקלערט,
און זייער זוניק געזאַנג —
נישט מען זעט
נישט מען הערט.
נידערט די פאַווע
באַפעדערט מיט שרעק.
שפרינגט איר אַנטקעגן
אַ וואַלד מיט העק,
מיט בלוטיקע העק,
און בליציקע מעסערס
אין שטיוול פאַרשטעקט.
די ביישטידלען בראָיען
אין מעשוגענעם בלענד
איבער צעבראָכענע פיס און הענט,
איבער לייבער פאַרברענט
און אַפּלען פאַרקוילטע
צום הימל געווענדט.
מאַכט די פאַווע הקפות
אַרום קרוין דעם וואַלדס,
זי זעט שוין באַשיימפערלעך אַלץ
און ס'איז אַן עברה
דער נאַרישער פרעג
ביי די נעכטיקע מערדער
פון די מאָרגיקע טעג.



רפאל כוואַליעס קלעזמער (אייל)

קלמן סעגאַל

# פון טאָג־בוך פון אַ משוגענעם*

א.

... יענעם טאָג האָב איך זיך פאַרהאַלטן פאַר אַ בנין, וואָס איז געווען הויך ווי דער טורעם פון בבל און איך בין אַריינגעגאַנגען אין אַ גרויסער לאַבאָראַטאָריע, וועלכע איז געווען אויסטערליש און העל באַלויכטן און פאַרזאָרגט מיט אַלע זאַכן, וואָס קענען נויטיק זיין צו שעפערישער גייסטיקער און באַגייסטערטער אַרבעט. ווען איך האָב זיך גענומען אַרומקוקן, איז מיר געוואָרן קלאָר, אַז געפינען געפין איך זיך אין דאָזיקן בנין צום ערשטן מאָל, כאָטש געוויסע רעקוויזיטן, וואָס איך האָב דאָ דערזען, האָבן זיך מיר אויסגעוויזן אַ ביסל באַקאַנט, פונקט ווי איך וואָלט זיך אויף זיי שוין אַ מאָל ערגעץ אָנגעטראָפן — אפשר אין חלום, און אפשר אין אַ פריערדיקן גילגול.

ביים אַריינגאַנג זענען געשטאַנען אַ סך סקולפּטורן פון שיינע פרויען — דאָס איז געווען די אָפּטיילונג פאַר דיכטער, כ׳האָב דאָס באַלד דערקענט. אויך פאַר זיי, פאַר די פּאָעטן זענען געווען צוגעגרייט גאַנצע קאָלעקציעס פון ים־מושלעס. אין די דאָזיקע מושלעס זענען פאַראייביקט די געזאַנגען פון סירענעס, וועלכן האָבן אַ מאָל געלאָקט און געכישופט דעם באַרימטן טוריסט אָדיסעוס פון איטאַקע. אין די דאָזיקע מושלעס הערט מען אויך דעם רויש פון ווייטע אָקעאַנען, זייער צופּלוס און אָפּפלוס, ים־ווינטן, און דאָס וואָיען פון אויסטערלישע שטורעמס.

אויף פּאָליצעס זענען געשטאַנען גלעזערנע און קרישטאָלענע וואָזעס מיט פאַרשידענע קאָנדענסירטע אינהאַלטן — פון אַבסאָלוטן אַבסורד ביז צו דער סאַמע איידלסטער קאָנסיסטענץ פון חכמה. ווייטער זענען געווען הערמעטיש פאַרמאַכטע דורכזיכטיקע געשירן, אָנגעפילטע מיט רויזן־וואַסער, און מיט געוויינלעך ברונעם־וואַסער, אָדער קוואַל־וואַסער, מיט וואַסער וואָס איז דעסטילירט אָדער פילטרירט, און אויך מיט רעגן־וואַסער.

יעדער קינסטלער האָט דאָ געקאָנט געפינען דאָס, וואָס איז אים אין דער געגעבענער מינוט נויטיק געווען צו דער אַרבעט, פאַר מאָלערס איז געווען צוגעגרייט בראַנפן, אַ סך בראַנפן מיט צובייס.

אין אַ באַזונדער ווינקל זענען געשטאַנען רעקוויזיטן פאַר יידישע קינסטלער:

---

* פראַגמענטן פון דער ערשט־דערשינענער זאַמלונג „אַליינקייט" (דערציילונגען), ירושלים 1977.

געשטאַלטן און מאָדעלן פון יידישע טיפּן, יידן מיט בערד, און יידן אָן בערד, און אויך בערד אָן יידן. און טרערן. אַ סך טרערן, טרערן צו וויינען, און טרערן צו לאַכן מיט אַ טרער.

פּאָר פּראָפּעסיאָנעלע קריטיקערס איז געווען ביר, פֿאַרשיידענע סאָרטן פון ביר און אויך קלייניקע מתנות — מילדער צו מאַכן זייער שטרענגע אָפּשאַצונג.

און אויך פּאָר פּלאַגיאַטאָרן איז געווען אַ קליינע אָפּטיילונג, אַ קליינער בופעט מיט וואורשטלעך — כ'ווייס נישט צי זיי זענען געווען כשר, אָבער געווען זענען זיי — און ברויט מיט פּוטער; זאָלן זיי פּרעסן אונדזער פּראַצע, אונדזער בלוט.

האָב איך געקוקט אויף די אַלע הערלעכקייטן און געטראַכט, אַז די וועלט איז פול מיט געניאַלע קינסטלער, פול מיט גאונים און משוגענע. איינע טרינקען טינט, אַנדערע פּרעסן גלאָז אָדער שטרוי. מוזיקער, מאָלערס, קאָמפּילאַטאָרן, מחברים פון קרימינעלע ראָמאַנען, פּראָזאַיקער און הומאָריסטן, רעדאַקטאָרן, אַבסטראַקציאָניסטן — אַלע האָבן זיך דאָ פאַרנעסטיקט, אַלע זענען שטאַרק פאַר־נומען, אַלע פּראָווען דאָ זייער כישוף.

און באַזונדער שטייען אין אַ ווינקל די אַנאַרכיסטן אין שוואַרצע העמדלעך, פאַרקנעפּלטע ביז צום האַלדז. זיי טיילן זיך אויף צוויי באַזונדערע סעקציעס. די מיט אַ מילדן בליק — דאָס זענען אוטאָפּיסטן און הייליקע. זיי ליידן פּערמאַנענט און אַ פייער טליעט אין זייערע אויגן. די מיטגלידער פון דער צווייטער סעקציע וואַרפן ווילדע אומרויקע בליקן, זיי וואַרטן אין אַ פּערמאַנענטער שפּאַנונג: אין אַ געוויסן טאָג וועט דאָ אַדורכפאָרן אַן אויטענטישער קיסר, וועלן זיי אים אומ־ברענגען.

אַלע אַנוועזנדיקע זיצן ביי זייערע קליינע שרייב־טישלעך אָדער ביי לאַנגע טישן, ביי וועלכע מען פירט אייביקע וויכוחים וועגן דער צוועקלאָזיקייט פון מענטשלעכן קיום. אַנדערע שטייען ביי שרייב־שטענדערס, אָדער ביי שאַפעס מיט ביכער, ביי גאָבלאָטקעס און וויטרינקעס, ווו עס הערשט ריינקייט און עסטעטיק. און אויך דאָרט, ווו עס איז מיט גרויס פעדאַנטישער מי און מיט גרויס אָנשטרענג געשאַפן געוואָרן אַ גוט צוגעטראַכטער, מע קאָן זאָגן אַן אידעאַלער באַלאַגאַן און אַ פון פאָרויס פּראָיעקטירטע זינלאָזיקייט.

איך האָב זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסן מאַגאַזין פון אַלטע זאַכן, אין וועלכן עס זענען געווען כאַאָטיש אָנגעוואָרפן אָן אַ שיעור רעקוויזיטן — אין דער ערשטער מינוט האָב איך געמיינט, אַז איך געפין זיך אין אַ שלעכט אָרגאַניזירטן ביוראָ פון זאַכן פאַרלוירענע און געפונענע. אָבער שפּעטער האָב איך באַמערקט, אַז אין דער דאָזיקער אומאָרדענונג איז פאַראַן אַ געוויסער מעטאָד, ווייל יעדע זאַך איז געווען אויסגעלייגט און אויסגעשטעלט נישט לויט אַ לאָגישן סדר, נאָר לויט דעם אלף־בית. אַזוי צום ביישפּיל, האָבן זיך דאָ געפונען אויף איין פּאָליצע קאַלאַמבורן און קאַלענדאָרן און קאַלאַשן, און אויף דער צווייטער — ביכער לעבן ביוסטן־האַלטערס און ביבעלאָטן. אַלץ לויט דעם אלף־בית.

אין דער לאַבאָראַטאָריע פאַר פּלאַסטישע קונסטן האָב איך באַמערקט איינעם

אַ מאָלער, וועמענס אומעטיק לעבן און טויט איך האָב אַ מאָל באַשריבן אין איינער פון מיינע הומאָריסטישע דערציילונגען, מיט יאָרן צוריק, ווען איך בין נאָך נישט קראַנק געווען אויפן קאָפּ. דעם אמת וועגן דאַזיקן פאַרשוין האָב איך, פאַרשטייט זיך, אַ ביסל וווּלגאַריזירט, געענדערט אַ ביסל, רעפאָרמירט דאָס, וואָס האָט זיך געקאָנט אויסווייזן צו פיל פשוט און פראָסט. איך האָב אויך דעמלט פאַרשוויגן אַ ריי געשעענישן, וועלכע האָבן דערפירט צו זיין פריצייטיקן טויט. קיין געוויסן־ביסן האָב איך נישט צוליב דעם. דער ליטעראַרישער אמת איז נישט אידענטיש מיט דעם אמת פון לעבן, און קיין שום שרייבער האָט אויך צוליב דעם נישט קיין שום פרעטענזיעס צו די העלדן, וואָס ער האָט אויסגעטראַכט. מען קען נישט באַשולדיקן די מענטשן און אוודאי נישט פאַרמשפטן זיי אויף אַזאַ אַדער אַנדערע מאָראַלישע שטראָף בלויז דערפאַר, וואָס זיי האָבן, צום ביישפיל, אויסגעפונען פאַר זיך אַן אַנדערן טויט, און נישט דעם טויט, וואָס דער מחבר האָט פאַר זיי אויסגעטראַכט. העלדן פון אַ בוך האָבן זיך זייער אייגן לעבן, און מחברים האָבן זייערס. מחברים שטעלן זיך טייל מאָל קאָפּויער, זיי בונטעווען זיך טייל מאָל, טייל מאָל ברעכן זיי זיך. און אויך די העלדן טוען דאָס זעלבע. האַמער האָט געשאַפן אַ מיטאָס וועגן אַ געטרייער ליבע פון אַ ווייב צו איר מאַן — און איך, אויב איך וועל אין אַ געוויסן טאָג אָנהייבן צו האָבן מער פרייע צייט, וועל איך באַשרייבן דעם גאַנצן אמת וועגן פּענעלאָפּאַ און אָדיסעוס, אפשר וועט זיך דעמלט אַרויסווייזן, אַז נישט אַן אַ פאַרוואָס זענען אויסגעהרגעט געוואָרן אירע חתנים: פּענעלאָפּאַ איז געווען אַ פרוי מיט טעמפּעראַמענט, דאָס איז לייכט אויפצוקלערן לויט דער צאָל פון אירע פריינט און אויך לויט דער צאָל פון די פעטע חזירים, וואָס זיי האָבן אויפגעפרעסן אין די גרויסע צימערן פון דער שטרויענער אלמנה. און כאָטש, ווי האַמער האַלט, פלעגט זי זיי פון צייט צו צייט פרווון אַרויסטרייבן פון הויז, האָט זי עס אָבער געטאָן בלויז פאַר אַן אָנשטעל, ס'זאָל הייסן, אַז זי טוט עס, ווייל אין אמתן האָט זי זיי געוואָלט האָבן אונטער דער האַנט — בשעת דער לייכטזיניקער בראַדיאַגע אָדיסעוס האָט זיך אַרומגעשלעפּט אויף פרעמדע ימען און יבשות, און נישט געאיילט זיך אַ היים, צו די זיסע פליכטן וואָס האָבן אים געוואַרט אין די ווייסע אָרעמס פון זיין ווייב. דער דאָזיקער אַדיסעוס, דער גרויסער העלד פון דער טראָיאַנישער מלחמה איז בעצם געווען ווי יענער באַקאַנטער מיינער, וועלכער איז אַ מאָל אין דער פרי אַרויסגעגאַנגען פון שטוב קויפן אַ פּעקל טאַבאַק אין דער טראַפיק, וואָס האָט זיך געפונען אין צווייטן הויז, און צוריקגעקומען אַהיים איז ער אין צוואַנציק יאָר אַרום.

אַבער נישט דאָס איז וויכטיק. לאָמיר רעדן וועגן דאָזיקן מאָלער. איך האָב געשריבן וועגן זיין טויט, ווייל דאָס לעצטע קאַפּיטל פון זיין טראַגישער ביאָגראַפיע איז געווען ביז גאָר באַלערנדיק, ווייל אין אמתן — און דאָס קען זיך אויסווייזן עטוואָס מעטאַפיזיש — אין אמתן איז ער נישט געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, און אויך קיין זעלבסטמאָרד איז ער נישט באַגאַנגען, און אין אַ גאַסן־קאַטאַסטראָפע איז ער אויך נישט אומגעקומען. דאָס האָבן מיר אים אומ־

געבראַכט — נישט אין איין טאָג, חלילה, קיין בלוט איז דערביי נישט גערונען, פאַרקערט, ער האָט געהאַט אַ גאַנץ מילדן און לייכטן טויט. מיר האָבן גוט גע־ ווּסט, דאָס וואָס יעדער אײנציקער פון אײך ווייסט: שטאַרבן מוז יעדער אײנער, בלויז געטער און אידייען זענען אומשטערבלעך. האָבן מיר אַ קלײן ביסעלע צוגעאײלט זײן טויט. מענטשן האַלטן דאָס נישט פאַר קיין פאַרברעכן, ווייל טייל מאָל קען מען עס אפילו גאַנץ פשוט אָננעמען פאַר אַ חסד, לאָמיר אפילו זאָגן אַ חסד של אמת. און געשען איז עס נישט סתם צופעליק. ס׳איז אַרויסגעדרינגען פון אונדזערע געפילן, וועלכע זענען לגבי אים געווען אַ ביסעלע נעגאַטיוו. לאָמיר אָנרופן די זאַך ביים נאָמען: מיר האָבן אים פיינט געהאַט. פאַרוואָס מיר האָבן אים פיינט געהאַט? די פראַגע איז אַ פראַגע, נאָר די תשובה איז נישט אַזוי פשוט, און נישט תמיד קען מען אויף אַזאַ שאלה ענטפערן לאָגיש, נישט יעדער ענטפער לייגט זיך אין אַזאַ פאַל אויפן שכל. ניין טויזנט זיבן הונדערט צוויי און זעכציק פּראָפעסאָרן, סאָציאָלאָגן און היסטאָריקער האָבן אין פאַרשידענע צייטן געזוכט אַ תשובה אויף דער פראַגע, פאַרוואָס מען האָט אויף דער וועלט פיינט יידן. מען האָט געזוכט און געזוכט, און מען זוכט נאָך עד היום, און קיינער האָט נאָך דער־ ווייל די סיבה נישט געפונען. היינט צו טאָג זיצן עטלעכע הונדערט געלערנטע און טראַכטן אַריין, פאַרוואָס יידן האָבן זיך פיינט צווישן זיך, פאַרוואָס זיי האַסן איינער דעם צווייטן, כאָטש זיי שטאַמען דאָך, מסתמא, פון איין שורש — און אויך אויף דער דאָזיקער פראַגע איז שווער צו געפינען אַן ענטפער, אָבער דאָס געהערט שוין נישט צו מיינע קאָמפּעטענצן און נישט צו מיינע דערפאַרונגען וועגן דערמאָרדעטן מאָלער.

עס זענען געווען אייניקע סיבות, מיר זאָלן אים פיינט האָבן. קודם כל האָבן מיר אים פיינט געהאַט, ווייל ער איז געווען עטוואָס אַנדערש פון אונדז אַלע. ער האָט זיך אויפגעפירט אַנדערש, גערעדט אַנדערש, געשאַפן אַנדערש, געהאַט אַנדערע פעדערן, ער איז געווען ווי אַן אונטערגעוואָרפענער פויגל אין אַ פרעמ־ דער נעסט.

ער האָט זיך אויפגעפירט שטיל און באַשיידן, און מיר האָבן אים חושד געווען, אַז די דאָזיקע באַשיידנקייט זיינע איז ביי אים אַ געקינצלטע מאַניער, און אַז זי נעמט זיך פון זיין גרויסער גאווה — און ביז היינט בין איך נאָך כמעט זיכער, אַז אַ ביסעלע זענען מיר געווען גערעכט אין אונדזער חשד. אפשר האָט ער אונדז געוואָלט פשוט אַריבערפישן מיט זיינע גוטע מידות? איז דאָס געווען איין מאָל איינס. אַחוץ דעם זענען נאָך געווען מיספאַרשטענדענישן מיט זיין קונסט, מיט זיינע שאַפונגען. מיר האָבן נאָך נישט גוט פאַרשטאַנען זיינע ווערק. און אויך דאָס איז געווען זיין שולד און נישט אונדזערע, ווייל קונסט דאַרף זיין פאַרשטענדלעך און איינדייטיק, פונקט ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר. קונסט דאַרף נישט פאַרלאַנגען קיין אינטעלעקטועלן אָנשטרענג, ווייל די וועלט איז שוין במילא מיד פון דענקען און פון זאָרגן. שוין אָפּגערעדט וועגן די שווערע ליידן, וואָס זענען אויף דער גאַנצער וועלט פאַראַן אין שייכות מיטן

קאַמף פאַר פרייהייט און קעגן פרייהייט, פאַר אַ גערעכטער אָרדענונג און קעגן אַ גערעכטער אָרדענונג, פאַר פּראָגרעס און פאַר רעגרעס, און אויך פאַר אַ גליקלעכער צוקונפט אויף אונדזער רוּמפּולן ערד־קיילעך, וואָס ציט זיך און שפּרייט זיך פונאַנדער פון לאַנד פון די ווייסע בערן ביז צום לאַנד פון די שוואַרץ־ווייסע פּינגווינען.

ווו האַלט איך? יאָ, ביים מאָלער האַלט איך. אַזוי, אַז אונדזער נעגאַטיווע אָפּשאַצונג פון זיינע דעפּעטיסטישע ווערק איז געווען אַ גערעכטע, כאָטש נישט אין גאַנצן. ווייל אין גאַנצן גערעכט איז אפילו דער רבונו של עולם אַליין אויך נישט. אין יעדער גערעכטיקייט איז פאַראַן אַ דערלאַזבאַרע גרענעץ פאַר אַ טעות. און אויב מען זאָגט, אַז פלוני בן פלוני איז פולקאָם גערעכט, הייסט עס נאָך נישט, אַז זיין אַנטאַגאָניסט איז שוין אין גאַנצן נישט גערעכט. תמיד איז נאָך מעגלעך אַ ויש אומרים. און נאָר דער בית דין של מעלה, וועלכער האָט אַ סך דערפאַרונג און אַ סך צייט, איז קאָמפּעטענט אַרויסצוברענגען דעם אמת של אמת און דעם גערעכטן פּסק. אָבער מיר, דאָ, אויף דער ערד, מיר זענען נישט מער ווי מענטשן און מיר זענען אונדזער אייגענעם ברודער, דעם גרויסן קינסט־לער (ווייל שפּעטער זענען מיר געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ער איז דאָך געווען אַ גרויסער קינסטלער, אָבער דעמלט איז שוין געווען צו שפּעט...) דער־גאַנגען די יאָרן און ווירקזאַם דערנענטערט זיין פּריצייטיקן טויט. וואָס אַן אמת, האָבן מיר זיך אין אַ געוויסן טאָג געכאַפּט, אַז מיר זענען באַגאַנגען אַ פעלער לגבי אים, אָבער איר ווייסט דאָך די טבע פון אַ מענטש: ער האָט שוין דעמלט געגוססט און אונדז איז געווען אַ ביסל פיינלעך צו קומען און צו בעטן ביי אים מחילה. איבעריקנס — וואָס וואָלט דאָס אים געהאָלפן? גאָרנישט. און ער האָט דאָס פאַרשטאַנען און איז געשטאָרבן אָן אַ פאַרדרוס.

די לוויה איז געווען אַ באַשיידענע, ווייל ער אַליין איז דאָך אויך געווען באַשיידן און האָט אויך ליב געהאַט באַשיידנקייט ביי אַנדערע. מיר האָבן אים באַגראָבן און איצט האָט ער שוין געהאַט דאָס, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט: די ערד, וואָס שמעקט מיט איידעלע ריחות פוןביימער־וואָרצלען, אומענדלעכע רו, אייביקע שטילקייט. שלעכט? איינער פון אונדז, דאָס הייסט פון זיינע גוטע פריינט, האָט זיך פאַרנומען מיט דער אלמנה — זי איז נאָך געווען גענוג יונג און גענוג שיין, בכדי צו געפינען אַן אויפריכטיקע און פילזייטיקע טרייסט ביי אַ מענטשן, וועלכער האָט געקאָנט איר מאַן, געהאָלפן אים שטאַרבן און באַ־טייליקט זיך אין זיין לוויה.

און טאַקע דעם דאָזיקן פאַרשטאָרבענעם מאָלער האָב איך דאָ באַגעגנט. ער איז געשטאַנען לעבן אַ פעכער פון פלאַכע פּילפאַרביקע טאָוולען, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום דער אייגענער אַקס — מעגלעך, אַז נישט טאָוולען זענען עס געווען, נאָר בינטלעך פון פאַרביקע שטראַלן אָדער שטראַלנדיקע פאַרבן, גענוי האָב איך עס נישט געקענט פעסטשטעלן. און פון די דאָזיקע שטראַלן האָט ער אַרויסגענומען באַזונדערע קאָלירן, ער האָט עס געטאָן מיט די הענט, אַזוי ווי

מען נעמט אַרויס אַ ראַשטשינע פון אַ הילצערנער דזשיזשע. ער נעמט אַרויס, באַטראַכט דאָס טייג ביי דער זונשיין, קנעט אין די לאַדאָניעס די אומפּאַרמיקע אָבער לעבעדיקע קאָנסיסטענץ פון פאַרבן און ניואַנסן, און אונטער דער ווירקונג פון זיינע צאַרטע ציטערנדיקע פינגער בליען זיי אויף מיט אַ ניי לעבן, און אויך אַ נייע קאָנסיסטענץ נעמען זיי אָן, זיי מיניען זיך מיט אַן אויסטערלישן גלאַנץ, וואָס איז אין יעדער רגע אַנדערש. אָדער זיי ווערן פלוצים אומעטיק און מאַט — אָפּהענגיק פון מאָלערס ווילן און פונעם הויך פון זיינע לעפצן, ווייל מינוטנווייז לייגט ער זיי צו צו זיינע ליפּן, ווי ער וואָלט זיך באַמיט אַריינצוהויכן אין זיי, אַריינצובלאָזן אין זיי די וואַרעמקייט פון אייגענעם אָטעם און די לייכטקייט פון דער אייגענער נשמה. און די דאָזיקע פאַרבן, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון דער ראַשטשינע, האָט ער צוזעמאָסטן איינע צו דער צווייטער, אַרויפגעלייגט ביידע אויף דער דריטער, אָדער נאָך אַנדערש: ס׳האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז ער ענדערט גאָרנישט און אַז ער טוט גאָרנישט דערביי, און דאָך מיט איין איינ־ציקער קליינינקער באַוועגונג האָט ער באַוויזן אַרויסצובאַקומען אַ גאַנץ נייע טיפקייט אָדער אַ גאַנץ נייעם פּערספּעקטיווישן מרחק — קוקסט און ווייסט נישט, וואָס איז נאָענט און וואָס איז ווייט. אַזאַ שפּיל איז עס ביי אים געווען, אַ שפּיל פון אילוזיעס, כמעט אַזוי שיין ווי אין אַן אַלטן פּאַטאַפּלאַסטיקאָן. און זיינע הענט: פול מיט גאָלד, פול מיט גרינקייט, וואָס שמעקט ווי פריש געקאָסיעט גראָז, פול מיט הימל־בלויקייט.

ער האָט מיך באַמערקט און האָט צו מיר געשמייכלט. הייסט עס, אַז ער האָט נישט געפילט צו מיר קיין שום שנאה, נישט געהאַט קיין בייז האַרץ אויף מיר — אַזאַ גוטע נשמה איז ער פאַרבליבן. ווייל סוף כל סוף האָט ער דאָך גוט געוווּסט, אַז נישט איך האָב אים דערהרגעט, איך בין נישט קיין מערדער. איך בין געווען איינער פון די מילדע — כ׳האָב אים נישט דערלאַנגט מיט קיין מעסער, צו דעם בין איך קיין מאָל נישט געווען מסוגל. און מיט דער פולער אויפריכטיקייט פון אַ משוגענעם, קען איך אייך שווערן, אַז אין מיין גאַנצער משפּחה איז קיין מאָל נישט געווען קיין מערדער. פאַרקערט: כ׳געדענק — איך האָב אַ מאָל געזען אַ פייגעלע מיט צעבראָכענע פליגל, עס האָט זיך געריסן צום פליען און עס האָט נישט געקאָנט; האָב איך זיך צעוויינט, אַזוי האָט עס מיך גענומען, ווייל אויך איך בין דאָך צום דאָזיקן פייגעלע ענלעך, אויך איך בין ווי אַ פויגל וואָס וויל שוועבן אין די רוימען און קען נישט, ווייל די פאַרשאָלטענע ערד האַלט מיך מיט אירע פיזישע אייגנשאַפטן.

אויב מען זאָל געניי אונטערזוכן דעם פאַל, קען איך מיט אַ רויק געוויסן זאָגן, אַז נישט איך האָב צוגעאיילט זיין טויט. ווער בין איך דען געווען? וואָסערע מאַכט האָב איך געהאַט? כ׳בין געווען אַ גאָרנישט און געבליבן אַ גאָרנישט. אַנדערע האָבן וועגן אים געשריבן, אַז ער מאָלט קיטשן, אַז ער איז אַ דעגענעראַט, אַן אימפּאָטענט, און אַז זיין שוועסטער איז אַ גאָסן־מויד. איך בין זיך מיט אים באַגאַנגען מיט דער צאַרטקייט פון אַ גוטן פריינט. איך האָב אים בלויז פּאַרויס־

געזאָגט, אַז קיין גרעסערע קאַריערע וועט ער קיין מאָל נישט דערגרייכן. און דאָס מאָל האָב איך נישט געזאָגט קיין ליגנס. ער האָט טאַקע נישט דערגרייכט. ער האָט נישט געהערט צו יענע, וואָס דערגרייכן. ער האָט אויסגעהויכט זיין קינסטלערישע נשמה אין אַ געוויסן פרימאַרגן, ווען דער זומער איז געווען אין פולן בלי. זיין קבר האָבן מיר באַדעקט מיט פרעכטיקע כריזאַנטעמעס און מיט רויזן, וואָס זענען גראָד אין יענעם יאָר געווען זייער ביליק, צוליב גרויסע גערע־טענישן אין די אָראַנזשעריעס פון גאַנצן לאַנד.

איצט בין איך געשטאַנען אַנטקעגן אים צווישן לעבן און טויט, און איך האָב געזען אים און איך האָב אויך געזען זיך אין דער גרויסער פלאַך פון אַ שפּיגל, אין וועלכן עס באַוועגט זיך די ווירקלעכקייט, און אויך דער בלאָף וועגן דער ווירקלעכקייט. אָבער צי בין איך שולדיק, אַז קיין שום אמת איז נישט דער פולער אמת; בין איך דען שולדיק, אַז נישט נאָר מענטשן זענען ליגנערס, נישט נאָר די מענטשלעכע אויגן, נאָר אויך די שפּיגלען? די וועלט איז פול מיט שקר. און די גרעסטע שקרנים זענען מענטשן, וואָס גאָט האָט זיי באַשאַנקען מיטן כוח הדמיון.

ב.

דער זאַל איז גרויס ווי די וועלט און עס שוועבן אין אים אַרום קלאַנגען — ווי צעפלאַשעטע פערד, וואָס עמעצנס שטאַרקע האַנט פּרוווט זיי באַצוימען. אַן עסטראַדע. אַ טעאַטער אַן ווענט. אַ צירקוס אַן אַ קופּאָל. עפּעס אַ ריינהאַרדט פירט דאָ אויף זיינע מיסטעריעס, זיינע מיסטעריעזע פאָרשטעלונגען אויף די שפּיציקע דעכער פון די גאָטישע קירכעס. מלאכים פליען אַרום איבער מיר, איבער יעדערמאַנען. גלאָקן, טויבן, כאָרן. דער מלאך המות מיט אַ קאָסע אין דער האַנט. אָרגלען. יאָהאַן סעבאַסטיאַן באַך. קלאַנגען, וואָס ציטערן, וואָס זשומען ווי בינען, זלינדע קלאַנגען ווי פליגן. קלאַנגען וואָס זענען מעכטיק ווי אַ ים־שטורעם, וואָס זענען שטיל ווי שמעטערלינגען — סאַראַ פּאַראַדאָקס! מוזיקאַלישע פּויזעס. אַ מענטש מיט ווילדע בליקן און מיט לאַנגע האָר — אַן אַנאַכראַנישע געשטאַלט — שטייט לעבן אַ פּאַרטעפּיאַן — דער פּאַרטעפּיאַן איז גרויס ווי אַן עלעפאַנט — פון צייט צו צייט רירט ער אַן די קלאַווישן, ער צערטלט זיי, ווי מען צערטלט דעם נאַקעטן קערפּער פון אַ געליבטער פרוי. אָדער ער שלאָגט זיי ברוטאַל מיט דער פויסט. ער גייט אַוועק. ער טרייבט פון זיך אַוועק אַ פליג. ניין. נישט די פליגן טרייבט ער, נאָר די קלאַנגען. ער וואַרט. ער קוקט זיך אַרום. ער קוקט אין דער זייט. אַרויף צום הימל. פון וואַנעט וועט זי קומען, די הייליקע באַ־גייסטערונג, די שכינה.

פלוצים, מיט אַ בליץ־שנעלער באַוועגונג ציט ער אויס די האַנט, ווי ער וואָלט וועלן כאַפּן און הרגענען אַ גיפטיקן מאָסקיט. ער האָט אים! דער יעגער פון קלאַנגען לויפט צו צום פּאַרטיפּיאַן, די געכאַפּטע פליג דערנענטערט ער צום אויער, מיט דער צווייטער האַנט קאָנטראָלירט ער דעם ווערט און די קוואַליטעט

פון טאָן אויף דער קלאַוויאַטור. די פליג פעלשט. די קלאַוויאַטור איז צו קורץ. אַלץ איז צו קליין, צו ווינציק, כאַפּט עס דער וואַטנמאַכער! ווי פיל מאָל קען מען איבערחזרן די זעלבע וואַריאַציעס אויף אַ טעמע, אַלץ אויף די זעלבע פינף ליניעס, אַלץ איז שוין געווען, געווען, און אים זענען נויטיק אַזעלכע טענער, ווי יענע וואָס האָבן געהאַט דעם כוח חרוב צו מאַכן די מויערן פון יריחו. עפּעס פאַרשרייבט ער. און ער וואַרט, און גאָרנישט.

פּלוצים איז זי געקומען. אַ קלייניקע אַזעלכע, נישט אַ נאָטע, נאָר אַ נאַטעלע, ס׳וואָלט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז ס׳איז גאָרנישט, און דאָך. זי איז געקומען, די סוואַלאָטש, ווי אַ גילדן זינגנדיק פישעלע. און דווקא זי איז אים געווען נויטיק צו דער גרויסער אומשטערבלעכער סימפאָניע. איצט הערט ער זי. ער האָט זי פאַרשריבן, זי וועט שוין איצט נישט אַנטלויפן. זי שטעקט אויף דעם נאָטן־פּאַפּיר ווי אַן אַקס אויף דער לאַנקע.

איז ווידער געוואָרן שטיל, און ער ווערט ווידער פאַרגליווערט אין דער־וואַרטונג. די שטילקייט וואַקסט. זי איז שוין כמעט אַבסאָלוט. אָבער ער ווייסט: באַלד וועלן זיי דערשיינען, די אַכצנטלעך און די זעכצנטלעך, די בעמאָלן און די צלמלעך, די טאַקטן און פּראַזן, איינצלווייז וועלן זיי קומען, אָדער אין גאַנצע סטאַדעס ווי רעוועדיקע לייבן אין דעם חודש פון זייער ווילדער, נישט געהעמ־טער ליבע.

ער הערט שוין: זיי דערנענטערן זיך, זיי לויפן פאַרביי, זיי פליען, זיי זענען שוין דאָ — מיט אַן אוממענטשלעכער זיכערקייט זענען זיי אָנגעקומען, פריידיקע, גאָרנדיקע צו גליקלעכע געלונגענע זיווגים — פּסאַלמאָדיעס גאַנצע, קאָנצערטן, סימפאָניעס.

מיט די צען פינגער, ווי מיט צען האַמערס שלאָגט ער דעם ציטערנדיקן פאָרטעפּיאַן, ער אײַלט זיך, ער פאַרוואַנדלט די קלאַנגען אין לאַנדשאַפטן גרינע, אין גאָלדענע מדבריות, אין בערג, אין אַפּגרונטן, אין קראַטערן פון ווולקאַנען, אין ערד־ציטערנישן. זיי דריקן אים צו, זיי פאַרשיטן אים, זיי פאַרניכטן אים — די אַפּאָקאַליפּטישע קאָנטינענטן, וואָס עקזיסטירן שוין זייט ששת ימי בראשית, און די אַרכיפּעלאַגן פון אומבאַקאַנטע אינדזלען, וואָס זענען ערשט היינט דורך אים אַנטדעקט געוואָרן. טיפענישן פון ימען, און פלאַכע ביי־ברעגיקע זאַמדן, אויף וועלכע עס דרימלען בלויז טייל מאָל די טשערעפּאַכעס.

ער קרעכצט ספּאַזמאַטיש, ווי אַ חיה, וואָס דערנענטערט זיך צום אומבאַ־הערשטן אַטאַוויסטישן אָרגאַזם. ער מאַטערט זיך אין די זיסע יסורים פון שעפע־רישקייט, אין קאַנוולסיעס פון אויסגעלאַפּענעם ווייטיק. די פיס וואַקלען זיך אונטער דעם שיכורן קערפּער פון מאַסאָכיסט.

## מאיר האַלפּערן

*    *
*

ער האָט זיינע טעג אין רינגען אויפגעקליבן,
אין זייער פאַרזשאַווערטער רויטקייט זיין פּנים אָפּגעשפּיגלט;
אַלע נעסטן האָבן אין שרעק פאַרציטערט
און אין די היימען, ווו פייערלעך האָבן געפלעמלט,
זענען זיי פּלוצים פאַרלאָשן;
נאָר צעברויזט האָט זיך דער לעצטער אין דער נאַכט —
דער ווינט —
אָפּגעדעקט די שווער־בייכיקע שטיינער
און זיי האָבן געשוויגן...

דער ווינט האָט געטאַנצט אַ באָרוועסער,
מיט זיינע ווינטיקע פליגל געטריבן אַלץ,
וואָס האָט זיין וועג איבערגעריסן.

2.
אין נאַכט פּראַקטיקער האָט די לבנה געבלאָנדזשעט
איבער די דעכער.
דער הימל אויף איין אָרט און אין איין ווינקל
האָט מיט טויזנטער שפּיזיקע ווונקען געגלימערט.
פון אַלע טירן — אויפגעהויבן אומעטום —
האָט זיך אַ סקריפּעניש דערטראָגן —
בייטשיקע עכאָס האָבן זייער קראַפט אָפּגעשלאָגן...

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן פון שגעון דער וועג —
פון חלום און שרעק. — — —

* *
*

לעווינען

דאָס לעבן זיינס — אַ טרער
הענגט איבער אַלע —
אין יעדן שוואַרצאַפּל
בליען וועט זיין טרויער.

די וועגן זיינע פאַרשעמטע,
בלוטיקע, האַרבע —
די לייבער געשלאָגענע
וואַלגערן זיך אין חרפּה.

הונגער צעפּרעסן האָט דאָס ליכט
פון זיינע טעג —
די ערד פאַרדעקט יעדנס פּנים באַזונדער.

## די היים

די זון, די ברוין־מידע זון,
שלייכט זיך איבער אַלע וועגן ;
צי וועט נאָך ווער פאַרגעדענקען
פון דעם זומער דאָס אויסגעברוינטע ליכט ?...

דאָס הויז פאַרקוקט־פאַרדרימלט ;
פאַרזונקענערהייט גייט אויף אַ שיין
און גלעט דאָס אַלט געהילץ
צו דערמאָנען, אַז ס׳איז געשטאַנען דאָ
דער אַלטער קאַרשנבוים וואָס ר׳האָט פאַרלוירן
אַלע צווייגן פון יאָרן לאַנג...
און אַ פויגל ווי אַן אביון קלאַמערט זיך
אָר זיין פאַרדאַרטן לייב —
און טרילערט אויס זיין האַרציקייט.

## זיאַמע טעלעסין

## לידער פון פאַרשידענע העפטן

### דער פרייז

אויף יענער זייט טייך —
צו דער לאָנקע מיט בלומען,
קענסט צוקומען מיט אַ פּאַראָם.
נאָר צו די לידער,
צו וועלכע ווילסט קומען, —
ליגט אַ תהום.

מיט דעם פּאַראָמטשיק
דו דאַרפסט זיך ניט דינגען, —
אַ שמץ דער איבערשווים קאָסט.
נאָר פאַר דעם תהום,
וואָס דו מוזסט איבערשפּרינגען,
באַצאָלסטו מיט אַלץ וואָס דו האָסט.

### תשעה באב

אַ שטערן האָט געגעבן זיך אַ קריש
און זיך צעשאָטן איבער מיינע שויבן.
איך האָב פון טאַבורעט זיך אויפגעהויבן,
אויף וועלכן כ'בין געזעסן ביי מיין טיש.

איך טו אַ קוק אין דרויסנדיקן בלוי —
דער הימל ווי אין פייערדיקע פּאָקן.
כ'טו אויס די שיך און בלייב אין איינע זאָקן,
און איבער שטוב אַרומגיין כ'נעם אַזוי.

ווי איבער פּריסעק, דרכט זיך אויס, איך טרעט,
פון אַלע זייטן — רונד אַרום — רוינען . . .
וווּ איז מיין שטוב ? איך קען זי ניט געפינען.
ס׳איז מיר פאַרבליבן בלויז דער טאַבורעט.

איך קער אים איבער מיטן קאָפּ אַראָפּ,
די פיסלעך, ביז צו מיינע אַקסלען גרייכן
ווען כ׳זעץ זיך צווישן זיי מיט אַ פאַרנייגטן קאָפּ.
כ׳האָב אויפן קול גענומען זאָגן איכה.

## אַ באַלאַדע וועגן צוויי שטערן

ער איז דער ערשטער אַראָפּ פון ״אל־על״
און געבליבן צעטומלט שטיין.
נאָר מיט אַ מאָל געטאָן אַ פאַל,
אַזוי ווי אַ שווערער שטיין,
און קושן גענומען די הייסע ערד
מיט אַ פאַרשטיקטן געוויין.

מען גייט און מען גייט פון דעם עראָפּלאַן,
וואָס לויכט אויף דער זון ווי גלאָז,
און גלייך צו דעם ווייענדיקן מאַן
טוט יעדערער זיך אַ לאָז,
און כורעים מען פאַלט אויף דער הייסער ערד,
וווּ ס׳וואַקסט ניט קיין ברעקל גראָז.

דער לעצטער אַרויס איז אַליין דער פּילאָט —
סאַראַ הייך ! סאַראַ ברייט ! סאַראַ שטאַלט !
ווי נאָר די יידן דערזען ער האָט,
זיין טראָט מיט אַ מאָל זיך פאַרהאַלט,
און שווערע צוויי טרערן אויף דער הייסער ערד —
איינס נאָך דער צווייטער פאַלט.

# ווען מיין אויסלייג פון די העברעיזמען

אַ שאַנדע אַרויסוואַרפן איז פאַר דער טיר
אפילו דעם הונט, וואָס האָט אָפּשיי פאַר מיר,
מיין אויסלייג פון די העברעיזמען.

ווען כ׳וואָרף אים, אַ שטייגער, דעם ״עמעס״ אַרויס, —
ער וואָלט מיך באַהאַווקעט אַזוי ווי כ׳בין גרויס.

ווען ער וואָלט דערזען ווי ״עמונע״ איך שרייב, —
ער וואָלט מיר אוודאי צעביסן דאָס לייב.

— אָט דאָס איז ״אמונה״? אָט דאָס איז דער ״אמת״?
וואָס וואַרפסטו פאַר מיר? תיכף נעם און פאַרברען עס!

אַ ייד, וואָס זיך האָט צווישן יידן געריבן,
זאָל אויסלייגן ״נחת״ מיט גרייזן מיט זיבן!

מיט אָט אַזאַ ״קעלעוו״ אַן אַנונג קענסט האָבן
אַווו איז דער אמתער כלב באַגראָבן? —

אַזוי וואָלט דער הונט מיר געזאָגט אויף זיין שפּראַך, —
און וואָלט אויסגעלאַכט — מיטן ווידל אַ מאַך —
מיין אויסלייג פון די העברעיזמען.

# פֿאַלאַפֿעל

אין אַ צווישן אויפֿן מאַרק,
ווי אין אַ שאַפֿע,
שטייט אַ ייִד פֿאַרהאַוועט שטאַרק, —
ער גרייט פֿאַלאַפֿעל.

דער ייִד ווייזט אויס איז פֿון טוניס,
צי פֿון מאַראָקאָ,
ער ווייסט שוין וואָס פֿאַלאַפֿעל איז —
ער איז אַ בקי.

ער נעמט אַ פּלעצל אויסגעבאַקט
אַ ביסל ווייכלעך,
ס'איז ראָז ביי אים די רעכטע באַק,
די לינקע ווייכלעך.

אַזאַ מין פּלעצל איז באַקאַנט
מיר נאָך פֿון ליטע.
אַזאַ מין פּלעצל דאָ אין לאַנד
רופֿט מען פּיתה.

ער טוט די פּיתה טיף אַ שניט, —
אַ צעעפֿן.
ער שטאָפּט זי אָן מיט וואָס נאָר ניט, —
קענסט אַלץ דאָרט טרעפֿן:

סיי פֿלייש, סיי גרינס, סיי כומוס. כ'מיין
ניט פֿול איז מיין רעיעסטער.
אַליין דאָס קיניגל כוסיין —
פֿאַלאַפֿל עסט ער.

כ'בין מודה זיך — מיין אַפּעטיט
איז גאַנץ אַ שלאַפֿער, —
נאָר כ'עס מיט אַלעמען דאָ מיט
מיט אַזאַ גרויסן אַפּעטיט
פֿאַלאַפֿעל.

# דאָס וואָלקנדל

ווען ס'האָט דאָס ערשטע וואָלקנדל
דעם הימל אויסגעמיטן, —
פונקט דעמאָלט האָט אַ וואָלקנדל
זיך צווישן אונדז פאַרשניטן.

נאָר צווישן אונדז דאָס וואָלקנדל
ניט לאַנג האָט אָנגעהאַלטן.
אַנטרונען איז דאָס וואָלקנדל
גראָד אין אַ טאָג אַ קאַלטן,

ווען ס'ווערט בלויז פון איין וואָלקנדל
אַ כמאַרע ניט קיין קנאַפּע . . .
ס'האָט נאָר פון אונדזער וואָלקנדל
אַ טרער אַרויסגעקאַפּעט —

און אויס. אָט איז דאָס וואָלקנדל
ניט צווישן אונדז, חלילה!
זיך ווייזט דאָס ערשטע וואָלקנדל
אין הימל אין גלילער.

אַ וואָלקן ווערט פון וואָלקנדל,
און וואָלקנס — פונעם וואָלקן.
דאָס האָט דאָס ערשטע וואָלקנדל
געבראַכט זיי גאַנצע פאָלקן —

פון די גלילער הויכקייטן,
פון די ירדנער ברעגן, —
אַ קאַפּ, אַ טריף און ס'איז אַוועק
אַ מאַכלדיקער רעגן, —
דער ערשטער רעגן!

## דער ״קאַלאַשניקאָוו״

ס׳האָט דער ״קאַלאַשניקאָוו״ זיך נאָך ניט אָפּגערוט,
ניט אָפּגעקילט זיין ראָר דער אָנגעגליטער, —
ווי ער האָט ווידער שוין פֿאַרגאָסן אונדזער בלוט,
און ווידער יאָמערן די מאַמעס ביטער.

און ווידער שוואַרץ זענען די טאַטעס ווי די נאַכט,
מיט צאָרן זענען אַלע הערצער פֿולע!
ווער האָט זיי דאָס געווער אַראָפּגעבראַכט,
וואָס אויסגעשמידט מע האָט עס דאָרט אין טולע?

און ניט נאָר טולע שמעלצט פֿאַר אונדז דאָס בליי
דורך מידע טעג, דורך נעכט פֿון ניט דערשלאָפֿן...
צי ווייס כאָטש איינער פֿון דער וואָפֿנשמידעריי
אין וועלכע הענט עס פֿאַלט אַריין דאָס וואָפֿן?

ער ווייס נאָר האָרעווען. אונטערן העמד
ביי אים דער שווייס נעמט ווי אַ קרעץ פֿאַרקילן.
ביי זיך אין לאַנד איז ער ווי אין דער פֿרעמד.
דאָס זעלבע בליי אין אים אַליין קען צילן.

ס׳איז ווינציק גאַזלאָוואַי, דו גיב זיי מער!
פֿאַרכליאָבעט ווערן זיי צו אונדז אין ווילדער שינאה, —
אָט די וואָס שיקן די ״קאַלאַשניקאָווס״ אַהער, —
די יורשים פֿון דעם גזלן, דעם גרוזינער.



יאָסל בירשטיין

# אַ פּרינץ פון שבתים

## פראַגמענט פון ראָמאַן "ראַלידערס ערשטע נסיעה"

דער שידוך מיטן מיידל פון שטאָט איז געווען פאַרבונדן מיט זיין פּלאַן צו גיין וווינען אויפן דאָרף. שלמה בעלפער האָט געזוכט אַ לעבנס־באַגלייטערין מיט שותפותדיקע אידעאַלן. אַזוי איז געווען פאַרצייכנט אין שידוכים־ווינקל אין צייטונג, און דער בריוו וואָס ער האָט באַקומען פון מיידל איז געווען אַן ענטפער אויף זיין ובאַגער. דאָס מיידל האָט אים געשריבן, אַז כאָטש איר היים איז די שטאָט, איז דער קיבוץ איר טרוים און ס'חלוצישע לעבן איר אידעאַל. און אויך דאָס, וואָס ער איז אַ חלוץ האָט געהאָלפן צום געפעלן ווערן. אַ פערטל שעה איז ער געגאַנגען הין און צוריק לעבן הויפּט־קינאָ אין שטאָט, כדי זי זאָל אים זען. אַזוי האָבן זיי אָפּגעשמועסט צווישן זיך מיט דער הילף פון דעם שדכן. און כדי עס זאָל נישט אַריינפאַלן אַ טעות האָט ער געטראָגן אַ סימן, אַ רויטע בלום אין לאַץ.

נאָך דעם ווי שלמה בעלפער האָט זיך געוויזן פאַרן מיידל, האָט דער שדכן באַשטימט זי זאָל פאָרן אין קיבוץ אַריין, קיין ילון, צו ווערן געזען. אין דעם באַשטימטן טאָג האָט שלמה בעלפער צוגעגרייט אַ קליינע מסיבה און פאַר נאַכט צו, ווען איך בין אָנגעקומען מיט די שעפסן פון פעלד, האָב איך אים געטראָפן שטיין אויפן שאָסיי, ביים טויער פון ילון, וואַרטנדיק אויפן אויטאָבוס פון שטאָט. ער האָט געלאָכט צו מיר פון דער ווייטנס און אַריבערגעשריגן די קולות פון די שעפסן, איך זאָל נישט פאַרגעסן צו קומען שפּעטער אין אָוונט צו אים אין צימער אַריין.

ווען איך בין געקומען צו אים אין אָוונט, האָט ער געהאַלטן ביים אויספּאַר־טיקן אַ לייכט־טורעם פון האָלץ. ער האָט געשניצט און זיך צוגעברומט אַ ניגון. אין זיין צימער זענען געווען נאָך לייכט־טורעמס, וואָס ער האָט אַליין געמאַכט. זיי זענען געשטאַנען אויף די פּאָליצעס און זיי זענען אויך געהאַנגען אויף די ווענט. די טיר פון זיין אַלמער איז געווען אָפן, און אויך דאָרטן אינעווייניק זענען געווען אָנגעשטעלט אַ סך לייכט־טורעמס. ער האָט געוואָלט, אַז דאָס מיידל פון שטאָט זאָל גלייך ביים אַריינקומען אין זיין צימער זען אַלע לייכט־טורעמס, וואָס ער האָט געמאַכט. אָבער דאָס מיידל איז נישט געקומען. שלמה בעלפער האָט געשניצט און געברומט און איך האָב זיך אָוועקגעזעצט לעבן טישל און געקייט

געזאַלצענע שטעקעלעך, וואָס איך האָב אַרויסגעצויגן פון אַ כוס. שלמה בעלפער האָט געוואָלט וויסן, צי דער לייכט־טורעם געפעלט מיר. איך האָב געקוקט ווי ער האָט אָנגעהאַנגען אויף אים אַ באַלעכל פון געפוצטן מעש. אַלע טורעמס זענען געווען באַפּוצט מיט מעש. טעצעלעך, רינגען און קנעפּלעך. ס׳זאָל גלאַנצן. אויף דאָס גרויסע בוך, וואָס איז געשטאַנען אויף דער נידעריקער פּאָליצע, אַפּגעהיטן צווישן צוויי לייכט־טורעמס, איז געווען באַפּוצט אַרום די קאַנטן פון די טאָוולען, מיט מעש. איך האָב אַרויסגעצויגן דאָס בוך פון צווישן די צוויי שומרים און איבערגעלייענט דעם נאָמען. ס׳איז געווען דער יובל־בוך פון קיבוץ ילון. שלמה האָט געזען, וואָס איך האָב געטאָן, האָט ער געבעטן איך זאָל עפענען דאָס בלאַט, ווו דאָס בענדל איז געווען פאַרלייגט. ווען איך האָב אַזוי געטאָן האָט ער געוואָלט איך זאָל לייענען, בעת ער האָט געשניצט דעם טורעם. אויף איין זייט פון בלאַט איז געווען אַ פּאָטאָגראַפיע פון שלמה בעלפער, אַ יונגער בחור מיט אַן אויסגע־לייגטן קאָלנער, און אַרום און אַרום דעם בילד האָט זיך געשריבן וועגן שלמה בעלפער און ווי אַזוי ער איז געקומען קיין ישראל. איידער איך האָב אָנגעהויבן לייענען פון בוך, האָט שלמה בעלפער אויפגעהערט אַרבעטן און דערציילט ווי אַזוי מען האָט געמאַכט דעם יובל־בוך פון ילון.

צום ערשט איז מילעק, סימאָס געוועזענער מאַן, געקומען צו אים אין צימער, געזעסן דאָ לעבן טישל, און שלמה בעלפער האָט דערציילט און מילעק האָט פאַרשריבן. מילעק האָט געוואָלט הערן שלמהס ביאָגראַפיע און זיין וועג קיין ישראל. וועגן דעם איז נישט געווען קיין סך צו זאָגן. וואָס איז שוין געווען צו דערציילן וועגן אַן אָרעמער שטוב, וועגן דחקות און נויט? אפשר ווען שלמה בעלפער אַליין וואָלט געווען לייכט אויף דער פּען און ער וואָלט נישט געדאַרפן אָנקומען צו אַ צווייטן, מען זאָל פאַרשרייבן זיין לעבנס־געשיכטע, וואָלט ער שוין דעמאָלט אַליין געזען, וואָס עס וואָלט זיך געפּאַסט צו פאַראייביקן אין אַ ווערק וואָס דאַרף זיין אַ יובל־בוך, אַ מאָנומענט וואָס וועט פאַרבלייבן אַן אָנדענק אויף דורות. אָבער אַז ער האָט געדאַרפט דערציילן פאַר אַן אייגענעם מענטש, ווי מילעק, מיט וועלכן ער האָט אָפּגעלעבט יאָרן צוזאַמען אין זעלבן קיבוץ, ווי אָרעם זיין לעבן איז געווען, האָט ער זיך געשעמט. מיך האָט שלמה בעלפער נאָך גע־האַלטן פאַר אַ פרעמדן אין ילון, אַ פרעמדער, פאַר וועלכן מען מעג זיך אַ מאָל אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט, און מחמת ער האָט נישט געגלויבט, אַז איך וועל פאַר־בלייבן אין ילון, האָט ער געוואָלט איך זאָל אים זאָגן, אַז ער איז געווען גערעכט, אַז אַזאַ יובל־בוך איז נישט דאָס פּלאַץ מען זאָל פאַרשרייבן דאָרטן אָרעמקייט, הונגער און קללות. אַז עס קאָן גאָרניט זיין צו דערציילן וועגן אַ משוגענעם שטיף־ברודער, וואָס האָט געוואָיעט אין די נעכט ווי אַ וואָלף. איידער דער שטיף־ברודער איז משוגע געוואָרן, איז ער געווען אַ הענדלער פון זונות. געלעבט אין לאָנדאָן און געהאַנדלט אין אַרגענטינע. אין לאָנדאָן איז געלעגן אַ פּרייז אויף זיין קאָפּ. צום סוף האָט מען אים געכאַפּט און פאַרשיקט אויף אַן איינזאַמען אינדזל. ער איז פון אינדזל אַנטלאָפן און ווען ער איז צוריק אַהיימגעקומען אין

שטעטל אַריין צו די אַלטע טאַטע־מאַמע, איז ער שוין געווען שטיל און איידל און קיינעם נישט געשטערט. אין די ווינטער־פרעסט איז ער געגאַנגען איבער די גאַסן און געקליבן פּאַפּירלעך פון פאַרשידענע קאָלירן. קלייבנדיק די גלאַנציקע שטיקלעך פּאַפּיר, האָט ער אָנגעהויבן פרירן. די פינגער און די אויערן זענען אים פאַרפרוירן געוואָרן. אָבער איידער זיי זענען פאַרפרוירן געוואָרן, האָט ער שוין פון פריער געפוילט. איידער דער שטיף־ברודער האָט געפוילט און געפּרירט, האָט ער געוואָלט חתונה־האָבן מיט אַ געלער קאַץ. אַן איבערגעבויגענער איבערן פאַרענטש, פלעגט ער שטיין אויף די טרעפּ און אַראָפּרופן פון צווייטן שטאָק צו דער געלער קאַץ אין הויף אַריין:

״פינף הונדערט דאָלער נדן״.

דאָס האָט ער איר צוגעזאָגט, אַבי זי זאָל ווערן זיין ווייב. צום סוף האָט ער געפּועלט. ער האָט פאַרנאַרט די געלע קאַץ אין אַ שטייג אַריין און אונטערגע־צונדן זי זאָל ברענען. די קאַץ האָט געברענט און דער ברודער האָט געשיינט. ווען דער ווינטער איז אַוועק און דער פרילינג איז געקומען, האָט דאָס פוילעניש זיך צעשפּרייט איבער זיין גוף. דעמאָלט איז דער ברודער פאַרקראָכן אין אַ נאַרע אויפן בוידעם און געוואָיעט אין די נעכט ווי אַ וואָלף. אין אַ פרייטיק צו נאַכט האָט ער נאָך אַלץ געוואָיעט, שבת אין דער פרי איז ער שוין געווען שטיל. אַ גאַנצן שבת האָבן טאַטע־מאַמע אים באַוויינט ווי אַ קדוש. ביי נאַכט, אין שיין פון אַ פעלד־לאַמפּ, האָט מען דעם שטיף־ברודער באַגראָבן.

שלמה בעלפער האָט דאָס אַלץ געדענקט זייער גוט. אויך ווי אַזוי ער איז אַנטלאָפן פון דער היים, זיך געוואַלגערט אין דער פרעמד, אַן געלט און אַן וויסן, נישט קענענדיק אפילו אַן אות, און ערשט אין ישראל, אין קיבוץ, האָט ער זיך אויסגעלערנט שרייבן און לייענען.

שלמה בעלפער האָט זיך ווידער גענומען צום לייכט־טורעם, און איך — צום יובל־בוך. שטילערהייט, מיט די ליפּן בלויז, האָט אויך שלמה בעלפער נאָכגעזאָגט די ווערטער, וואָס איך האָב אָנגעהויבן אַרויסלייענען פון בוך. די ווערטער זענען געווען אויף זיינע ליפּן נאָך איידער איך אַליין האָב זיי אַרויסגעזאָגט, מחמת ער האָט געקאָנט פון אויסווייניק יעדעס וואָרט, וואָס דאָרט איז געווען פאַרשריבן. אַ זיסער שמייכל איז געווען אויף זיינע ליפּן, ווען איך האָב אָנגעהויבן לייענען, ווי אַזוי דער יונגער שלמה בעלפער איז גאָר פרי באַאיינפלוסט געוואָרן פון אַזעלכע דענקער ווי משה העס און פינסקער, ווי אַזוי ער האָט זיך אָנגעזאָפּט מיט דער אידעע פון טעאָדאָר הערצל, דעם באַגרינדער פון ציוניזם, ווי אַזוי שלמה בעלפער האָט אין זיין יוגנט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם זיך אַסימילאַטאָרישן לעבן, ווי אַזוי ער האָט פאַרמאַכט די ביכער פון נעקראַסאָוו און געעפנט די ווערק פון פייערבערג און ברענער. צוזאַמען מיט אַנדערע סטודענטן האָט ער געהאָלפן אָרגאַניזירן קלובן אין די קליינע שטעטלעך, זיך אויסגעלערנט העברעיש, און נאָך דעם געלערנט מיט אַרבעטער בחורים און אָרעמע מיידלעך די באַנייטע, נאַציאָנאַלע שפּראַך פון פאָלק.

ווען איך האָב געענדיקט לייענען די ביאָגראַפיע, איז אויך דער זיסער שמייכל אויף שלמה בעלפערס ליפּן פאַרשווונדן געוואָרן. טרערן זענען געשטאַנען אין זיינע אויגן.מיטן לייכט-טורעם אין די הענט האָט ער גערופן מיין נאָמען עטלעכע מאָל און געפרעגט: „וואָס איז געוואָרן פון אונדז? צו וואָס זענען מיר דערגאַנגען? וווהין זענען פאַרלוירן געגאַנגען אונדזערע אידעאַלן? וווהין? וווהין?!"

איך האָב פאַרמאַכט דאָס יובל-בוך פון ילון און אָנגעהויבן אַראָפּנעמען דעם כיבוד פון טיש, ווייל זיין טיש איז נאָך געשטאַנען גרייט צו דער סעודה — אַ פלאַש וויין, עטלעכע טעלער מיט פּירות. שלמה בעלפער האָט מיר נישט געלאָזן אַראָפּנעמען דעם כיבוד פון טיש. „זאָל עס בלייבן ביז מאָרגן. אפשר וועט זי מאָרגן קומען", האָט ער געזאָגט.

אויף צו מאָרגנס איז געקומען, — נישט דאָס מיידל, נאָר איר מאַמע, אַן אַלטע פרוי און זי האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף שלמה בעלפערן. זי איז געווען זייער בייגעריק צו וויסן, וואָס דער קיבוץ פאַרמאָגט, און שלמה בעלפער איז געווען זייער שטאָלץ צו ווייזן דאָס פאַרמעג. ער האָט איר אַרומגעפירט און געוויזן די הינער, די קי, די גאָרטנס. קיין גרויסן רושם האָט דאָס אַלץ אויף דער אַלטער פרוי נישט געמאַכט. זי האָט נישט געהאַלטן פון היינטצייטיקע הינער, וואָס ווערן אויפגעהאָדעוועט אין עלעקטרישע קאַסטנס. זי האָט אויך נישט געהאַלטן פון די קעלבער, וואָס מען האָט געהאָדעוועט אָן דער מאַמעס מילך. און אפילו צו די מערן אין די גאָרטנס האָט מען היינטיקע צייטן אונטערגעשאָטן פּראַשיקלעך זיי זאָלן וואַקסן שנעלער און רייף ווערן פאַר דער צייט. אַ קליינע און מיט געפרעסטע האָר איז זי געזעסן אויפן עק פון דער באַנק אינעם קליינעם וועלדל פון עטלעכע צענדליקביימער, ווו זיי האָבן זיך ביידע צוגעזעצט אָפּרוען נאָכן שפּאַציר איבערן קיבוץ: „פאַרוואָס לאָזט מען נישט די מערן רייף ווערן צו דער צייט?" האָט זי געפרעגט. אירע קורצע פיס האָבן נישט דערגרייכט ביז צו דער ערד. זי האָט געבויגן די פיס אונטער דער באַנק און זי האָט געזאָגט, אַז מיט די היינטיקע מיידלעך און אַזוי ווי מיט די היינטיקע מערן, וואָס ווערן רייף פאַר דער צייט.

שלמה בעלפער איז געזעסן אויפן צווייטן עק פון דער באַנק. ער האָט גע-האַלטן ביידע פיס אויסגעצויגן שטייף פאַר זיך, כדי זיין מום זאָל זיך וואָס ווייני-קער אָנזען, און ער האָט געזאָגט, אַז צו די היינטיקע מיידלעך וואָלט מען געקאָנט צורעכענען די היינטיקע בחורים. אָבער מיט דעם איז די קליינע פרוי נישט מסכים געווען, און זי האָט געענטפערט שלמה בעלפערן, אַז מיט בחורים איז עס פון תמיד אָן געווען עפּעס אַנדערש, ווייל לויט דער טראַדיציע זענען בחורים שטענדיק געווען פון אַן אַנדערן סאָרט. די לאַנגע באַנק צווישן זיי איז געווען ליידיק און ביידע האָבן זיי גערעדט זייער הויך, ווי זיי וואָלטן געדאַרפט אַריבערשרייען אַ טייכל. די קליינע פרוי איז נישט געווען זיכער צי שלמה בעלפער האָט פאַר-שטאַנען איר כוונה, און זי האָט געוואָלט וויסן, צי ער האָט געהערט און צי ער ווייסט וואָס עס איז אַזוינס טראַדיציע. זי האָט נישט געוואַרט אויף זיין ענטפער און געזאָגט: „מיין טאָכטער זעט אויס אַזוי ווי די טראַדיציע פאַרלאַנגט".

און זי האָט אָנגעהויבן אָפּשילדערן איר אויסזען: שוואַרצע, לאָקנדיקע האָר, אַ בלייך פּנים און זי זיצט אין דער היים און קוקט אַרויס דורכן פענצטער. ווען שלמה בעלפער האָט דאָס געהערט, האָט ער אַרויפגעלייגט זיין שטייפן פוס אויף דער באַנק, אַרויפגעצויגן אויך דעם אַנדערן פוס און אַזוי זיצנדיק מיט אויסגע־צויגענע פיס אויף דער לענג פון דער באַנק, האָט ער געוואָלט מען זאָל אַ שמועס טאָן תכלית. אויך די קליינע פרוי האָט געוואָלט דאָס זעלבע און זי איז געווען גרייט צו הערן וואָס שלמה בעלפער פאַרמאָגט. שלמה בעלפער האָט געמאַכט מיט דער האַנט אַ קרייז, אַריינגעמענדיק דעם גאַנצן קיבוץ און באַשטעטיקט מיטן בליק, אַז דאָס איז זיין פאַרמעגן. די קליינע פרוי האָט איידל געלאַכט. זי האָט געוווסט, אַז אַלע קיבוצים האָבן געהערט צו בן גוריונען און אויך שלמה בעלפערס קיבוץ דאָס זעלבע. וואָס זי האָט געוואָלט וויסן, איז געווען, וואָס שלמה בעלפער פאַרמאָגט — נישט בן גוריונס, נאָר זיין אייגן פאַרמעגן.

״אייגנס?״ האָט שלמה בעלפער איבערגעפרעגט.

״אייגנס״, האָט זי איבערגעחזרט.

שלמה בעלפער האָט אַ ווײַלע געקלערט. נאָך דעם האָט ער געענטפערט: ״הונדערט און אַכציק שבתים״.

די קליינע פרוי האָט אויפגעהויבן אירע קורצע פיס און זיי אויך אויסגע־שטרעקט אויף דער באַנק. די לאַטשן האָט זי געלאָזן אויף דער ערד און מיט אירע סטאָפּעס האָט זי אָנגערירט שלמה בעלפערס סאַנדאַלן. אַזוי זענען זיי געזעסן פיס צו פיס און זי האָט איבערגעפרעגט וואָס ער האָט געזאָגט, ווייל זי האָט נישט פאַרשטאַנען דעם מיין פון זיין ענטפער. זי האָט געוואָלט ער זאָל זאָגן, וואָס ער פאַרמאָגט ממש אייגנס. שלמה בעלפער האָט איר געזאָגט, אַז די הונדערט און אַכציק שבתים זענען ממש זיין אייגנטום, און אַז קיינער וועט זיי נישט קאָנען ביי אים צונעמען. זיין אייגנס, און ס׳איז געווען מיט וואָס צו שטאָלצירן.

״וועך ווייס וועגן דעם? ווו איז עס פאַרשריבן?״ האָט די פרוי געפרעגט.

שלמה בעלפער האָט איר געזאָגט, אַז וועגן דעם ווייס גאַנץ ילון און פאַר־שריבן איז עס אין חדר האוכל. און ער האָט צוגעזאָגט, אַז נאָך דעם ווי זיי וועלן זיך אָפּרוען, וועט ער זי אַריינפירן אין חדר האוכל און דאָרט וועט זי זען די לאַנגע רשימה אויף דער וואַנט, ווו אַלע שבתים זענען פאַרצייכנט. כמעט יעדער איינער אין ילון האָט זיך געהאַט זיין אייגנס אָנגעזאַמלטע שבתים און שלמה בעלפער האָט געהאַט מער פאַר אַלעמען און זיין נאָמען איז געווען פאַרצייכנט אויפן ערשטן אָרט. ער האָט זיי אָנגעקליבן אין משך פון אַלע זיינע יאָרן, וואָס ער האָט געלעבט אין ילון. געווען צייטן, ווען ער האָט געאַרבעט וואָכן און חדשים, אָן אָפּצורוען זיך אפילו איין טאָג. און אויך די יערלעכע אורלויבן, וואָס ער האָט נישט אויסגענוצט האָט ער אַריינגענומען אין חשבון און אַזוי אַרום איז ער געוואָרן דער רייכסטער באַלעבאָס פון שבתים אין ילון. אַלע אַנדערע מענטשן זענען געווען זייער ווייט הינטערשטעליק. ביז נישט לאַנג צוריק איז געווען אין ילון אַ מאַן, וואָס האָט כמעט קאָנקורירט מיט שלמה בעלפערן וועגן שבתים. יעדן

חודש ווען מען האָט אויפגעהאַנגען אַ נייע רשימה איז מען געלאָפן קוקן, כדי צו זען ווער עס איז אויפן ערשטן אָרט, יענער אָדער שלמה בעלפער. ווען יענער איז געשטאָרבן איז שלמה בעלפער פאַרבליבן דער איינציקער און אַלע מאָל דער ערשטער אויף דער רשימה. און אַזוי האָט מען אים טאַקע גערופן: אלוף השבתות — דער פרינץ פון שבתים אין ילון.

"וואָס קאָן מען טאָן מיט הונדערט און אַכציק שבתים?" האָט די פרוי געפרעגט.

שלמה בעלפער האָט געלאַכט. קיינער האָט אים נאָך קיין מאָל אַזאַ פראַגע נישט געשטעלט.

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך

### יידיש־קאַטעדרע ביים בן־גוריון אוניווערסיטעט אין באר־שבע

אונדזער ליטעראַרישע מיטאַרבעטערין, דער אוניווערסיטעט־פּעדאַגאָג אין ירושלים אַננאַ דרעסנער, לייענט איצט אויף דער ניי־געגרינדעטער יידיש־קאַטעדרע ביים בן־גוריון אוניווערסיטעט אין נגב צוויי קורסן אויף דער טעמע: "די שריפטן פון שלום־עליכם" — און "דאָס שטעטל אין שפּיגל פון דער יידישער ליטעראַטור".

דער פּרעזידענט פון באר־שבע אוניווערסיטעט מר יוסף תקוע, אָפּמערקנדיק דעם גרויסן אינטערעס פאַר יידיש, וועלכן ס׳ווייזן אַרויס די סטודענטן, אגב — די מערהייט אָפּשטאַמיקע פון די ספרדישע געמיינדעס — האָט געזאָגט אַז די יידיש־קאַטעדרע דינט אַלס גייסטיקע בריק צווישן ישראל און די תפוצות און איז ממשיך 1000 יאָר יידישע קולטור.

עס איז אַ ווירדיקער אָנדענק פאַר אַ פאַרשניטענער חרוב־געוואָרענער וועלט, וועלכע האָט געשאַפן, גערעדט, געשריבן און געלעבט אין יידיש".

### אַ צווייענדיקער יום־טוב

דעם 22סטן דעצעמבער 1976 איז דער גרויסער זאַל פון בית אַלישבע געווען באַזונדערס ליכטיק און פייערלעך. ביי געדעקטע טישן האָבן זיך משמח געווען אַ גוטע פאַר הונדערט מיטגלידער פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט, וועלכע האָבן זיך צוזאַמען גענומען אויף זייער טראַדיציאָנעלער חנוכה־מסיבה.

חזן ל. מאַזאָוויעצקי האָט געזונגען און געבענטשט חנוכה־ליכט...

דער היי־יאָריקער יום טוב איז זיך צונויפגעפאַלן מיט נאָך איין שמחה פאַר דער יידישער קולטור־וועלט — דעם 75־יעריקן געבוירן־טאָג פון פּראָפעסאָר סאָל ליפּצין. ביי דער געלעגנהייט האָט אונדזער חשובער יובילאַר געהאַלטן אַ רעפעראַט א.ד.ט. "מיין וועג מיט יידישע שרייבער". זיינע זכרונות האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן לעבן פון באַרימטע יידישע שרייבער און מיט ביז גאָר האַרציקן פאָלקסטימלעכן הומאָר.

צו סאָל ליפּצינס געבוירן־טאָג זענען אויך דורכגעלייענט געוואָרן אַ היפּשע צאָל באַגריסונגען פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס און פאַרבאַנדן.

מיט גרויס מייסטערשאַפט און טאַלאַנט האָט דער הבימה־שוישפּילער שמעון פינקעל פאָרגעלייענט אַ ספּעציעלן ליטעראַריש־קינסטלערישן פּראָגראַם פון רעציטאַציעס לכבוד חנוכה.

פאָרזיצער פון אָט דעם אינטערעסאַנטן אָוונט איז געווען פּראָפ׳ שרה פעדער.

**דוד ספארד**

## אין די טעג פון שואה און עצמאות

א

פון אַלע טאַטעס, אַלע מאַמעס,
פון אַלע פרויען, אַלע קינדער —
פון אַלע זיי צוזאַמען
און פון יעדערן באַזונדער —
כ׳זאַמל אין מיין האַרצן
אַלע שעהען פיין
און אַלע שעהען טרערן
אין אַ טייך אַ שוואַרצן,
וואָס וועט פליסן
ביז די שטערן
און פאַרלעשן זייער שיין.
און ביי זיין צופיסנס
וועט די זון פאַרגליווערט
אַלע אייביקייטן זיצן שבעה.

ב

אויף לבנה־שיפלעך שווימען אָפּ יעדע נאַכט
די הייליקע געזיכטער אַלץ ווייטער,
און דאָס האַרץ אין ווייטיקן וואַכט,
ווי אַ נאַכטיקער שייטער.

ביז פון הימל קריכט אַראָפּ דער גרויסער בער,
אויפן דאַך צעוואַרקעט זיך די ערשטע טויב
און ס׳פאַלט אַראָפּ באַגין — אַ בלאָע טרער —
אויף מיין טונקלער שויב.

דעמלט גייט אויף איבער שטאָט
אַ רויטע זון —
אַ שטיק פאַרגליווערט בלוט,
אַ רויטע טויטע פאָן.

ג
אַלץ וואָס איז געווען
און קומט נאָך איצטער פאָר,
איז ווי וואָר
און נישט־וואָר.

און כ׳ווייס שוין נישט אַליין,
צי די אַלע פאַרשאָלטענע יאָרן,
וואָס גליען ביז היינט אין זכרון,
ווי אָפענע וווּנדן,
זענען טאַקע געווען און פאַרשווּנדן,
צי זיי האָבן זיך מיר בלויז געדאַכט.

ס׳איז שווער צו באַשיידן.
ווי אַ פינצטערע נאַכט
רינגלט אַרום אונדז אַ טויב־שטומע וואַנט —
און מעגלעך איז איין וואַריאַנט,
און מעגלעך אויך ביידע.

ד
ס׳איז געווען מיין גאַנג צו דיר
אויף דער שאַרף פון שווערד
און דער וועג פון דיר צו מיר,
ווי פון הימל צו דער ערד.

האָב איך לאַנג געדויערט
אין דערוואַרטונג שטומער,
ביז ס׳האָט אויפגעפּראַלט מיין חלום־טויער —
און כ׳בין צו דיר געקומען.

און כ׳זע:
מיין נאָמען איז פאַרקריצט אין יעדן שטיין,
מיין שטים הילכט אָפּ פון יעדער וווייט,
אַ גאָלדיק ליכט מיך אומעטום באַגלייט,
ווי קיין צווישנשייד
צווישן מיר און דיר
זאָל נישט האָבן גאָר געווען —
נישט אין שטח און נישט אין צייט.

ה

כ׳האָב געזען שיינע שטעט
און שיינע לענדער אויף דער ערד,
נאָר אַלע מאָל מיט פרייד
צו דיר צוריקגעקערט.

כ׳האָב געזען בערג מיט פאַרשנייטע קעפ
און טאָלן זאַפטיק־גרינע,
האָריזאָנטן ווייטע אינעם סטעפּ
און דעם ים אין פלאַקער פון באַגינען,

נאָר אַלע מאָל
כ׳האָב די נעפּלען גאָלדענע געדענקט
פון דיין יעדן באַרג און טאָל
און צו דיר פון אומעטום געבענקט —

צו דיינע אַלטע ווענט,
צו דיינע רויטע זאַמדן
כ׳האָב פון יעדער פרעמד
אין די נעכט געוואַנדערט.

און ווען שלעכטע לייט
האָבן מיר דעם וועג פאַרשטעלט,
האָסטו פון דער וייט
צענפּאַכיק זיך צעהעלט

און ווי אַ פייער־זייל
באַלויכטן מיינע טריט
און אין יעדער שווערער וייל
מיין האָפענונג פאַרהיט.

ו

דאָרטן איז דער סיר־הבשר אפשר פולער
און די ווינטן פאַשען זיך אין רו,
נאָר אין יעדער פרעמדער גאולה
איז פאַרבאָרגן ווי אַ שלאַנג אַ בייזע שעה.

זי ענדערט אומאויפהערלעך איר קאָליר,
נאָר צום סאַמע האַרצן איז איר גיפט געצילט —
כ׳האָב נישט איין מאָל שוין איר קרעציקן באַריר
אויף מיין אייגן לייב געפילט.

בלינדע זענען דאָרט פאַר אונדז די הייכן
און אויך די נידערס זענען אונדז פאַרווערט —
בלויז דאָ זענען הימלען קלאָרע אונדז באַשערט
צו קאָנען ביז די ווייטסטע האָריזאָנטן גרייכן,

צו קאָנען שטייגן ווי אַ מאָל אויף יעקב׳ס לייטער
און זען פון אַלע אָנהייבן דעם שורש
און דעם גאַנג פון אַלע דורות —
פון פריער און פון שפּעטער,

און די גאַנצע אומה אין איר פול געשטאַלט
און אויך אין אירע איינצלנע צעפליקטע רינגען —
און ווערן מיט יאָרן טויזנטער מער אַלט
און מיט יאָרן טויזנטער מער יינגער.

## צו דער ערשטער יאָרצייט פון לייב אָליצקי

כ׳בין דאָס ערשטע מאָל נאָך דיין פּטירה
צו דיר אין שטוב געקומען.
עס זענען מענטשן נאָך געווען,
נאָר מיט נעפל איז אין מיינע אויגן
אַלץ אַרום געווען פאַרשוווּמען,
מיט אבלדיקער טונקלקייט פאַרצויגן —
און איך האָב קיינעם נישט געזען.

אין חלל פון דער דירה
האָבן נאָך אַרומגעפלאַטערט שטיל
דיינע מילדע שמייכלנדיקע רייד,
הילפלאָז זיך געטוליעט צו די ווענט
און ווי קראַנקע פייגל
צוריק אַראָפּגעפאַלן אויפן דיל.

כ'האָב מיט ציטער זיי באַגלייט
געוואָלט זיי אונטערשטעלן מיינע הענט,
נאָר ס'איז מיין גאַנצער גוף געווען פאַרשטיינט
און בלויז דאָס האַרץ האָט שטום אין זיך געוויינט.

פלוצעם איז אַ ווינטל דורך דעם צימער.
אין אַ ווייל זיך אומגעקערט צוריק
און אין לופט געטאָן אַ שימער
מיט דיין האַרציק־קלוגן בליק.

ער האָט מיר עפעס־וואָס דערציילט אָן ווערטער,
ווי צוריק ערשט מיט אַ יאָר,
פאַרטרוילעך, פון דיר צו מיר בלויז,
נאָר מיט אַ מאָל זענען אַלע אויפגעשטאַנען פון די ערטער,
אַ שטראָל האָט קוים פאַרטשעפעט מיינע האָר
און גלייך פאַרשוווּנדן פון דעם הויז.

דרויסן האָט אויף אַלץ אַרום געהויערט
אַן אויסטערלישע שיין,
אַלע גאַסן איינגעהילט אין טרויער,
און ס'איז ווי אַלעמען ערשט איצט געוואָרן קלאָר,
אַז וועסט שוין קיין מאָל מער נישט זיין.

נאָר ס'האָט מיין האַרץ דאָס נישט באַנומען,
כאָטש ער האָט ווי אַלע דאָס געוווּסט,
און אין טרויער־צוג אין שטומען
דעם גאַנצן וועג מיט דיר געשמועסט.

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך

### אַ באַגעגעניש מיטן דיכטער בונם העלער און דער קינסטלערין הדסה קעסטין

סוף פעברואַר איז אין איינעם פון די זאַלן פון היכל שלמה פאָרגעקומען אַ באַגעגעניש פון ירושלימער ליבהאָבער פון יידישן וואָרט מיט דעם באַוווּסטן דיכטער **בינם העלער** און זיין פרוי דער טאַלאַנטפולער אַקטריסע־רעציטאַטאָרין הדסה קעסטין. דער פאָרזיצער פון אָוונט ד"ר גרשון ווינער האָט האַרציק באַגריסט די באַליבטע געסט.

דער דיכטער דוד ספאַרד האָט אין טרעפלעכע ווערטער כאַראַקטעריזירט דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון בינעם העלערס דיכטונג.

דער דיכטער־גאַסט האָט רעפערירט אויף דער טעמע "מיין וועג אין דער יידישער פּאָעזיע".

דער עולם האָט מיט הייסער שפּאַנונג אויפגענומען די מייסטערהאַפטע רעציטאַציעס פון ב. העלערס לידער אין דער אויספירונג פון הדסה קעסטין.

**חיים זעלצער**

# לידער

## שמאַטעס־גן עדן

פון שויפענצטער האָט מען פאַרטריבן דעם דלות
און אָנגעטאָן נאַקעטע אדמס און חוהס

פון קאָפּ ביז די פיס אינעם בעסטן און שענסטן —
אַ שמאַטעס־גן עדן אין איטלעכן פענצטער.

אדמס און חוהס אין שויפענצטער גרינען —
אפשר פון בויכווייטיק, מעגלעך, פון קנאה.

### זייט זיך מטריח

מיר זענען די לעצטע — דער מ״ם־דור פון אומקום,
מיר זענען די ערשטע — דער אל״ף פון אויפקום.

מיר זענען גילגולים פון דורות מסדהס,
פון אבות געפירטע צו שחיטה ווי סטאַדעס.

גילגולים... מיר הערן די טריט פון משיח,
גייט אים אַנטקעגן, זייט זיך מטריח.

## חסד פון רעדער

מיין שבט, מיין לאַנד אויף צעפּאָרענע וועגן —
גילגולים אויף רעדער, ביים רודער — גילגולים,
גלגלים, אופנים — ווי אויגן פון סאָווע...

ענטפער מיר, פוסגייער, זיידעשי גראָווער:
— די אייניקלעך דיינע — פון וואַנען דער צאָרן?
אַ נאַסער פּעזשאַ איז אַדורכגעפאָרן...

דור מילואימניקעס, כ׳בענטש דיינע וועגן —
דיין וואַרטן אויף חסד פון רעדער אין רעגן.

שאַרל דאָבזשינסקי

# די צוואה פון אונדזער פרייהייט

**(פראַגמענט)**

## די ווערטער פון צוויי צדיקים

און דער צדיק פון שטיין זאָגט:

ווער איז ליכט, ווער איז שטויב, אויב נישט דו, וואָס זוכסט צווישן אונדז דיין צווייפלהאַפטן פאָטער? נאָר זיין פאַרלוירענעם פאָטער זעט בלויז דער וואָס טראָגט אין מויל אַ פאָדעם פון אָפּשטאַם ווי אַ ווייסע צונג וואָס אָטעמט און באַוועגט זיך אין זיין שפּראַך פון יעדן טאָג. דיין געמיינזאַמען פאָטער איז צו זען נאָר דורך דעם שטיין וואָס דו רירסט אָן אָדער דורך דער דויערהאַפטער צייכענונג וואָס דיין האַנט ברענגט אַרויס פון הייסן זומער־געוועב. דער קרבן און די טראַלד פון צייט. און די זיך מיניענדיקע פאַליע, וועלכע עמאַנירט פון באַרג, איז זיין אָטעם, זיין פּאַרע. אין דיר איז דאָס אַלץ וואָס איז געוואָרן אַנט־שטומט. ווייל אויף די זייטן פון וואַסער־רעזערוואַר איז פאַרקאַרבט דער אָנדענק פון פאַרצייטיקן רעגן און דיין יצירה איז דאָס געבערט־וואַסער, וואָס שלאָגט זיך אָפּ פון זיינע אינערלעכע ווענט און דיין באַווייז פון מענטשן־קענטעניש אין יעדן שטיין איז דער אויסגלייך פון אַ פינגער־בלום אין דיינע אָדערן דער שטראָם וואָס קומט פון ירושלים. און דאָס ביסל שיין פון קאַיאַר וואָס די טעראַסע פאַרהאַלט אין די קאַרבן פון זיין פלאַך האָט נאָך קיינער טרינקען נישט געקאָנט. און קיין שום זאַך וועט נישט שטילן דיין דאַרשט, ווייל דאָס וואָס דו זוכסט איז מער נישט פאַראַן נישט אין דיר, נישט אין מיר, נישט אין רעגן, נישט אין דער קלאַג. דיין פאָטער צווישן אונדז איז בלויז דער וואָס איז זיך גורם דעם טויט קעמפנדיק.

און דער צדיק פון שטויב זאָגט:

ווער איז דער צאָרן פון די פיר דונערן אויב נישט דו? מיר עקזיסטירן נאָר אויף דיין רוף אויף דעם שיידוועג וועלכער נעמט אָן די פאָרם פון דיינע טריט. און דיינע טריט זענען די הויט, וואָס די ערד וועבט פאַר אונדז וואָס זענען נאַקעט אויב קיין שום שטים באַקליידט אונדז נישט און וועקט אונדז נישט. און דריי יאָר האָבן מיר געברענט קעגן הימל. און מיר זענען געשטיגן צו אים אויף אַ לייטער פון שריפט, נאָר אויף יעדן שטאַפּל איז איין וואָרט איין מענטש אַראָפּ־געפאַלן אין דער לערקייט און גאַרנישט האָט דעם נישט געקאָנט פאַרטרעטן

גאַרנישט אויסער דיר וואָס קומסט צוריק פון עבר פון וועלכן מיר זענען געוואָרן באַרויבט. דריי יאָר באַלאַגערונג ווי אַ געשלאָסענער רינג פון אַ יאָרהונדערט איבער אונדז, אַ שטיין וואָס שווערט אין אונדזער מויל. און אונדזער צונג איז טויט נישט פון דורשט נאָר פון איבערפלוס פון וואָרט. און דריי יאָר האָט יעדע נאַכט אונדז געבענטשט און פאַרשטיינט. נאָר די זון האָט אונדז דריי יאָר געפאַרבט און באַהאַפט אין אַ ריינעם פּראַנט דאָס וואָס שטעלט אַ ווידערשטאַנד דער צייט און פאַרוואַנדלט די צייט אין זיין דערנערנדיק ברויט דעם ווינקלשטיין פון זיין חלום. דער אויסנאָם־צושטאַנד האָט צעשטערט אַלע דאָמבעס, האָט אויסגעקערעוועט קעגן טויט זיין כלי־זין. איז איבערגעשטיגן דעם טויט ווי אַ ים וואָס זיין יעדע פייל אין אונדז פאַרלעשט איין קאָליר, צילט און שטעכט אַדורך איין לעבן.

דו וואָס ביסט נישט פון דאַנען, דו וואָס ביסט נישט פון ערגעץ אַנדערש, דו וועסט נישט זיין מסוגל צו דערקענען זיך אין אונדז וואָס זענען באַהאַפטן מיטן שטורעם און וואָס האָבן געשלאָסן אין דער דאָזיקער שטאָט אַן אָפּמאַך מיטן טויט כדי קיין מאָל מער נישט צו לעבן אויף די קני. און יעדער טויט ווערט אַ געגאָסענע וואַנט אין דער דאָזיקער פעסטונג, אַ צוואה פון אונדזער פרייהייט.

ייִדיש מ. מעלמאַן

דער פראַנצויזיש־ייִדישער פּאָעט, שאַרל דאָבזשינסקי, האָט נאָך זיין צוויי־וואָכיקן באַזוך אין ישראל צוזאַמען מיט זיין פרוי עליאַנאַ פאַרעפנטלעכט אין ליטעראַרישן חודש זשורנאַל "אייראָפּ" וואָס דערשיינט אין פראַנקרייך זינט 1923 (דער גרינדער פון דעם זשורנאַל איז געווען ראָמאַן ראָלאַן) — אַ גרעסערע פּאָעמע אונטערן טיטל "אַ שיר פאַר מצדה".

מיר ברענגען אין אונדזער הייַנטיקן נומער אַ קאַפּיטל פון דער פּאָעמע אין דער אויטאָריזירטער איבערזעצונג פון מ. מעלמאַן.

אהרן מענדעלעוויטש

# ביי דער וויליע

## קאַפּיטל 1

סיאָמע האָט זיך אויפגעכאַפּט שפּעט אין אָוונט. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון דער סאָפע, וווּ ער איז געלעגן אין די זאַכן און צו צום פענצטער. אין דרויסן האָט געשיינט אַ בלאַסע לבנה און קליינע ווייסע וואָלקנדלעך האָבן פאַרצויגן דעם הימל. פון דער נאָענטער ווילענקע האָט זיך געטראָגן אַ פרילינגדיקע פייכטקייט און ס'האָט זיך געהערט אַ לייכט רוישן פון טייכל. ער האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטל און אַרויס אין דרויסן, געגאַנגען פאַזע דער ווילענקע, פאַרביי דעם בערנאַדינער גאָרטן. פון יענער זייט טייכל האָבן ווייס געבלאַנקט אויפן שפּיץ פון די קרייץ־בערג די דריי צלמים. ער איז צו צו דער וויליע. דער טייך האָט זיך דאָ אויסגעברייטערט, אַריינגענומען אין זיך מיט גערויש די ווילענקע און האָט ווייטער פאָרגעזעצט זיין גאַנג, שלענגלענדיק זיך צווישן די וועלדלעך פון זאַקרעט און ווערינעץ. אויפן צווייטן ברעג פון וויליע איז געשטאַנען אַדאַם מיצקעוויטש, אַן אויסגעשניטענער פון האָלץ, און האָט געקוקט ווייט און פאַרטראַכט. סיאָמע האָט אַ מידער זיך געזעצט אויף דער באַנק, וואָס איז געשטאַנען האַרט ביים טייך.

אַ שווערן טאָג האָט ער דורכגעמאַכט. אין דער פרי אָפּגעגעבן עקזאַמענס אין אוניווערסיטעט אויף מאַטעמאַטיק און נאָך מיטאָג אַוועק אין דער אומלעגאַלער דירה אויף פּאָהולאַנקע אויף אַ זיצונג פון קרייז־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. ער האָט געהאַט אַ שאַרפן ווערטער־אויסטויש מיטן אָנגעקומענעם שליח פון מינסקער פּאַרטיי־קאָמיטעט. אַבראַשע האָט ער געהייסן. אַבראַשע האָט גלייך אויפגעוועקט ביי סיאָמען אַ ווידערווילן. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס פאָרשטייער פון קאָמינטערן, גלייך אָנגעהויבן געבן אינסטרוקציעס און האָט פון דער גאַנצער אָרטיקער פּאַרטיי־אַרבעט געמאַכט אַש און בלאָטע.

אייער פּאַרטיי־אַרבעט, האָט ער אָנגעהויבן, איז, צום באַדויערן, אין גאַנצן ניט באָלשעוויזירט געוואָרן. דער חבר סטאַלין לערנט אונדז קודם כל פירן אַן אומפשרותדיקן קאַמף מיט די סאָציאַל־פאַשיסטן. ווער זענען עס ביי אייך די סאָציאַל־פאַשיסטן ? אויף דער יידישער גאַס — די בונדאָווצעס, די פּעצעקעס, די כל מיני דעמאָקראַטישע יידישיסטן און זייערע נאָכשלעפּער. אין דער ניט יידישער — די הראָמאַדע, די אַזוי גערופענע ווייסרוסישע פויערים־אָרגאַניזאַציע און קלאָר די פּפּסאָווצעס. ער האָט שאַרף אָנגעגריפן די פּאַרטיי־פירונג, הלמאי זי פּאָפּולאַריזירט ניט די לאָזונג פון אָפּרייסן מערב־ווייסרוסלאַנד מיט ווילנע אין דער שפּיץ פון פוילן און פאַראייניקן מיטן ראַטנפאַרבאַנד. דאָס איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן. סיאָמע איז אַרויסגעטראָטן און האָט קריטיקירט די דאָזיקע לאָזונגען. ער האָט געשילדערט די לאַגע דאָ אין דער געגנט און באַמערקט, אַז פון אַזאַ פּאָליטיק וועט קיין גוטס ניט אַרויס. די פּאַרטיי־קעמערלעך און דער פּאַרטיי־קאָמיטעט באַשטייען פון 90 פּראָצענט יידן און מיט אַזעלכע לאָזונגען וועט מען פאַרטרייבן ניט נאָר דאָס ביסל פוילישע חברים, נאָר אויך די ווייסרוסן, וועלכע אַרבעטן אין דער הראָמאַדע.

איצט איז אַם וויכטיקסטן פירן אַ קאַמף קעגן פאַשיזם, ווייל נאָכן קומען אין דייטשלאַנד צו דער מאַכט פון היטלערס

באַנדע איז אין פּוילן אויסגעוואַקסן דער ענדעקישער פאַשיזם און דער אַנטיסעמי־טיזם.

אַבאַראַשע האָט אים אָנגערופן טראָצ־קיסט. די איבעריקע האָבן געשוויגן, ניט האָבנדיק די דרייסטקייט זיך קעגנשטעלן דעם פאַרשטייער פון קאָמינטערן.

סיאָמען איז לעצטנס שווער געוואָרן פירן אַ דאָפּלט לעבן. ביי טאָג איז ער אַ סטודענט אין ווילנער יאַגעלאָנער אוני־ווערסיטעט. ער דאַרף אין גיכן ענדיקן דעם מאַטעמאַטישן פאַקולטעט, און אין אָוונט איז ער אַ מיטגליד פון אַן אומ־לעגאַלער פאַרטיי מיט שווערע פאַרטיי־אויפגאַבן. איצט קומט דער דאָזיקער אַבראַשע און רופט אים אַן טראָצקיסט. . .

און וואָס וועט זיין מיט מירעלען? ער מוז מאָרגן זיך מיט איר דורכשמועסן.

ער האָט זיך באַקענט מיט מירעלען מיט אַ יאָר צוריק צופעליק אויף אַ סימ־פאָנישן קאָנצערט אין בערנאַרדינער גאָרטן. דריי מאָל אין וואָך שפּילט דאָרט דער סימפאָנישער אָרקעסטער און ווי נאָר ער האָט געהאַט פרייע צייט אין די אָוונטן פלעגט ער קומען אַהין.

ער האָט ליב קלאַסישע מוזיק. די קלאַנגען פון באַכן, בעטהאָווען און מענ־דעלסאָן צוזאַמען מיט דעם שטילן גע־רויש פון די ביימער און פליסטערן פון דער דערבייאיקער ווילענקע ווירקט אויף אים באַרויקנדיק. איין מאָל אין אַזאַ זו־מערנאַכט האָט ער באַמערקט זיצנדיק לעבן אים אַ בלאָנד מיידל. דער אָר־קעסטער האָט געשפּילט זיין באַליבטע אוי־ווערטיורע — בעטהאָווענס ״לעאָנאָרע״. זי האָט אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו דער מוזיק. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר און זי האָט אים געענטפערט מיט אַ שמייכל. אין אַנטראַקט האָבן זיי זיך פאַ־נאַנדערגערעדט אויף מוזיקאַלישע טע־מעס. זי האָט דערציילט, אַז זי לערנט זיך אין דער יידישער קאָנסערוואַטאָריע, רעכנט זיך אָפּגעבן מיט מוזיק און גאַנץ מעגלעך, אַז באַכן ענדיקן וועט זי אָוועק־פאָרן. ווּהין? האָט ער זיך פאַראינ־טערעסירט, מסתמא קיין פאַריז זיך פאַר־פולקאָמען. ניין, האָט זי אים שמייכלענ־דיק געזאָגט, גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג.

— אויב מען קאָן וויסן, ווּ קלייבט איר זיך? — קיין ארץ ישראל. ער איז גע־בליבן געפּלעפט.

— אַ יונג שיין מיידל אַ פּיאַניסטקע — וואָס וועט זי דאָרט טאָן?

— זי וועט זיך שוין אַן עצה געבן.

אַ יאָר איז פאַרביי. ער האָט זי ליב, שטאַרק ליב, אָבער פון דעם וועט גאָר־ניט ווערן. ער האָט ניט קיין רעכט זי אַריינציען אין זיין לעבן. ער קאָן ווערן אַרעסטירט. ער טאָר זי ניט אומגליקלעך מאַכן.

## קאַפּיטל 2

מירעלע האָט זיך היינט געגרייט צום ״אָוונט״. זי האָט געענדיקט די קאָנסער־וואַטאָריע מיט אַן אויסצייכענונג. זי האָט איינגעלאַדן אַלע אירע באַקאַנטע און חברים. ס'וועט קומען אויך דער דירעק־טאָר פון קאָנסערוואַטאָריע. ער האָט איר געזאָגט נאָכן עקזאַמען, אַז איר שפּילן דעם פערטן קאָנצערט פון בעטהאָווען איז געווען מייסטערהאַפט.

נו, און וואָס איז מיט באַכ'ס טאָקאַטע און פוגע? האָט זי שטיפעריש געפרעגט. איצט האָט זי שוין קיין מורא ניט פאַר אים און רעדט פריי. ער האָט געשמייכלט. ס'איז אויך דאָס ניט געווען שלעכט, נאָר אויף באַכן דאַרף מען נאָך אַ ביסל צו־אַרבעטן. שפּילן באַכן איז איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן אפילו פאַר באַ־וווּסטע פּיאַניסטן. דאָס איז אַלץ שיין און פיין, האָט ער פאַרגעזעצט. איר קאָנט מאַכן אַ קאַריערע פון אַ פּיאַניסטקע, נאָר וואָס וועט איר טאָן מיט דעם אין ארץ ישראל, דאָרט דאַרף מען ניט האָבן קיין מוזיקער. ער האָט געוווּסט, אַז זי איז אַ שומר־הצעיר'ניצע און קלייבט זיך צו פאָרן.

— מיר וועלן ווי עס זיך אַן עצה געבן, האָט מירעלע געענטפערט.

דער דירעקטאָר איז אַ וווילער מענטש.

אין זיינער צייט איז ער געווען פּראָפעסאָר אין מינסקער קאָנסערוואַטאָריע און איז נאָך דער רעוואָלוציע געקומען קיין ווילנע. ער האָט געוואָלט אַרבעטן אין דער פּוילישער מוזיק־שול, נאָר מען האָט אים דאָרט געפּסלט. ער האָט דאַן באַשלאָסן צו גרינדן אַ יידישע קאָנסערוואַטאָריע. איצט איז ער שטאָלץ מיט דעם, וואָס ער איז דער דירעקטאָר פון אַ קאָנסערוואַטאָריע, וואָס איז נאָך אין ערגעץ ניט פאַראַן — אַ קאָנסערוואַטאָריע, ווו מען לערנט אין יידיש.

מירעלע האָט זיך צוגעהערט. וועט סיאָמע קומען הייבט אויפן אָוונט? ער פירט זיך לעצטנס מאָדנע. דאָ איז ער צערטלעך צו איר, קושט זי מיט ליידנשאַפט, דאָ זיצט ער אין גאַנצן אַ פרעמדער, אַ פאַרשלאָסענער — וואָס איז מיט אים? אמת, ער האָט עקזאַמענס, אָבער ער איז אַן אויסגעצייכנטער מאַטעמאַטיקער. ניט דאָס איז די סיבה. אפשר האָט ער אַן אַנדערע? אויסגעשלאָסן, דאָס קען ניט זיין. ער איז ניט אַזאַ. זי ווייס, אַז ער האָט צו טאָן מיט ליבקע קרייזן, זי האַלט אָבער, אַז ער איז אַ סאַלאָן־קאָמוניסט. זי איז זיכער, אַז זי וועט אים איינרעדן פאָרן מיט איר קיין ארץ ישראל. איר פעטער וועט פאַר זיי ביידן אַרויסשיקן סערטיפיקאַטן. מען דאַרף זיך מיט אים דורכשמועסן ערנסט.

ס׳איז אַריין די מאַמע.

— מירעלע, וואָס זיצסטו אַזוי, באַלד וועלן דאָך קומען דיינע געסט. וואָס ביסטו אַזוי צעטראָגן? ס׳איז עפּעס געשען?

— מאַמע, איך בעט דיר, לאָז מיר צו רו, ס׳איז קיין זאַך ניט געשען. איך טו זיך איבער, און דו גרייט צו דערווייל אַלץ צום טיש.

חנה, מירעלעס מאַמע, איז אַ לערערין אין אַ יידישער פאָלקס־שול. אַ בונדאָווקע נאָך פון פינפטן יאָר, פאַרהערלעכט מעדעמען און מיכאַלעוויטשן און אַ פאַרברענטע יידישיסטקע. זי האָט זיך גאָרניט פאַרגעשטעלט, אַז איר איינציקע טאָכטער וועט גאָר ווערן אַ ציוניסטקע און וועלן פאָרן קיין ארץ ישראל.

חנה איז געווען צופרידן, וואָס מירעלע גייט אַרום מיט סיאָמען. ער איז אַ שיינער, איידעלער בחור, אַ פעאיקער מאַטעמאַטיקער. אמת, ער סימפּאַטיזירט מיט די "רויטע", אָבער איצט איז עס אַ מאָדע ביי דער שטודירנדיקער יוגנט. זיין טאַטע איז אַ באַוווסטער דאָקטער, אָבער זייער אַ באַשיידענער, אַן אמתער פאָלקס־אינטעליגענט. געהערט צו דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, צוזאַמען מיט אַדוואָקאַט טשערניכאָוו און נח פּרילוצקי. אַלע זענען זיי געטרייע יידישיסטן און עס קומט איר אויס צו טרעפן זיך מיט זיי. ביי די זיצונגען פון צענטראַלן יידישן שול־קאָמיטעט. נאָר דער עיקר, מירעלע וועט אויפהערן מיט אירע פאַנטאַזיעס וועגן ארץ ישראל. זי האָט דאָך נאָר איין און איינציקע טאָכטער.

מירעלע ווייס אַלץ, וואָס די מאַמע טראַכט. אַ מאַמע בלייבט אַ מאַמע. נאָר זי האָט שוין באַשלאָסן פעסט, אַז זי פאָרט אַוועק פון ווילנע. און וואָס וועט זיין מיט סיאָמען? זי וועט אים שוין איבעררײדן. ער האָט זי שטאַרק ליב, ער וועט פאָרן מיט איר.

דער אָוונט וואָלט געווען אַ געלונגענער, ווען סיאָמע קומט. ער איז אָבער ניט געקומען. דער דירעקטאָר האָט זי שטאַרק געלויבט, איר פאָרויסגעזאָגט אַ קאַריערע פון אַ טאַלאַנטפולער פּיאַניסטקע. דער סעקרעטאַר פון קן פון "השומר הצעיר" לייבל (ער פלעגט בעטן, מען זאָל אים רופן אריה, נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפן) האָט געווונטשן מירעלע, אַז זי זאָל דעם קומענדיקן יאָר שוין זיין אין ארץ־ישראל, ווו ער וועט זי באַגעגענען. ער פאָרט שוין אָפּ דעם קומענדיקן חודש. מירעלע האָט זיך פאַררויטלט. זי ווייס, אַז לייבל איז צו איר ניט גלייכגילטיק. ווי מאָדנע איז דאָס לעבן. וועמען זי האָט ליב, האָט ניט קיין אינטערעס צו איר אידעאַל. און צו וועמען זי איז גלייכגילטיק, האָבן ביידע

געמיינזאַמע שטרעבונגען. צו וועט זי טאַקע פֿאָרן אָן סיאַמען? מען האָט גע־טרונקען, געטאַנצט האָראַ, געזונגען. לייבל האָט דעקלאַמירט ביאַליקן און טשערניכאָווסקין, די מאַמע האָט גע־לייענט קולבאַקן און ביידוסן, מירעלע האָט געשפּילט אַ פּאַפּורי פֿון יידישע פֿאָלקס־לידער. באַר איר איז געווען טרויעריק אויפֿן האַרצן.

## קאַפּיטל 3

ווען לייבל האָט זיך אומגעקערט אַ היים איז שוין געווען צוועלף בייַנאַכט. ער האָט שטיל געעפֿנט די טיר, זיך אויסגעטאָן און אַ וואָרף געטאָן אין בעט. דאָס הינטל ביעטקע, וואָס איז געשלאָפֿן אונטערן בעט, האָט פֿון שלאָף אַ וואָר־טשע געטאָן. אין צימער האָבן געכראָ־פּעט זיינע יינגערע צוויי ברידער, דוד און בעניע. אין דערבייאיקן צימער זענען געשלאָפֿן דער טאַטע מיט דער מאַמען און אין קליינעם אַלקערל זיינע ביידע שוועסטער ריווע און דינה. די גאַנצע משפחה האָבן געלעבט אין 2 קליינע צי־מערלעך אויף דער יידישער גאַס. דער טאַטע ברוך איז געווען אַ האָלץ־שניצער, געווען אַ מייסטער אין זיין פֿאַך. זיינע מעבל־שניצערייען האָבן געהאַט אַ מאָל אַ שם אין גאַנץ ווילנער געגנט. נאָר ווער קויפֿט איצט מעבל מיט האָלץ־שני־צעריי? אַ מאָל פֿאַר דער מלחמה, ביי ניקאָלאַיען, פֿלעגט דערציילן דער טאַטע, האָט מען פֿאַרצוקערט זיינע שניצערייען. אין 1913 יאָר, ווען מען האָט געפּראַוועט 300 יאָר פֿון די ראָמאַנאָווס איז קיין ווילנע געקומען דער צאַר בכבודו וב־עצמו. דער "גאָראָדסקוי גאָלאָוואַ" פֿון דער ווילנער דומע האָט אונטערגעטראָגן ניקאָלאַיען ברויט מיט זאַלץ אויף אַ שיי־נעם הילצערנעם טעלער, וואָס ער, ברוך, האָט אויסגעשניצט. איצט דאַרף מען עס ניט און די פּרנסה איז גאַנץ שוואַך. לייבל האָט נאָך צוויי ברידער, איינער אין אַמעריקע, דער צווייטער אין רוס־לאַנד. מאיר דער אַמעריקאַנער שיקט צו פֿון צייט צו צייט אַ ביסל געלט. באָריס לעבט אין מאָסקווע. ער איז אַוועק קיין רוסלאַנד אין 1919 יאָר צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס און איצט איז ער אַ "נאַט־שאַלניק" פֿון אַ גרויסן כעמישן טרעסט. שרייבן שרייבט ער כמעט ניט. מיט צוויי יאָר צוריק, ווען ער איז געפֿאָרן קיין בערלין אין אַ ספּעציעלער שליחות פֿון זיין נאַרקאָמאַט, איז ער אַריינגעפֿאָרן אויף אַ טאָג צו זיי. ער האָט געבעטן דעם טאַטן ניט שרייבן קיין בריוו, ווייל עס קאָן אים שאַטן. די מאַמע האָט גע־וויינט און ניט געוואָלט אים אָפּלאָזן, זיך ניט געזען מיט בערעלען (אַ מאָל האָט ער געהייסן בערל) כמעט 15 יאָר. בערל איז געווען איר ליבלינג. לייבל האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס האָט בערל אַזוי מורא. די "רויטע" האַלטן אין איין שרייען, אַז ביי זיי אין רוסלאַנד איז די אמתע דעמאָקראַטיע און פֿרייהייט. און דאָ, בערל דער גרויסער נאַטשאַלניק איז מלא שרעק זיך דורכצושרייבן מיט זיין טאַטע־מאַמע.

פֿרייטיק־צו־נאַכטס איז דאָס איינציקע מאָל אין וואָך, ווען די גאַנצע משפחה עסט צוזאַמען. דער טאַטע קומט פֿון דער שניצערישער קלויז, וווּ עס דאַווענען אַלע שניצערס און סטאָלערס. די מאַמע בענטשט ליכט, דער טאַטע מאַכט קידוש און אַלע זעצן זיך עסן די שבתדיקע וועטשערע. מיט זיי אַלעמען זיצט אויף אַ באַזונדערן שטול דאָס הינטל ביעטקע. ער קוקט מיט דרך ארץ, ווי ברוך טיילט אַלעמען אַ מוציא חלה און ער באַקומט אויך זיין חלק. ער כאַפּט עס גלייך נאָך אין דער לופֿטן און שלינגט עס איין. די מאַמע טיילט אים אויך איין אַ פֿאַר־ציע פֿלייש. נאָך דער וועטשערע באַקומט ער אַ ביסל ביינער. ער קריכט אַרונטער אונטערן טיש, צעגריזשעט עס און כאַפּט אַ שבתדיקן דרימל. נאָך דער וועטשערע ווערט דאָס צימער אַ לייען־זאַל. לייבל איז אַ ביבליאָטעקאַר אין דער ביבליאָ־טעק "מפיצי השכלה". ברענגט ער אַלע ווילנער צייטונגען. דער טאַטע לייענט

דעם "אַוונט־קוריער", די מאַמע — דעם "אַוונט־עקספּרעס", דוד דעם "ווילנער טאָג", בעניע "די צייט". די מיידלעך לייענען ראָמאַנען. בעניע ענדיקט היינ־טיקס יאָר אין "הילף דורך אַרבעט" מאַ־לעריי. ער איז אַ פעיקער מאָלער. דאָס אָנערקענען אַלע. די לערער האַלטן אים פאַר אַ צוקונפטיקן שטערן. ער האָט גע־האַט אין ווילנע אַן אויסשטעלונג, וואָס איז דורך מיט דערפאָלג. ער שפּאָרט געלט צו פאָרן קיין פּאַריז. אין אָוונט נאָך די למודים מאָלט ער צימערן. דוד האָט ניט אַזעלכע אַספּיראַציעס. ער וויל זיין אַ מעכאַניקער, לערנט ער אין דעם ווילנער יידישן טעכניקום. דער ווילנער טעכניקום איז באַרימט אין גאַנץ פּוילן. פון אַלע שטעט קומען אַהער יידישע בחורים זיך לערנען אויף מעכאַניקער, ראַדיאָ־טעכניקער, בוי־מייסטערס. אַלע לערער זענען באַקאַנטע אינזשעניערן. אַם מערסטן פּאָפּולער אין דער לערער אַרקאַ־די קרעמער. אין די בונדישע קרייזן איז ער באַוווּסט, ווי דער דעלעגאַט פון ערשטן צוזאַמענפאָר פון "בונד", וואָס איז זיך צונויפגעקומען אין ווילנע מיט העכער 30 יאָר צוריק. איצט איז ער פּאָפּולער מיט זיינע וויצן און חכמות, וואָס האָבן אַ שם אין דער גאַנצער שטאָט. דוד דערציילט זיין לעצטע חכמה. נעכטן האָט ער עקזאַמינירט אַ תלמיד אויף מעכאַניק. צום סוף פון עקזאַמען פרעגט ער יענעם: — זאָג נאָר, חבר'ל, מיט וואָס גייט דער לאָקאָמאָטיוו? דער שילער קוקט פאַרדעכטיקט אויף קרע־מערן, ער פילט, אַז ער וויל אים אונ־טערשטעלן אַ פיסל. צום סוף שטאַמלט ער אַרויס: פאַרשטייט זיך, מיט דאַמף. אויב אַזוי, זאָגט קרעמער מיט אַ שמייכל, פאַרוואָס גייט ניט אַ באָד. אַלע שיסן אויס מיט אַ געלעכטער און אַרקאַדי קרע־מער איז צופרידן מיט זיין חכמה.

רבקה איז עלטער פון דינה'ן מיט צוויי יאָר. זי לערנט שוין אין דער יידישער רעאַל־גימנאַזיע. דינה לערנט אין פּרוג־שול. רבקה איז אַ מיידל אַ ברען, מען רופט איר אין גימנאַזיע ציפּקע־פייער, אויפן נאָמען פון סעגאַלאָוויטשעס אַ העל־דין. זי איז זייער אַ פאַרברענטע פאַר־ערערין. זי איז אין אים פאַרליבט. זי האָט זיין פּאָטאָ מיט דער ליולקע אין מויל. האָט דורכגעלייענט אַלע זיינע ראָ־מאַנען. זי האָט געטרוימט, זיך מיט אים באַקענען און איז גרייט ווערן אפילו זיין געליבטע. זי ווייס, אַז ער איז איצט פריי. ער האָט זיך געגט מיט זיין פרוי די באַוווּסטע אַקטריסע קלאַראַ סעגאַלאָ־וויטש. איר ליבע שטערט איר אָבער ניט פלירטעווען מיט אירע שול־חברים. זי איז אַ שיין מיידל און אַ סך ייִנגלעך אוכאַזשעווען פאַר איר. ענדע שול־יאָר מאַכט די גימנאַזיע דעם טראַדיציאָנעלן אַרויסלאָז־אָוונט. עס קומען זיך צונויף די שילער פון אַלע דריי יידישע גימנאַ־זיעס — פון רעאַל־גימנאַזיע, פון דער הומאַניסטישער גימנאַזיע און פון דער גימנאַזיע פון סאָפיאַ מאַרקאָוונע גורע־וויטש. מען טאַנצט אַ גאַנצע נאַכט און רבקה האָט גרויס דערפאָלג. אַ היפּוך פון איר איז דינע. אַ שטילע, אַ באַשיידענע, ניט קיין שיינע און דערצו אַ דיקלעכע. אין שול האָט זי אַ צונאָמעניש — פייגע־לאַה די גבאיטע. זי איז די בעסטע שי־לערין, דערהויפּט אויף געשיכטע. איר לערער עמנואל רינגעלבלום זאָגט, אַז זי וועט זיין אַ פּראָפעסאָר פון געשיכטע.

נאָך דער וועטשערע צעגייען זיך אַלע. דער טאַטע מיט דער מאַמען גייען שלאָפן. בעניע גייט היינט אין טעאַטער אויף "שבתאי צבי". עס שפּילן היינט זיגמונט טורקאָוו און סאַמבערג. ער גייט נאָר אין ערנסטן יידישן טעאַטער. דוד האָט ליב לייכטע זאַכן, גייט ער אויף "כאַצקעלע כלבויניק". די מיידלעך גייען אַוועק צו די חברטעס און לייבל בלייבט אין שטוב. ער דאַרף צוגרייטן אויף מאָרגן פאַר די חברים פון "השומר הצעיר" אַ רעפעראַט — באָראָכאָוו און דער פּראָ־לעטאַרישער ציוניזם. נאָר מיטן רעפע־ראַט גייט ניט. ער קלערט וועגן מירעלען. ער איז אין איר פאַרליבט. דאָס ווייס ער

אויף געוויס, כאָטש ער האָט עס איר קיין מאָל ניט געזאָגט. ער ווייס, אַז זי גייט אַרום מיט סיאָמען. נאָר צו איז עס ערנסט? ער ווייס, אַז סיאָמע איז אַ "ליני־קער". פאָרן קיין ארץ ישראל וועט ער ניט. מירעלע וועט זיכער פאָרן. ער פאַרט אין גיכן אַוועק אַהין. הייסט עס . . . וואָס הייסט עס? ער וועט זיך דאָרט מיט איר טרעפן. נו, איז וואָס? מיט ווייניק מענטשן וועט זי זיך טרעפן? זי ווייס וועגן זיינע געפילן? אפשר שטויסט זי זיך אָן. ער ווייס, אַז זי באַציט זיך צו אים חבריש, זיי זענען גוטע חברים, בעת זייער באַגעגעניש רעדן זיי נאָר וועגן דער באַוועגונג, וועגן דאָרטן, מער ניט. ער האָט ניט די דרייסטקייט רעדן מיט איר וועגן דעם. לייבל איז אויף זיך בייז. ער אַליין איז שולדיק. געוואָלט באַווייזן, אַז ער באַציט זיך מיט ביטול צו אַזעלכע נאַרישקייטן. ער שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויפן טיש און שלאָפט איין.

## קאַפּיטל 4

דער ערשטער טאָג פּסח איז אויפן שול־הויף לעבעדיק. בכבודיקע יידן דאַווענען אין דער גרויסער שול. דאָרטן זינגט דער שטאָט־חזן. ווילנער יידן זענען מבינים אויף חזנים. אַ חזן, אַז ער וויל מאַכן אַ קאַריערע, מוז ער פריער ווערן דער ווילנער שטאָט־חזן און דערנאָך פאָרן אין דער גרויסער וועלט. יידן שטייען, הערן, ווי ער ציקלט זיך, און זאָגן מבי־נות. בעלי מלאכות גייען דאַווענען אין זייערע שטיבלעך. דאָ אויפן שול־הויף זענען דאָ קלויזן פון אַלע פּראָפעסיעס. די שוסטערשע קלויז, די שניידערשע, די שניצערשע און אפילו קצבים האָבן זייער אייגענע קלויז. די יוגנט געפינט זיך אויפן שול־הויף. מען האָט דאָ געשטעלט אַ טיש און אויפן טיש שטייען רעדנער און רעדן. דער שול־הויף ווערט ווי, להבדיל, דער לאָנדאָנער הייד־פּאַרק. דאָ קומען צום וואָרט אַלע פּאָליטישע שאַ־טירונגען — פּועלי־ציוניסטן, בונדאָוצעס, דעמאָקראַטן און קאָמוניסטן. יאַסקע האָכ־מאַן דער בונדאָוועץ איז אַ באַוווּסטער אָראַטאָר. אַ הויכער, אַ דיקער, קאָן רעדן שעהן, ווען מען לאָזט אים. אָבער די קאָ־מוניסטן לאָזן אים ניט רעדן קיין סך. זיי מאַכן נאָך אַנאַנד צווישנרופן: "נידער מיטן בונד", "נידער מיט די סאָציאַל פאַ־שיסטן". ער פרוּווט זיי איבערשרייען. צום סוף גיט ער זיך אונטער און גייט אַראָפּ פון טיש. נאָך אים רעדט אַ לינקער "פּעצעק", וואָס איז געקומען פון וואַרשע. דאָ שטערן שוין די בונדאָוצעס און זינ־גען אונטער דאָס באַוווּסטע לידל: "זרו־בבל האָט אַ לאַנגע באָרד, די לינקע פּועלי ציון, צו מאַסקווע טוט זיי ציען, זרובבל האָט אַ לאַנגע באָרד". ווען דער קאָמוניסטישער רעדנער קומט צום וואָרט, ווערט אַ שרעקלעכער געוואַלד און מען הערט שוין קיין וואָרט ניט. פון דער שול גייט אַרויס דער הויפט־גבאי און בעט זיך רחמים אויפהערן טומלען, דער חזן דאַרף דאַווענען מוסף. די יונגע צע־היצטע געמיטער לייגן אויף אים קיין אַכט ניט און שרייען ווייטער. דאָ באַ־ווייזן זיך די שטאָט־משוגעים — רחקע די משוגענע, גדאַלקע דער חזן און אי־סערסאָן מיט דער צעשויבערטער באָרד. דאָס קליינוואַרג הייבט אויף אַ טומל און דער מיטינג ווערט געשלאָסן.



אויב יום־טוב איז דער שול־הויף פול, איז אין מיטן דער וואָך דאָרט פּוסט. נאָר מנחה און מעריב קומען יידן, וואָס האָבן יאָר־צייט, גייען אַריין אין פּאָליש ביי דער גרויסער שול, זאָגן אָפּ קדיש און גייען אַוועק. דערפאַר איז אין מיטן דער וואָך פול די סטראַשון־ביבליאָ־טעק, וואָס געפינט זיך אויפן שול־הויף. דאָ קאָן מען זען סטודענטן, ישיבה־בחו־רים, גימנאַזיסטן און סתם עמך. לענג־אויס דער ביבליאָטעק שטייען לאַנגע טישן און פון ביידע זייטן זיצט מען פאַר־טיפט אין לייענען און ס'איז אַזוי שטיל, אַז מען הערט ווי אַ פליג פליט דורך. אין דער ביבליאָטעק געפינען זיך צענ־

דליקער טויזנטער ביכער און זעלטענע כתב־ידן פון 14 יאָרהונדערט ביז הייג־טיקער צייט. יידישע און העברעישע בי־כער פון יהודה הלוי ביז טשערניכאָווסקי, פון בבא־בוך ביז פּרץ מאַרקישן. הונ־דערטער לייענער קומען דאָ יעדן טאָג. אויבן אָן זיצט דער ביבליאָטעקאַר חייקל לונסקי, אַ וווּנדערבאַר טייערער ייד, אַ שרייבער און אַ למדן, אַ בקיא אין דער העברעישער און יידישער ליטעראַטור, ממש אַ גייענדיקע ענציקלאָפּעדיע. ער איז שטאָלץ מיט זיין ביבליאָטעק (ער זאָגט: "מיין ביבליאָטעק", כאָטש זי גע־הערט צו דער יידישער קהילה). יעדן איינעם, וואָס קומט אין ווילנע, באַווייזט ער דעם "ספר הזהב", אַ פּנקס, ווו אַלע באַוווּסטע פּערזענלעכקייטן האָבן איינגע־שריבן זייערע איינדרוקן.

**שלום עליכם:**

שמע בכל לשון שאתה שומע — אַז אין אַזאַ גרויסאַרטיקער יידישער ביבליאָטעק געפינען זיך אויך יידישע ספרים אויף פּראָסט יידיש־זשאַרגאָן, דאַרף קיינעם ניט זיין קשה, וואָס אַ פּראָסטער יידישער שרייבער, וואָס שרייבט מערסטנטייל פאַרן יידישן פאָלק אויף זשאַרגאָן, האָט זיך צעשריבן אין דאָזיקן בוך צווישן אַלע גרויסע, אויף אונדזער וואָכעדיקער פאָלקס־שפּראַך, אויף זשאַרגאָן. אין קורצן וויל איך דאָ באַמערקן, אַזאַ אַזאַ מין יידישן אוצר ווי די דאָזיקע ביבליאָטעק האָב איך ניט געזען, ניט נאָר אין דער וואָר, נאָר אויך ניט אין חלום, אין דער צייט ווען די פאַנטאַזיע כאַפּט אויף דעם שרייבער און טראָגט אים אַוועק אויף די פליגלען, ווייט ווייט פון דער ווירקלעכ־קייט. אויב אין "ירושלים דליטא" איז אַזעלכעס בנמצא, היינט וואָס קאָן שוין דאָרטן זיין, אין ארץ־ישראל מיין איך? און אפשר איז דאָס קיין ראיה ניט.

עשי"ט התרס"ה

**שלום אַש:**

"עס נעמט אָן אַ שרעק צו שרייבן וויי־טער, זעענדיק דאָס, וואָס אונדזערע זיי־דעס האָבן אונדז איבערגעלאָזט."

י"ט ניסן תרס"ה

**דוד איינהאָרן:**

"הלוואי זאָלן מיר אין דער צוקונפט זיין אַזוי רייך ווי אין דער פאַרגאַנגענ־הייט."

1909

**ש. אַנסקי:**

"איך וועל זיך אַ האָר ניט וווּנדערן, אויב ביי דער איצטיקער משונהדיקער צייט וועט מען דערגיין ביז די אַמאָליקע גזירות צו פאַרברענען דעם תלמוד אָדער אויסראָטן פון די יידישע ביבליאָטעקן אַלע "אָבערגלויבערישע" ספרים. די מענטשלעכע געשיכטע חזרט זיך איבער, אָבער איך פאַרגעס קיינמאָל ניט דעם אַלטן גרייז־קלוגן "אל תירא מפחד פתאום". די עמודים פון אונדזער פיר טויזנט־יאָריקער קולטור זענען גענוג שטאַרק און זיי וועלן אויסשטיין דעם אָנפאַל פון יעדער אינקוויזיציע, אין וועל־כע בגדים זי זאָל זיך ניט פאַרקליידן. דערהויפּט איז די "נשמה פון פאָלק", און זי איז אומשטערבלעך. און אַ גליענ־דיקן פונק פון דער נשמה פיל איך דאָ אין דעם גרויסן בית־אוצר הספרים של שטראַשון."

י"ג אדר ראשון תרע"ט לפ"ק

**אברהם מאָרעווסקי:**

"געהאַט דעם תענוג צו באַוווּנדערן וואָס אונדזערע אבות האָבן געשאַפן אין ווילנע אויפן שול־הויף, אויף דער יידי־שער גאַס, און ווי טיף מיר דאַרפן זיך שעמען, מיר, וואָס זענען דאָ געוואַקסן און ביז דער וועלט־דערשיטערונג ניט גענאָסן פון די אַלע הערלעכע אוצרות פון יידישקייט."

א' סיוון תר"ף

**י. אַפּאַטאָשו:**

"ס'קען ניט זיין אַ רייכערע וועלט ווי

דאָ צווישן אַזוי פיל דורות. די אַלטעג־לעכקייט ווערט צעריסן. גראָבט זיך דער מענטש אין שטויב, הערט דעם צווייפל פון מיליאָנען אומזעבאַרע ווערטער, וואָס דערמאָנען, אַז זייער שעה האָט געשלאָגן, ווערטער וואָס זענען פאַר דער צייט גע־קומען אויף דער וועלט, ניט געקענט ביים לעבן קריגן אַ תיקון, ווערן אַזוי נאָך דערהויבן צום ניצוץ, שטייען אויף תחיית־המתים. און דו, מענטש, וואָס גראָבסט זיך אין שטויב פון דורות, ביסט מתקן פאַרגעסענע ווערטער, ווערסט אַ שותף צו מעשה־בראשית."

9.8.1922

פּרץ הירשביין:

"ציט זיך אַ געזאַנג פון צווישן די שו־רות פון אַלטע ספרים, התרוממות געזאַנג, וואָס באַגלייט די טריט פון אַ יונג פאָלק."

ח' אלול תרפ"ב

ז. סעגאַלאָוויטש:

"דער יידישער אַלטער פּאַרמעט לאָזט אונדז אַלט ניט ווערן."

11.11.1924

ה. לייוויק:

"וואָס זאָל איך שרייבן? שווייגן דאָס בעסטע — און איך בין פול מיט באַ־וואונדערונג."

15טער יולי 1925

דוד בערגעלסאָן:

"דאָס דאָזיקע הויז — איינע פון די פייגן, וואָס מענטשן שטעלן אַרויס דעם טויט."

11.8.1927

ש. ניגער:

"ווידער בין איך דאָ אין סטראַשונס ביבליאָטעק און ווידער פיל איך דאָ שטאַרקער ווי אומעטום דעם ווילנער גייסט, דער גייסט, וואָס איז אַלט און יונג, דעם גייסט, וואָס איז פאַרוואָרצלט טיף אין עבר אפילו דאַן, ווען ער רע־וואָלטירט, און וואָס האָט צוטרוי צום מאָרגן אין די שווערסטע צייטן."

13.5.31

ח. נ. ביאליק:

"ברוך שמסר עולמו לשומרים נאמנים, וברוכים השומרים לאוצרות רוחה של האומה. אין שמירה מעולה אלא ב"בית נאמן" בארץ אבות."

ב' דחנוכה תרצ"ב

נחמן מייזל:

"ס'איז גוט פון צייט צו צייט באַזוכן די סטראַשון־ביבליאָטעק. פון דער פאַר־בינדונג מיט דורות און תקופות ווערט מען געשטאַרקט און געמוטיקט, ווען מען זעט צייטן און דורות שטייען פאַר אונדז."

5.3.1933

חול המועד איז די ביבליאָטעק אָפן נאָר ביז צוועלף אַ זייגער. לייענער זענען פאַראַן ווייניק. לונסקי זיצט און לייענט די "ליטעראַרישע בלעטער". עס עפנט זיך די טיר און עס גייט אַריין אַ בחור'ל פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, אַ נידעריקער, אַ ברייטפּלייציקער. ער קוקט זיך פאַרלעגן אַרום און דערזעענדיק לונסקין, גייט ער צו צו אים.

— זייט אַזוי גוט, גיט מיר, אויב איר האָט, מאַני־לייבס לידער.

— ווער זענט איר, פרעגט אים לונסקי, איך זע אייך דאָ דאָס ערשטע מאָל. איר אינטערעסירט זיך מיט פּאָעזיע?

— איך הייס חיים גראַדנער. איך בין ניט לאַנג געקומען פון נאָוואַראַדעק, איך האָב דאָרט געלערנט אין אַ ישיבה און איצט בין איך אַריבער לערנען אין כאַמיילעס ישיבה דאָ אין ווילנע.

— און וואָס האָט צו טאָן אַ ישיבה־בחור מיט מאַני־לייבן? אַ ישיבה־בחור לערנט גמרא, ש"ס און פּוסקים.

— דאָס זענט איר אויך גערעכט, אָבער חוץ גמרא שרייב איך אויך שירים.

— אַזוי גאָר, איר שרייבט שירים, און וואָס זאָגט אייער ראש ישיבה?

— ער זאָגט גאָרניט, ווייל ער ווייס ניט פון דעם.

— אפשר וואָלט איר מיר געגעבן דורכ־קוקן אַ פּאָר אייערע שירים, איך בין אין דעם אַ שטיקל מבין.

דער בחור נעמט אַרויס אַ פּאָר אויס־געשריבענע זייטלעך און גיט עס לונסקין. לונסקי לייענט דורך אויפמערקזאַם די לידער. ענדיקט לייענען, טוט אויס די ברילן און זאָגט.

— איך ווייס ניט, וואָס פאַראַ ישיבה־בחור איר זענט, נאָר אַ פּאָעט זענט איר ניט קיין שלעכטער. איר האָט טאַלאַנט. איז ווו רעכנט איר עס צו דרוקן?

— דאָס ווייס איך טאַקע ניט, איך האָב זיך מיט דעם ניט פאַרנומען.

לונסקי שווייגט אַ ווײַלע.

— איך וויל אייך ראָטן זיך באַקענען מיט דער גרופּע "יונגע פּאָעטן". קודם כל גייט אַריין צו משה בעליצקי, וואָס אַרבעט ביי קלעצקינען, ער וועט אייך העלפן.

## לזכר חורבן און גבורה

מיטוואָך דעם 13טן אַפּריל איז אין היכל שלמה אין ירושלים פאַרגעקומען אַן אָוונט געווידמעט דער שואה און דעם נאָר וואָס דערשינענעם בוך פון בער מאַרק "מגילת אוישוויץ".

נאָך דעם ווי דער חזן מאַזאָוויעצקי לייענט איבער אַ קאַפּיטל תהילים, גיט דער פאָרזיצער פון אָוונט דאָס וואָרט דעם שרייבער דוד ספאַרד, וועלכער לייענט זיינעם אַן עסיי וועגן בער מאַרק און זיינע פאַרדינסטן פאַר דער געשיכטע פון דער שואה־תקופה.

די אלמנה נאָך מאַרק, אסתר מאַרק, טיילט זיך מיטן עולם וועגן דער מסירת נפשדיקער אַרבעט פון איר מאַן, וועל־כער האָט ביזן לעצטן אָטעם זיינעם, ליגנדיק אין שפּיטאָל אַ שווער קראַנקער און כמעט בלינדער ניט געלאָזט קיין איין טייערע רגע פאַרלוירן גיין ביים זאַמלען און פאַרצייכענען אַלץ־אַלץ, וואָס איז וויכטיק פאַר אָט דער געשיכטע.

אויף דער טעמע פון דער שואה האָבן געלייענט לידער דער דיכטער־קאַצעטלער אברהם ציקערט, די דיכטער נחמן ראַפּ, דוד ספאַרד, רחל בוימוואָל און מאיר חרץ.

נאָכן אל מלא רחמים און קדיש פון חזן מאַזאָוויעצקי, האָט ער אין כאָר מיטן גאַנצן עולם געזונגען דעם פּאַרטיזאַנער־הימן "זאָג ניט קיין מאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג" פון הירש גליק.

## רפאל כוואַליעס

געבוירן אין 1913 יאָר (ווילנע) אין אַ קינסטלער־משפּחה.

די בילדער פון רפאל כוואַליעס ווירקן מיט זייער לירישקייט און שטילן אומעט, וועלכע קומען אויף, ווי פון אַ ווייטער פאַרשוווּנדענער וועלט און הילן איין אַלץ אַרום אין אַ שטימונג פון אלול־דיקע טעג.

די זעלבע צייטלעכע פּערספּעקטיוו קומט אויף ביי רפאל כוואַליעס אין אַ גאַנצער ריי בילדער פון פאַרשידענע יידישע געשטאַלטן. אין די קנייטשן פון זייערע צעאַקערטע פּנימער, ווי אין שו־רות פון אַלטע פּאַרמעטן, זענען פאַר־קריצט די גורלות פון גאַנצע יידישע דורות, נאָר גאָר באַזונדערס זענען זיי־ערע יידישע אויגן פול מיט כשוף פון שווערע געהיימניספולע פּאַסירונגען און מיט אויסדרוק פון מיין און בטחון, פון טענה און צידוק־הדין און זייער בליק קוקט אַריבער די עוולות און דאגות פון טאָג מיט דעם ביטול־היש, וואָס קומט נישט פון ״הבל־הבלים״, נאָר פון אַ שיר־השירימדיקער וויזיע וועגן אַ וועלט פון כולו שיינקייט און יושר. ר. כוואַ־ליעס האָט געהאַט פיל אויסשטעלונגען פון זיינע בילדער אין ווילנע, וואַרשע, ר״פ און פאַריז.

רפאל כוואַליעס — אַ ווילנער געסל (אייל)



# מע זאָל עס פֿאַרציילן אין שרײַבן...

לייב דאָמב (טרעפּער)

# די ערשטע וואָכן אין לוביאַנקע

**(פון בוך "די רויטע קאַפּעליע")**

דער נאָמען לוביאַנקע איז געוואָרן באַרימט איבער דער גאַרער וועלט. לוביאַנקע איז דער סימבאָל פון געפּעאו־טעראָר, אַ ריי הייזער, וואָס געפינען זיך אין סאַמע האַרץ פון מאָסקווע, איז דאָס זיץ־אָרט פון זיכערהייט־מיניסטע־ריום. אין צענטער פון די הייזער איז איינגעאָרדנט אַ קליינע טורמע רעזערווירט פאַר עטלעכע הונדערט "חשובע געסט".

לאַנגע קאָרידאָרן פאַרבינדן דעם מיניסטער מיט די קאַמערן אַן דער נויט־ווענדיקייט אַרויסצוגיין פון דער טורמע. אַזוי אַרום פאַרבלייבט מען "צווישן זיך"...

איך געפין זיך אין וואַרטע־זאַל, פון יעדער זייט עפענען זיך אַ צענדליק אָפּגעגרענעצטע קליינע קעמערלעך. מ'לאָזט מיך אַריין אין איינעם פון זיי. דאָס גאַנצע מעבל וואָס געפינט זיך אין דעם קעמערל באַשטייט פון אַ טישל מיט אַ שטול. די טיר פאַרהאַקט זיך הינטער מיר.

איך פיל זיך שטאַרק נידערגעשלאָגן, כ'לאָז זיך אַראָפּ אויף דעם שטול. איך בין דערשעפּט, אָן כוחות און נישט ביכולת צו רעאַגירן.

כ'האָב דעם איינדרוק, אַז מיין מוח ליידיקט זיך אויס, ער פונקציאָנירט נישט מער, ער פאַררעגיסטרירט נישט מער. איך טאַפּ זיך דעם קאָפּ, די הענט. "יאָ, ס'איז איך, ס'איז טאַקע איך גופא, וואָס בין דאָ דער אַרעסטירטער אין לוביאַנקע."

דער גערויש פון דער טיר, וואָס עפנט זיך, פירט מיך אַרויס פון דעם האַלב־באַוווסטלאָזן צושטאַנד, איך דערהער אַ שטימע: "פאַרוואָס טוט איר זיך נישט אויס ?"

איך באַנעם, אַז צו מיר רעדט דאָס דער אונטער־אָפיציר אין ווייסן כאַלאַט, איך ענטפער:

צו וואָס זיך אויסטאָן, איך זע נישט קיין בעט!

— אויסטאָן, און נישט שטעלן קיין פראַגן!

איך פאָלג, און בלייב וואַרטן אַ פולשטענדיק נאַקעטער. די טיר עפנט זיך אויף ס׳נײַ און עס קומען אַרײַן צוויי פאַרשוויגענע אין ווייסע כאַלאַטן. אין משך פון אַ שעה זוכן זיי מיט אייפער מײַנע מלבושים, לייגן זיי צונויף מיט די זאַכן, וואָס זיי האָבן געפונען אין די קעשענעס אין איין פּאַק. ווען זיי האָבן פאַרענדיקט, באַפעלט מיר איינער פון זיי:

„אויפשטיין!"

זיי נעמען מיך אונטערזוכן פון קאָפּ ביז די פיס, עס פעלט זיי נאָר דער סטעטאָסקאָפּ, איך זאָל מיינען אַז איך געפין זיך בײַם דאָקטער. זיי פאָרשן די האָר, די אויערן, פאַרלאַנגען כ׳זאָל עפענען דאָס מויל, אויסציען די צונג, באַטאַפּן מיך פון אַלע זײַטן, באַפעלן מיר אויפהייבן די הענט.

„הייב אויף דעם געשלעכט־אָרגאַן, נאָך העכער! דריי זיך אויס!" איך פיר אויס דעם באַפעל, „נעם דעם הינטן אין דײַנע הענט, צעשפּרייט אים, ברייטער, נאָך ברייטער."

ער לאָזט זיך אַראָפּ צו מײַן הינטן. אַן אויפגערעגטער וואַרף איך אים צו: איר האָט עפּעס פאַרלוירן אינעווייניק?

— „פּראָוואָצירט מיך נישט, איר קאָנט טייער דערפאַר באַצאָלן, צוריק אָנטאָן!"

זיי זוכן אין מײַן וואַליזע און נעמען אַרויס אַ קילאָ רויע נישט געברענטע קאַפע, וואָס כ׳האָב נאָך געקויפט אין טעהעראַן בײַם אויפהאַלט פון אַוויאָן.

וואָס איז דאָס אַזוינס?

— גערשטן...

מיט צופרידנקייט באַמערק איך, אַז ער לייגט די קאַפע צו צו די זאַכן, וואָס זענען אין אַלגעמיין דערלויבט דעם אַרעסטירטן צו האַלטן מיט זיך אין טורמע. ער שטעלט צונויף אַ ליסטע פון די חפצים, וואָס ער נעמט מיט זיך — קראַוואַט, שנורעוואַדלעס, שעלקעס אדג״ל. איך חתמע אַ פולן פּאַק פּאַפּירן. אַ לייטענאַנט קומט אָן. ער חתמעט אונטער די באַשטעטיקונג, אַז די זאַכן זענען אים געוואָרן איבערגעגעבן און פאַרלאַנגט פון מיר כ׳זאָל אים נאָכגיין. מיר גייען אַדורך לאַנגע פּוסטע קאָרידאָרן. צום סוף עפנט ער אַ טיר און לאָזט מיך אַרײַן אין אַ קאַמער וווּ ס׳געפינען זיך צוויי בעטן, אין איינעם פון זיי שלאָפט אַ מאַן מיטן פּנים צו דער וואַנט און די הענט אויף דער קאָלדרע. „דאָס איז דײַן בעט, טו דיך אויס און לייג דיך!"

איך פאָלג, אָבער דער שלאָף נעמט מיך נישט, איך האַלט אַ גאַנצע נאַכט אָפן די אויגן. מײַנע אָפענע אויגן באַאומרויקן דעם וועכטער. אַלע דריי מינוט

עפנט זיך דער „יודאַש“ און ס׳באַווייזט זיך אַן אויג, וואָס באַטראַכט מיך. מיט איין מאָל פאַרבלייבט דאָס אויג אומבאַוועגלעך מיך צו אָבסערווירן און איך באַקום די ערשטע לעקציע: „אויב דו שלאָפסט נישט, זאָלסטו דאָך האַלטן די אויגן פאַרמאַכט, וועסטו זיין רויקער.“

אין דער פרי דערלאַנגט מיר אַ האַנט דעם „פּרישטיק“ דורכן פענצטערל, אַ שיסעלע שוואַרצע פּליסיקייט, וואָס דאַרף זיין קאַפע, אַ שטיקל צוקער און אַ פענעץ ברויט. אַ שטימע דורך דער טיר רעקאָמענדירט: „דאָס ברויט איז אויף אַ גאַנצן טאָג“.

איך פּרוּוו אַ שלינג טאָן די קאַפע, אָבער דאָס וויל נישט אַראָפּגיין. איך גיב אַ ביס פון ברויט. ס׳איז ווייך ווי ליים. צו דעם אַלעם פאַרבלייב איך גלייכגילטיק. מיין שכן וועקט זיך אויף, זאָגט „גוט מאָרגן“, און מער קיין וואָרט, ער איז אַן אָפיציר.

פיר טעג זענען אַזוי אַדורך, איך זע נישט קיינעם, אויפן פינפטן אין דער פרי, ביים בייטן די וואַך, פרעגט אַן אונטער־אָפיציר: איר האָט אַ דעקלאַראַציע צו מאַכן?

— יאָ, זאָג איך צו אים, מיט אַ שטימע, וואָס זעט מיר אויס ענערגיש: איך וויל זען וועמען פון דער טורמע־דירעקציע!

אַ שעה שפּעטער קומט אַ קאַפּיטאַן אין קאַמער:

„וועגן וואָס האַנדלט זיך?“

— איך וויל זען תיכף די דירעקציע פון מיניסטער וועגן אַ וויכטיקן ענין, וואָס מיט מיר פּערזענלעך האָט עס, אגב, נישט קיין שייכות!

צוויי טעג גייען אַדורך, אַן אָפיציר קומט און פאַרלאַנגט איך זאָל אים נאָכ־גיין. ער פירט מיך דורך לאַנגע קאָרידאָרן ביז מיר קומען צו אַ קליין צימער ווּ אַ פּרוי גיט דעם אָפיציר אַ קבלה. אַ צווייטער אָפיציר חתמעט אַ פּאַפּיר, — אַ, די ביוראָקראַטיע! — נעמט מיך איבער, פירט מיך אין אַ נייעם אומענדלעכן קאָרידאָר, אָבער דאָס מאָל איז דער קאָרידאָר געדעקט מיט אַ טעפּיך. צום סוף גייען מיר אַריין אין אַ ווינדע. ער פירט מיך אַריין אין אַ רחבותדיק צימער. אויף דער פּאָדלאָגע אַ ריזיקער טעפּיך. אויף דער וואַנט אַ פּאָרטרעט פון „פאָטער פון די פעלקער“, דאָס אויג שטרענג, שווערוואָגיקע וואָנסעס, „ער“ וואַכט. אונ־טער אַ לאַנגן ביוראָ־טיש זיצט אַ נאָך גענוג יונגער מענטש, אָנגעטאָן אין ציוויל, אויסגעפּוצט אין אַ וווּנדער שיינעם קראַוואַט וואָס ציט צו דאָס אויג. ער שטעלט זיך אויף, דערנענטערט זיך, און ווענדעט זיך צו מיר מיט אַ דרום־רוסישן אַקצענט:

אַ, דאָס זענט איר! וואָס האָט אַנטייל גענומען אין דער גרויסער נעץ פון אינפאָרמאַציע־דינסט אַנגעפירט פון דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער קליקע בערזין און זיינע מיטהעלפער?

זיין מויל איז אויסגעקרומט פון שינאה בעת ער זאָגט אַרויס די לעצטע ווערטער. איך ענטפער נישט...

ער גיט מיר אַ צייכן איך זאָל זיך דערנענטערן צו די ברייטע באַגלאָזטע טירן און, אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויף דער טורמע, פרעגט ער מיך: ווייסט איר ווו איר געפינט זיך דאָרטן?

— איך שטעל זיך פאָר...

— פאַרוואָס האָט איר זיך געלאָזט אַריינשלעפּן אין דער קליקע צו אַרבעטן אין אויסלאַנד?

— אַנטשולדיקט, איך ווייס נישט ווי אַזוי דאַרף איך זיך צו אייך ווענדן?

— גענעראַל...

— חבר גענעראַל, זעץ איך פאָר, איך האָב נישט געאַרבעט פאַר אַ קליקע. אין דער צייט פון דער מלחמה האָב איך אָנגעפירט מיט אַ נעץ פון מיליטערישן אינפאָרמאַציע־דינסט ביים הויפּט־שטאַב פון דער רויטער אַרמיי, און איך בין שטאָלץ מיט דעם וואָס איך האָב געטאָן.

בייטנדיק די טעמע, פרעגט ער מיך:

נאָך וואָס האָט איר פאַרלאַנגט צו זען אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פון מיניס־טעריום?

— ווען איך בין אָנגעקומען אין מאָסקווע האָב איך געמאַכט פאָרשלאָגן צו צוויי קאָלאָנעלן פון אינפאָרמאַציע־דינסט, איך האָב קיין ענטפער נישט באַקומען. עס האַנדלט זיך נישט וועגן מיר, עס גייט וועגן ראַטעווען דאָס לעבן פון קעמפער פון דער נעץ. איך פאַרלאַנג זיך צו טרעפן מיט אַ פאַראַנטוואָרט־לעכן פון צענטער אויסצואַרבעטן דעם פּלאַן פון דער אָפּעראַציע.

— עס וועט געמאַכט ווערן, דערוויל איז דאָס אַלץ.

דער זעלבער וועג אויף צוריק ביז צום גרענעץ־צימער, וואָס טיילט פונאַנ־דער דעם מיניסטעריום פון דער טורמע. אויף ס׳ניי באַשטעטיקונגען. אויף ס׳ניי חתימות, און איך ווער צוריק אינטעגרירט אין מיין קאַמער.

צוויי טעג שפּעטער קומט מען מיך נעמען און מ׳פירט מיך אין אַ צימער, ווו עס וואַרטן אויף מיר צוויי מענער אין ציוויל, געהערן זיי צום אינפאָרמאַציע־דינסט אָדער צו ״סמערש״[1]? אַלענפאַלס זיי קענען אויסגעצייכנט מיין ענין.

״לאָמיר שמועסן פון אייער פּראָיעקט, עס קאָן נישט זיין קיין רייד פון ראַטעווען מענטשן, וועגן וועלכע איר רעדט. דאָס רוב פון זיי געהערט נישט צו די מיליטערישע קאַדערן פון אינפאָרמאַציע־דינסט.״

איך בייל די פויסטן, נישט צו שרייען...

— די קעמפער פון ״רויטן אָרקעסטער״ געהערן נישט צו די מיליטערישע קאַדערן?

זייער לעבן רעכנט זיך גאָרנישט פאַר אייך, נאָך דעם אַלעם וואָס זיי האָבן געטאָן פאַרן ניצחון?

— אין איין זאַך זענען מיר פאַראינטערעסירט, אַהערברענגען קיין מאָסקווע פּאַנוויץ און סוקאָלאָוו (קענט). אויב איר האָט צו דעם קאָנקרעטע פאָרשלאָגן צו מאַכן, וועלן מיר זיי אַדורכפירן.

— אויסגעצייכנט. אין צוויי אָדער דריי טעג וועל איך אייך געבן דעם פּלאַן פון דער אַקציע דורכצופירן.

עטלעכע טעג גייען דורך, מיר טרעפן זיך אויף ס׳ביי. איך שטעל זיי די פראַגע: האָט איר ראַדיאָ־פאַרבינדונג מיט פּאַנוויץ, אויב נישט, קענט איר דאָס שנעל צוריק איינשטעלן?

— מיר האָבן פאַרבינדונגען פון צייט צו צייט, מיר קענען זיך מיט אים קאָמוניקירן.

כ׳בין אויף אַזוי ווייט צוריק אַריין אין דער אַקציע, אַז כ׳האָב פאַרגעסן, ווו כ׳געפין זיך, מיט איין מאָל האָב איך זיך אויפגעהערט צו פילן ווי אַן אַרעס־טאַנט. כ׳האָב פאָרגעשטעלט מיין פלאַן פאַר מיינע צוויי צוהערער.

״ביי מיין אַנטלויפן אין סעפּטעמבער 1943 זענען פּאַנוויץ און זיינע דעמלטיקע שעפן געוווען איבערצייגט, אַז דער צענטער האָט נישט אַנטדעקט די גרויסע שפּיל. זיי האָבן זיך געזאָרגט, אַז נאָך מיין אַנטלויפן, זאָל איך נישט צו וויסן טאָן מאָסקווע. צוליב דעם האָט פּאַנוויץ געלאָזט אָפּישירן אומעטום, אַז עס ווערט געזוכט דער שפּיאָן ״זשאַן זשולבער״. אַזוי אַרום ווער איך פאַרן צענטער שוין אַ ״פאַרבאַקענער״.

— יאָ, גיט צו איינער פון די צוויי אָפיצירן, אין דעם מאָמענט האָט קענט דעפּעשירט צום צענטער וועגן די זעלבע אָפּישן, וואָס האָבן באַשטעטיקט דיין אַרעסט און דיין אַנטלויפן, אָבער דאָ ביי אונדז אין צענטער, אויף פאַרצוזעצן די גרויסע שפּיל, האָבן מיר געענטפערט קענטן אַז ״אָטאָ[2] האָט וואַרשיינלעך פאַראַטן...

— צוליב דעם טאַקע, זעץ איך פאָר, דאַרף מען אונטערהאַלטן די טעזע, מיט רעגולערע איבעררייסן שיקן דעפּעשן פּאַנוויצן, שטעלנדיק אים כסדר די זעלבע פראַגע, — ווו געפינט זיך ״אָטאָ״? נאָך עטלעכע וואָכן וועט איר אים צו וויסן טאָן, אַז ס׳איז אייך געלונגען זיך צו דערוויסן, אַז ״אָטאָ״ איז אַנטלאָפן קיין דרום־אַמעריקע. ווען זיי וועלן האָבן די ידיעה, וועלן פּאַנוויץ און קענט ערנסט אַ טראַכט טאָן וועגן קומען קיין מאָסקווע.

אָבער אַנווענדענדיק דעם פּלאַן, פאַראורטיילט איר צום טויט די קעמפער פון ״רויטן אַרקעסטער״, וואָס געפינען זיך נאָך אין די דייטשע הענט. פּאַנוויץ וועט פאַרן פאַרלאָזן אַפּרוימען די עדות פון זיינע פאַרברעכנס...

מוזט איר דעריבער אין דער זעלבער צייט אונטערנעמען אַלע שריט צו ראַטעווען די לעבנגעבליבענע!...

זיי האָבן נישט געענטפערט, זיך אויפגעהויבן און אַוועק.

מ׳האָט מיך איבערגעפירט אין אַ קליינער קאַמער, אין וועלכער כ׳האָב פאַר־בראַכט לאַנגע וואָכן אַליין... דער רעזשים איז געווען פיל האַרבער, אָבער ביסלעכווייז געוווינט מען זיך צו דעם אומבאַוועגלעכן ריטעם פון די טעג:

זעקס אין דער פרי באַווייזט זיך דער קאָפּ פון וועכטער אין ״יודאַש״. זיין געשריי ״אויפשטיין!״ ציט אונדז אַרויס פון שלאָף.

מ׳הייבט זיך אויף. מ׳נעמט דעם קיבעל (דירעקציע — "אַפּטריט"), מאַקסי־מום אויפהאַלט דריי מינוט. מ׳גייט צום וואַש־קראַן, צוויי מינוט, און צוריק אין קאַמער.

זיבן אַ זייגער, פרישטיק, אַ שיסעלע קאַפע, וואָס מערסטנטייל שטעלט עס מיט זיך פאָר אַ ביסל געקאָכטע וואַסער, אַ שטיקעלע צוקער און די ראַציע ברויט.

אין קאַמער איז דער הערשער דער פאַרבאָט: ס׳איז שטרענג פאַרבאָטן זיך אַוועקצולייגן אויפן בעט, זיך אַוועקצוזעצן מיט דער פּלייצע צו דער טיר, מ׳קען נאָר גיין, גיין, אין דער לענג און אין דער ברייט. פון איין וואַנט צו דער אַנדע־רער. מ׳קען זיך אַפּרוען עטלעכע סעקונדעס אויף אַ קליינע טאַבורעטקע, אָבער מ׳מוז תמיד גיין, נאָר גיין... אין דעם גאַנג מאַכט מען אַדורך טעגלעך פיל־צאַליקע קילאָמעטערס.

דער מיטאָג באַשטייט פון אַ טעפּל אַנגעפּעצט וואַסער, אין וועלכן עס שווי־מען אַרום עטלעכע גערשטן־קיילעכלעך. דער זעלבער "מעניו" אין אָוונט.

אין די יאָרן פון נאָך דער מלחמה, ווען אַלע לענדער האָבן געליטן פון אַ מאַנגל אין שפּייז, האָבן די צוגעטיילטע ראַציעס אין די טורמעס זיך אַלץ מער איינגעשרומפּן, אַפּט איז די זופּ באַשטאַנען פון הערינג־קעפּ. מ׳האָט באמת באַ־דאַרפט זיין שוין גאָר אויסגעהונגערט צו קענען אַראָפּשלינגען אַזאַ פליסיקייט, וואָס האָט געפּערלעך געשטונקען.

מ׳ווערט אָבער צו אַלעם צוגעוווינט, מ׳האָט עס דאָך... געגעסן, בכדי נישט אומצוקומען.

צען אין אָוונט עפנט זיך דאָס פענצטערל, און די זעלבע שטימע פון אין דער פרי, שרייט: שלאָפן גיין! און דער קאַשמאַר הייבט זיך אָן, אפילו אין בעט קאָן מען זיך נישט אויסציען, ווי מ׳וויל:

ס׳איז פאַרפליכטנדיק צו ליגן אויף דער פּלייצע,ביידע הענט אויף דער קאָלדרע, דאָס פּנים געווענדעט צום "יודאַש". די ליכט ברענט אַ גאַנצע נאַכט. אוממעג־לעך אויסצומיידן די פאַרבלענדעדיקע שטראַלן, וואָס גריזשען די אויגן־לעפּלעך.

אַ ביסל שפּעטער האָב איך זיך אויסגעלערנט פון די אַרעסטאַנטן צו קענען דאָך שלאָפן, אַוועקלייגן די שקאַרפּעטקע אויף די אויגן, אָדער ענלעכע איינפאַלן.

דער צירק הייבט זיך אָן: מ׳איז געקומען מיך רופן און מען פירט מיך צום אויספאָרשונג־צענטער. אין אַ ווינקל פון דעם צימער אַ קליין טישל מיט אַ טאַבו־רעטקע פאַר דעם אַרעסטאַנט, אַנטקעגן, אַ ביוראָ־טיש, וווּ עס זיצט אַ קאַפּיטאַן. איך זעץ זיך.

— האַלט אייערע הענט אויפן טיש!

דער אָפיציר נעמט אַ בויגן פּאַפּיר און די אויספאָרשונג הייבט זיך אָן: פאַמיליע־נאָמען און נאָמען.

— טרעפּער, לעאָפּאָלד.

— נאַציאָנאַליטעט —יידישע.

— אויב דו ביסט אַ ייד, פאַרוואָס רופסטו דיך לעאָפּאָלד?

— אַ שאָד וואָס איר קאָנט נישט שטעלן די פראַגע מיין פאָטער, ער איז טויט.

ער זעצט פאָר אומגעשטערט: בירגערשאַפט ?

— פוילישע.

— סאָציאַלע אָפּשטאַמונג ?

— וואָס איז דאָס אַזוינס ?

— דיין פאָטער איז געווען אַן אַרבעטער ?

— ניין! ער שרייבט רעדנדיק צו זיך, אָפּשטאַמונג: קליינבירגערלעכע.

— פראָפעסיע ? — זשורנאַליסט.

— פאַרטיי־אָנגעהעריקייט ?

— פון 1925 מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

ער שרייבט, רעדנדיק צו זיך הויך אויפן קול: "און ער זאָגט, אַז ער איז מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון 1925."

די אויספאָרשונג איז געענדיקט. איך גיי אַרויס מיט אַ געפיל פון אַש אין מויל: פוילישער בירגער, ייד, אָפּשטאַמונג קליינבירגערלעכע. דאָס איז דער סך־הכל פון מיינע צוואַנציק יאָר פאַרטייאיש לעבן, עס ווילט זיך וויינען — כ'האַלט איין מיינע טרערן, איך וויל זיי דאָס פאַרגעניגן נישט אָנטאָן.

אַלע אָוונטן צען אַ זייגער קומט מען מיך נעמען צו דער אויספאַרשונג, וואָס דויערט ביז האַלב זעקס אין דער פרי. אַזוי איז אַדורך אַ וואָך אָן שלאָף. איך פרעג זיך, ווי לאַנג וועל איך אַזוי קענען אויסהאַלטן.

איך דערמאָן זיך דעם הונגער־שטרייק אַ מאָל אין דער פּאַלעסטינער טורמע און שטעל פעסט אַז דער שלאָף־שטרייק איז שווערער.

אָבער דאָס מאָל אַ שטרייק קעגן מיין ווילן. דערווייל האַלט איך אויס די אויספאַרשונגען.

אויספאַרשונגען ? ס'איז גיכער סעאַנסן, וואָס צילן מיך צוזאַמענצוברעכן. יעדע נאַכט הייבט זיך אָן די זעלבע שפּיל... דערציילט אייערע פאַרברעכנס קעגן ראַטנפאַרבאַנד, חזרט איבער אומאויפהערלעך דער אויספאַרשונגס־אָפיציר. און איך ענטפער ווי אַן אויטאָמאַט:

— איך בין נישט באַגאַנגען קיין שום פאַרברעכן קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד!

דער קאַפּיטאַן מאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז אין גאַנצן אין מיר נישט פאַר אינטערעסירט, לייענט צייטונגען און בלויז פון צייט צו צייט חזרט ער איבער זיין פראַגע, נישט אויפהייבנדיק די אויגן.

איך ענטפער מעכאַניש: איך בין נישט באַגאַנגען... די פראַגן ציען זיך, די צייט גייט — איך בלייב שטיל און שטרענג זיך אָן צו בלייבן זיצן אומבאַוועגלעך זיבן שעה אויף דער קליינער טאַבורעטקע אָן איבעררייס.

פאַרטאָג פירט מען מיך צוריק אין קאַמער. אין עטלעכע מינוט אַרום דער־הערט זיך דאָס קול פון וועכטער, וואָס גייט פון טיר צו טיר, אויפשטיין!

כ'האָב זיך נאָך נישט באַוויזן צוצולעגן, ווי אַ צווייטער טאָג שטעלט זיך.

מיך צוזאַמענברעכן, גיין, מאַרשירן, אויסהאַלטן.

ס'איז שוין די צווייטע און די דריטע וואָך, ווי עס ווערט פאַרגעזעצט דער אָנהייב פון מיין אויספאָרשונג, מ'לאָזט מיך שלאָפן איין נאַכט אויף זיבן, איך זינק, איך האַלט זיך קוים אויף די פיס, און אין דער פרי הויבט זיך אָן די שפּיל אויף ס'ניי.

אין אָן אָוונט פון דער פערטער וואָך קומט אַריין אין אויספאָרשונג־זאַל אַ קליינער מאַן מיט אַ פאַרגעלט קרענקלעך פּרצוף. ער זעט אויס אין אַ מצב פון אָנגעשטרענגטער געשפּאַנטקייט.

דאָס איז דער הויפּט־קאַלאָנעל פון דער אויספאָרשונג־סעקציע, באַרימט אין דער גאַנצער לוביאַנקע צוליב זיינע אכזריותן און סאַדיזם. ער האָט אַ פאַרגעניגן צו געבן קלעפּ מיט די אייגענע הענט.

אין איין אָטעם גיט ער אַ פרעג דעם קאַפּיטאַן: וועלכן רעזולטאַט האָסטו שוין באַקומען?

— קיין שום, ער איז פאַרעקשנט און לייקנט זיינע פאַרברעכנס, ער האָט נאָך נישט אָנגעהויבן צו רעדן.

דער "הויפּט" דרייט זיך אויס אין מיין זייט און לאָזט זיך אַריין אין אַ לאַנגער דרשה פול מיט זידלערייען און דראָונגען, דערביי זענען די זידלערייען באַפּעפערט מיט דער באַקאַנטער רוסישער זידל־שפּראַך.

אין אַלגעמיין הייבט זיך אָן דאָס רוסישע זידלען פון דער מאַמען, ער איז אַ ספּעציאַליסט, האָט ער אָנגעהויבן פון דער פערטער און פינפטער גענעראַציע.

זיין "ערודיציע" האָט געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן איינדרוק. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז אָן איינגעקזערטע תפילה, פון פאַרויס צוגעגרייט, און אַז דאָס איז אַ טייל פון דער עלעמענטאַרער דערציונג, וואָס ווערט געגעבן אָן אויספאָרשונג־קאַלאָנעל.

איך שווייג, איך רעאַגיר נישט. ווען ער איבערצייגט זיך, אַז ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ וואַנט שטעלט ער זיך אָפּ און דראָט:

דער אָפּרו אין לוביאַנקע איז געענדיקט, איך וועל געפינען די מיטלען צו מאַכן דיך רעדן, דו וועסט מודה זיין דיינע פאַרברעכנס!

ער עפנט די טיר און שרייט היסטעריש: נעמט מיר אַרויס דעם שמוץ פון דאַנען!

ס'איז נישט מער ווי איינס אין מיטן דער נאַכט. מ'האָט באַדאַרפט אויסהאַלטן דעם קלאַאונישן ספּעקטאַקל, כדי צו פאַרדינען עטלעכע שעה שלאָפן...

די וויטערדיקע נעכט איז מען מער נישט געקומען מיך נעמען.

פון פראַנצויזיש: א. מעלמאַן

[1] ספּעציעלער דעפּאַרטמענט ביים זיכערהייט־מיניסטער געשאַפן אין 1943, ווערטלעך: — טויט די שפּיאָנען — אָנגעפירט פון אַבאַקומאָוו.

[2] דער נאָמען "אָטאָ" איז געווען איינער פון די פּסעוודאָנימען מיט וועלכע ס'האָט זיך באַנוצט טרעפּער בעת דער אַקציע פון רויטן אָרקעסטער.

## חיים מאַלטינסקי

# מיין דמיון־בריק
(פון אַ פּאָעמע)

**איך געפין מיר ניט קיין אָרט...**

אין די טראַנשייען קאַלטע,
קוואַטשיק — קויטיקע,
אַ פוס אָן פוס כ׳קלאַפּ אָן אַ סוף...
געדענק איך, מיין וועליקי בראַט — פּעטראָוו.
אַ ווונק טון פלעגט אויף א פריטשמעליעטן סאָלדאַט
אַ טונקלהויטיקן,
אויף אַן אוזבעק, צי אַ טורקמען
און דורכזייען מיט ביטול: — אַ נאַצמען...
פונקט ווי אַ זידלוואָרט...
עס פלעגט מיר איבער האַרצן טאָן אַ שניט:
דאָס זעלבע טראַכט ער וועגן דיר: — ״אַ זשיד״.
און איך געפין מיר ניט קיין אָרט...

## לעם בערג גלבוע׳ר

פאַרדריסט, וואָס אויף דער עלטער בלויז
(געבליבן אַן אַקרייטשיק צייט),
ז׳געוואָרן פון די טרוימען מיינע אויס —
אַ מנחם־מענדל־״בוידעם״,
געפּלאַצט דער זייפנבלאָז — ביראָבידזשאַן...
אַצינד, כ׳בין מער ניט קיין נאַצמינדערהייט —
אין שפּאַן
צוזאַמען מיט מיין פאָלק אויף אייגן ערד,
פאַרגאַנצט און פול, ווי די לבנה אין האַלב־חודש,
און דאָך אַ שאָטן מיין געמיט באַשווערט:
מיין יידיש־לשון, ווי אַ שערבעלע אַ דינס און בלייכס
פאַרלוירן
קוקט פון בערג גלבוע׳ר,
פונקט ווי דער מולד, וואָס איז ערשט געבוירן...

# מיין צוואַנציק־יאָריקן מעזיניק

מיין לעבנס־בריק,
מיין דמיון־בריק
אויף תהומען הערט ניט אויף
פאַר בליק מיינעם זיך וויגן . . .
ווי ריזיק דורכגעפלאָכטן די געשטעלן זיינע
און דער שטח.
איין זייל זיך גרונטעוועט
אין ברודער־קבר פון דער מינסקער געטאָ.
די ביינער פון מיין בכור — מיין אייפל דאָרטן ליגן
מיט קדושים פיל. איין גאָט ווייס זייער צאָל . . .
דעם זייל דעם קעגנאיבערדיקן האַלט דאָ אין ישראל,
אויף יונגן אַקסל מיין זון — חיל,
מיין צוואַנציקיאָריקער מעזיניק.
און איך אין מיינע טרוימען — קיניג !
די קוליעס ברייט צעשפרייט,
איך שפאַן איבער מיין גרוילנדיקן
דמיון־בריק
אַהין און קריק,
אַהין און קריק
און ס׳האַרץ פאַרחלשט און פאַרגייט . . .

# בילדער אַנדערע . . .

ווען פון מיין פענצטער אין מגדיאל
כ׳באַמערק ווי ס׳ווימלט דורך פאַרביי
די גרויע סטאַדע לעמער,
צונויפגעדריקט, ווי אין איין קנויל צונויפגענומען,
מיך קלעמען נעמט
אַ נאָגנדיק געפיל.
אַן אומרו־אומעט . . .
און כאָטש דער פאַסטעך רויק גייט פאָרויס,

אויף אַקסל זיינעם — דער טראַנזיסטאָר,
און קיינער טרייבט די שאָף
אין נאַקן ניט,
ניט ביי די זייטן,
מיר ווייזט זיך אויס,
ווי צו אַ סוף
אַ וויסטן
זיי איילן פּיבערדיק אַליין
און איינס דעם צווייטן שטויסט...
כ׳פּיל פון דער ווייטן,
ווי ס׳הינקענדיקע שעפּעלע,
וואָס עטוואָס הינטערשטעליק פון דער טשערעדע
זיך מיט מיט אַלע כוחות
צוריק אַריין אין פלוס, אין קנויל...
אין דמיון מיינעם טראָגן דורך זיך
בילדער אַנדערע מיט גרויל...

## דאָס שטילע אייזעלע

וויי־געשריגן,
וואָס מיטלייד עס דערוועקט
דאָס שיין־באַחנטע גאָטס־באַשעפעניש —
דאָס שטילע אייזעלע:
אַ מענגע קליינע בייזע פליגן
געדיכט באַקלעפּן אים די געמבע
און בלויז עס פּינטלט מיט די וויעס,
די אויערן באַוועגט.
די פליגן טוען זייערס —
קריכן, פּויזען אין די נאָזלעכער,
איבער די פייכטע ווייסלען גלאַנציקע
פון זיינע גוטע מילדע אויגן —
און בייסן, גריזשען, זויגן...

מאָטל סאַקציער

# מיט בראָדערזאָנען אין לאַגער

פאַר טאָג, ווי נאָר ס׳האָט איבערן לאַגער הילכיק זיך צעקייקלט דער פאַר־שאַלטענער קלאַנג פונעם ״גאָנג״, און די אויפזועער האָבן מיט אַ גרילציקן קלימ־פער פון די שליסלען אויפגעשלאָסן די באַראַקעס, איז אַנדריי טריאָסאַגוז געקומען צו לויפן צו בראָדערזאָנען און אים אַריינגעשושקעט אין אויער די לעצטע ״פּאַראַשע״.

— אין די לאַגער־ביוראָען האָט מען אַ גאַנצע נאַכט, אין גרויסער בהלה, געגרייט עפּעס פאַרדעכטיקע רשימות. צום לאַגער־טויער האָט מען צוגעשטופּט אָפּגעבליאַקעווטע שטייגן־טעפּלושקעס. לויט אַלע סימנים גייען מיר היינט ווידער אין עטאַפּ...

מיר, — דאָס איז געווען אַ פּאַרטיע פון עטלעכע הונדערט זעקאַ־אינוואַלידן וואָס האָבן אויף דער טראַסע טיישעט־בראַטסק, דער אַנגעשפּיגעוועטער מיט לאַג־פּונקטן, געוואָגלט עטלעכע חדשים פון קאָלאָנע צו קאָלאָנע. מ׳האָט נישט באַוויזן קומען צו זיך נאָך איין עטאַפּ, און שוין — סאַביראַיסיאַ ס׳וועשטשאַמי — מע טרייבט שוין אין אַ נייעם. יעדער לאַגער־באַלעבאָס ווי אַ קאָלאָניאַלער אייגנ־טימער פון אַ שקלאַפן־פּערמע, האָט זיך באַמיט וואָס גיכער פּטור צו ווערן פון די אינוואַלידן, פאַרצוקערן, פאַרשאַכערן זיי, איבערליפערן זיי אַן אַנדערן. די מחנה פון אַלטע, צעבראָכענע לייט — קריפּלען פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, וואָס האָבן זיך געערוקט מיט די הענט אויף זייערע אַליין געמאַכטע וועגעלעך, האַרץ־שלאַפע, היפּערטאָניקער, האַלב־בלינדע, זענען געווען פאַר זיי אַן אומנוצלעכער באַלאַסט. זיי האָבן געזען אין די מענטשן אומזיסטע פרעסער, אַנלייגער, שמאַראָ־צער, וואָס האָבן, אָדער ניט געוואָלט, אָדער טאַקע ניט געקאָנט, אפילו זיך אַליין באַדינען. יעדער שעף פון אַ קאָלאָנע האָט געזוכט געזונטע, פּולווערטיקע, האָרעפּאַשנע לייט, סיי פאַר דער אויספירונג פון די אייגענע ווירטשאַפטלעכע פּלענער, סיי, ווי ביליקע אַרבעטסקראַפט צום פאַרדינגען. האָבן דאָך אין דרויסן אַרומגעשמייעט פאַרשידענע ״אונטערנעמער״ אין דער וואַלד־עקספּלואַטאַציע, אויף די שטיין־קאַריערן, צי גאָר אויף דער אייזנבאַנליניע, מיט וועלכער מ׳האָט זיך שוין גענוצט, הגם זי איז נאָך געווען ווייט ניט אָרויסגעענדיקט.

— נאָר, ווי זאָגט דאָס פאָלקסווערטל, האָט זיך אָנגערופן בראָדערזאָן — אַז ס׳איז נישטאָ קיין מיידלעך, טאַנצט מען מיט שיקסלעך. און די לאַגער־פּלענער ווערן מיט דערפאָלג אויסגעטאַנצט אויך אויף די הויקערס פון די אינוואַלידן...

ווייל אויב נאָר האָבן זיי נאָך אַ ביסל פלייש אויפן ווי רופט מען דאָס (לויט דעם קריטעריום פון די עמגעבע־עסקולאַפּן ווערט באַשטימט די קאַטעגאָריע) קוועטשט מען זיי אַריין אין דער רשימה פון די געזונטע, די אַרבעטספעיקע און — פּאַשאָל!, גיי בייג דעם קריזש. דאָס וואָס אַלע מאָל פאָלט אָוועק אַן אַנדער אינוואַליד, באַ־ומרויקט זיי ווייניק וואָס. געפאַלן? איז מילא, ווייניקער אַ שונא. מע שרייבט אים אָפּ. מע מעקט אים אויס פון דער פּראָוויאַנט־רשימה און רופט זיי קנאַקניסל...

אָבער בעסער פון אַלץ איז געווען זיך אַרויסצודרייען פון דער מציאה. האָט טאַקע דעריבער די מחנה אינוואַלידן געוואָגלט פון אָרט צו אָרט ווי אַ געשפּענ־סטיקע באַרזשע מיט קרעציקע.

— ויחנו, ויסעו, האָט געזאָגט בראַדערזאָן טרויעריק, ביז ווען?

די 51סטע קאָלאָנע איז געווען יענער געגאַרטער ברעג צו וועלכן מ׳האָט זיי ענדלעך צוגעאַנקערט. דאָס איז געווען אַ פאַרלאָזטע קאָלאָנע (פריער האָבן זיך דאָ געפונען יאַפּאַנישע קריגס־געפאַנגענע) אַ האַלב־חרובע, וויסטע, באַוואַקסענע מיט ווילדגראָז און בוריאַנעס. מ׳האָט זי געדאַרפט רעסטאַווורירן מיט די אייגענע כוחות, אָנהייבנדיק פונעם פלויט מיט דער געקליגלטער פאַרצוימונג פון שטעכלדראָט־פּלאָנטער, פון דער אינעווייניקסטער און דרויסנדיקער זייט, ביז די באַראַקעס מיט דער געהעריקער אויסשטאַטונג.

די בלוטדאַרשטיקע מאָסקיטן וואָס זענען געלעגן לאַנג אין אַ לעטאַרגישן שלאָף, האָבן זיך אַ הייב געטאָן פון די גראָזן, דערפילנדיק פריש בלוט, זיך אַ לאָז געטאָן אויף די געקומענע ווי אַ געדיכטע כמאַרע, גענומען אָנגרייפן מיט שטורעם ווי מטורפע פון בלוט־גיר־שכרות, אין אַ פראָנטאַלער אַטאַקע, זיי האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף אונדז מיט פאַרביסנקייט און אַ צאַרן פייקלענדיק אין די גע־זיכטער ווי אַ פייערדיקער האָגל. ניט קוקנדיק אויף די באַשיצונגס־מאַסקעס, מיט וועלכע מ׳האָט אונדז "אויסגעריסטעט" קעגן דער סכנה, האָבן דער גרעסטער טייל באַקומען באַלד געשוואָלענע פּנימער, צעביסענע פון דעם מילביקן, אומרחמנות־דיק־גיריקן און גיפטיקן פליגעלע.

— אָט דאָס הייסט אַ קבלת פּנים — האָט בראַדערזאָן זיך געוווּנדערט, אָפּ־שלאָגנדיק זיך פון די פליגלעך מיט אַ בלעטער־בעזעמל — ניט אַנדערש, אַז פּונקט ווי די קאָנוואָירער אונדזערע, ספּעציעל אויסגעשולטע ווי צו באַנעמען זיך מיט דער מחנה אָנגעבראָכטע פאַשיסטן, שפּיאָנען, דעזערטירן און פאַרעטער, האָבן אויך די פליגלעך באַקומען אַן "אידעאָלאָגישע באַאַרבעטונג"...

— מיט זיי וועלן מיר זיך יאַקאָסיע אַן עצה געבן, האָט געענטפערט אַנדריי, מיר וועלן אַרויסקאָרטשעווען די בוריאַנעס, מיר וועלן אויספּליקן די גראָזן מיט די נעגל, און זיי וועלן אָפּטרעטן. אַן אַנדער זאָרג קאָראָבעט מיך: אויך די קאָלאָנע זאָל נישט זיין פאַר אונדז בלויז אַ טראַנזיטקע, אַזוי ווי די אַנדערע. כ׳האָב מורא, אַז מיר וועלן דורכפירן דעם רעמאָנט, שאַפן מער־ווייניקער מענטשלעכע באַדינ־גונגען, זאָל מען אונדז ווידער ניט מטריח זיין...

די דאגה איז געווען ניט אָן אַ גרונט. אין לאַנד איז אָנגעגאַנגען די גרויסע

פעלקער־וואַנדערונג, אין אַ גאַר ברייטן, פאַרכאַפּנדיקן פאַרנעם. עטאַפּן האָבן ניט אויפגעהערט שטראָמען קיין צפון פון אַלע טויבסטע, פאַרשטופּסטע ווינקעלעך פון דער מדינה, מיט אַלע נאָר מעגלעכע וועגן. מיט די באַנען, מיט די שיפן, מיט לאַסטמאַשינען. צו פוס. עס זענען געגאַנגען עשעלאָן נאָך עשעלאָן. די שוואַרצע אַרעסטאַנט־מאַשין, "די שוואַרצע קראָ", איז שאַרכלאָז צוגעפלויגן אין די נעכט פון הויז צו הויז, די היצעלעס האָבן געכאַפּט, דער קאָנווייער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אַ רגע. דער פּלאַן האָט געמוזט אויסגעפילט ווערן. די סטאַלינישע קעכער האָבן אַרויסגעוויזן גרויסע וואַכזאַמקייט און פלייס. מ׳האָט געמוזט בחפזון צוגרייטן נייע אויפנעם־פּונקטן אין דעם דאָזיקן ספּעץ־לאַגער, ווו מ׳האָט קאָנ־צענטרירט אויסשליסלעך פּאָליטישע פאַרברעכער און פאַר וועמען די סאַדיסטישע זיכערקייט־ראַציאָנאַליזאַטאָרס האָבן דערפונדן גרינגקע, פּריש־באַאַרבעטע אין אַלע עמגעגע־קעלערס פונעם לאַנד, נעכטיקע פּאַרטיי־ און קאָמסאָמאָל־טוער, וועלכע האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט וועגן דער פאַראַנענקייט אין זייער לאַנד ווו "עס אָטעמט אַזוי פריי דער מענטש", פון אַזאַ מין שקלאַפן־אַנשטאַלט; נעכ־טיקע פּאַטריאָטן, באַקערטע מיט געוואַלד צו דער שונאים־אמונה, און ביי וועמען די הינטנס זענען נאָך נישט געווען פאַרשפּיצט פון דיסטראָפּיע ווי די קעמלען־הינטנס, און מ׳האָט געקאָנט בויען אויף זיי נייע "בעלאָמאָר־קאַנאַלן", און סאָציאַ־ליסטישע פּתום און רעמסס־כרכן.

— ממא נפשך — האָט בראַדערזאָן מיט ערמהדיקער תמימות זיך אַנגעזעצט אויף דעם אַלטן לאַגער־וואָלף, אַנדרייען — זענען ריכטיק די סברות, אַז דאָס מענטשן־כאַפּעניש האָט אַ געהויבענעם, לעבנסוויכטיקן, מלוכהשן צוועק, אַז ס׳איז פאַראַן אין דעם אַ ווייטער קוק, אַ חזיון: — באַפעלקערן מיט געוואַלד די אומ־געהייערע צפון־שטרעקעס, ווו ס׳האָט נאָך קיין מענטשן־פוס נישט געטראָטן, און וווהין צו פאַרן פרייוויליק עס זענען עפּעס נישטאָ קיין בעלנים, אפילו נישט פאַר דעם פאַרלאָקנדיקן, "לאַנגגן רובל" — צו וואָס־זשע פרעגט זיך, פעלן אויס אָ־די צעבראָכענע טשערעפּס? מיט זיי וועט מען פון די פאַרפרוירענע באָדן־טיפענישן קיין אוצרות נישט אויפהייבן, קיין שטעט נישט אויפבויען, ניט ברענגען אין יענער ווייסער אומענדלעכער צפון־סאַהאַרע די ציוויליזאַציע. ניט בעסער וואָלט געווען דורכפירן אַ סעלעקציע, אָפּקלייבן די פיזיש־שטאַרקע מענטשן, ווי מ׳האָט עס געטאָן ביי לייטן? האַ?

אַנדריי האָט שוין צו גוט געקענט דעם קלוגן מאַיסיי, אַז ער זאָל נישט פאַר־שטיין סיי זיין איראָניע, סיי דעם רמז אין בראַדערזאָנס רייד. ער איז אָבער געווען ערנסט:

— פאַרגעסט נישט, טייערינקער, אַז אַ סך פון אָ־די צעבראָכענע טשערעפּס זענען געקומען צו דעם מצב, שוין נאָך עטלעכע דורכגעגאַנגענע דאַנטישע קרייזן... פאַר קאַליקעס האָט מען זיי שוין געמאַכט אין די לאַגערס. וואָס־זשע דאַרף מען איצט טאָן מיט זיי — אַרויסוואַרפן אויף דער מיסט־קופּע, צי אין קרעמאַטאָר אַריין? וואָס שייך סעלעקציעס — איז פאַר דעם נישטאָ קיין צייט...

דער ציקלאָן ווען ער פליסט קלייבט ער נישט איבער צווישן טיף און פעסט זיך פּאַרוואָרצלטן דעמב און יונגן, צאַפּלדיקן ביימעלע...

— ציקלאָן, ציקלאָן — האָט בראַדערזאָן זיך געקרומט — דער ציקלאָן, גוטער ברודער, איז אַ סטיכיש נאַטור־אומגליק, און דער אומגליק אין לעבן פון אַ פאָלק איז אַרויסגערופן און פּלאַנירט מיט קאַלטער אכזריות פון אים, דעם גלגול פון אחיתופלען.

— פון אים אַליין דען, מיין טייערער? פון אים דען אַליין?

— איך ווייס נאָר איינס, און מיט דעם טרייסט איך מיך: אַלצדינג בייט זיך, אַלצדינג ענדערט זיך. גאָרנישט איז אויף אייביק... עס מוז דאָך קומען אַן אויס־ניכטערונג... מע וועט זיך אַרומקוקן... מע מוז האָפן... איר געדענקט טיו־טשעווס אַ פּאָר שורות? "טשעמו בי זשיזן נאָס ניע אוטשילא, נאָ סערדצע וועריט וו טשודעסאָ...".

— אַז ווייל איז דעם גלייביקן... גלייבט, האָפט געזונטערהייט... איך האָב אויך אַ מאָל געהאָפט... נאָר זאָגט מיר, מיין פריינד, אויף וואָס? אויף חסד עליון האָפן? אויף באַפרייונג? נישט ביי דעם טאַטן...

— נישט ביי דעם טאַטן, האָט איבערגעחזרט בראַדערזאָן, — נישט ביי דעם טאַטן. איז אפשר אַנדריושאַ, וואָלט שוין געווען בעסער מיר זאָלן בלייבן יתומים? האַ? וואָס זאָגסטו וועגן דעם?

— אים האָבן זייער אויסגעמוטשעט די אומאויפהערלעכע עטאַפּן. ער האָט זיך ממש אונטערגעריסן מיטן זאַק בגדים, וואָס זיין פרוי שיינע מרים האָט זאָרגפעל־טיק, מיט ציטערדיקע, צאַרטע הענט צונויפגעלייגט און איבערגעגעבן פאַר אים אין תפיסה, גלייך ער וואָלט זיך געקליבן ניט "אויף וועגן סיבירער", נאָר אין אַ שרייבערישן אַפּרו־הויז... אַ הויכער זאַק איז דאָס געווען, אָנגעשטאָפּט ביז אַרויף. די הינטער־וועלט האָט זיך נאָך נישט דערקליבן צו דעם זאַק, — אפשר דערפאַר, ווייל זיי זענען אין דער אינוואַלידן־מחנה געווען קנאַפּע אין צאָל און זיי האָבן זיך נאָך נישט איינגעשטעלט דורכצופירן אַ־די אומצערעמאָניעדיקע רע־קוויזיציע, נאָר אַן אויג אויף אים האָבן זיי געהאַלטן. נישקשה, זיי וועלן זיך דער־קלייבן צו אים שפּעטער. ער איז שוין ווי ביי זיי אין קעשענע. מזומן. בראַדערזאָן איז נאָר זייער בחינמדיקער טרעגער. וווּהען וועט ער זיך אַהינטאָן מיט אים, אַ־דער אַלטער, איינגעבראָכענער ייד מיט די גרויסע אויגן, אין וועלכע ס'האָבן ווי פלע־דערמייז זיך איינגענייורעט אַ שטומע שרעק... זיי וועלן אים באַנעמען ביזן ווייס־לעכן פון אויג. און ווען דאָס וועט געשען, וועט ער זיך דערפילן מיט אַ מאָל באַפרייט פון אַ שווערן, אומדערטרעגלעכן עול, עס וועט אים ווערן גרינג ווי אויף אַ שפּאַצירגאַנג, און ער וועט אפילו דאַנקבאַר זיין די באַנעמער.

וויפל מאָל האָט אַנדריי אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מער פון אַ קליין קלומיקל דאַרף אַ נאַש בראָט נישט פאַרמאָגן. אי מע ווערט נישט אויסגעמאַטערט בעת די אַפּטע און לאַנגע איבערוואַנדערונגען, אי עס רייצט נישט די שאַקאַלן, און מע פאַרשפּאָרט דעם עגמת נפש פון אַ באַרויבטן.

איך האָב געהאַט אַן אַנדער מיינונג וועגן דעם. מיין קוק אויף דעם איז געווען נישט נאָר אַ מאָראַליש־פּרינציפּיעלער, נאָר האָט געהאַט אויך אַ ריין־אוטיליטאַרן זין. איך האָב געזען אין דעם זאַק בראַדערזאָנס רעטונג פון שווערע אַלגעמיינע אַרבעטן, פון עבודת פּרך. דאָס וועט זיין דער כופר, מיט וואָס ער וועט זיך קענען אויסלייזן פון די הינטערוועלט־נאַריאַדטשיקעס, געווינען זייער חסד, זיי זאָלן אים, אַדער אין גאַנצן באַפרייען פון אַרבעט, אַדער אַריינשטופּן ערגעץ אין אַ לאַד, ווו ער זאָל עפּעס טאָן לויט זיינע כוחות, וואָס האָבן שוין אַ פּנים, בעת דער אויספאָרשונג אין גאַנצן אים פאַרלאָזט. איך האָב דערפאַר אַלע מאָל איבערגעצ־בומען זיין משא אויף מיין אַקסל, כדי ער זאָל קאָנען איבערכאַפּן דעם אָטעם. ער האָט דערווידערט און איז גרייט געווען אים אָוועקוואַרפן אין מיטן וועג. די עטאַפּן זענען דאָך געווען אַן אמתער גאַלגאָטע־וועג, און נישט נאָר צוליב די שטרעקעס, ווי צוליב די דערנידערנדיקע "שמאַנען", די באַזוכונגס־פּראָצעדורן, וואָס זענען ביים אָפּפאָרן און ביים אָנקומען דורכגעפירט געוואָרן מיט דער גרעס־טער קפדנות. אַלע מאָל האָט מען זיך געמוזט אויסטון אדם־נאַקעט, זיך לאָזן באַטאַפּן פון די טריפהנע הענט, וועלכע האָבן ביי יעדער באַזוכונג עפּעס אָוועק־געשלעפּט ביי דיר — ווען אַ סאַנטימעטערדיק אָפּשניצל פון אַ בליישטיפט, ווען אַ בריוועלע פון דער היים, פון די אייגענע, וואָס מענטשן האָבן געהיט, ווי אַ לעצטן אַנהאַלט אין לעבן. און נאָך יעדן עטאַפּ איז מען אָרעמער געוואָרן מיט אַ וואַלענעם סוויטער, מיט אַ פּאָר הויזן, אַ העמד. און זאָל דיך גאָט היטן פונעם יצר הרע צו באַקלאָגן זיך. דאָס איינציקע, וואָס האָסט געקאָנט געווינען איז, — אונטערגעהאַקטע אויגן פאַר אַ בלבול אויף די לייטישע פאָרשטייער פון דער סאַמע ערלעכסטער, סאַמע גערעכטסטער, סאַמע־סאַמע־סאַמע איידלסטע מעלות פון דער הומאַנישסטער מאַכט אויף דעם זעקסטן חלק פון דער וועלט.

איך האָב דעם אַלטן דיכטער געוואָלט דערמוטיקן, טרייסטן, און איך האָב אים געזאָגט:

— אָבער דאָ, רב משה, נעמט שוין דאַכט זיך אַ סוף צו אונדזער וואַגלעניש. איר זעט? מיר סטרויען זיך אַרום מיט דעם פּלויט־פעסטונג ווי חונה המעגל, מיר זאָלן, חלילה, ניט קענען אַנטלויפן, אפילו נישט פון זיך אַליין. מיר וועלן זיך איינפונדעווען. דאָס איז אונדזער נחלה — אַבי געזונט.

— פון דיין מויל אין גאָטס אויערן. ווייל וויפל וועל איך קענען שלעפּן דאָ מיין זאַק מיט ביינער? די פיס ווערן פון מאָל צו מאָל שוואַכער, ווי צעווייקטע, און נישט געשוואָלענע, נאָר אָנגעבלאָזענע ווי פענכערס... און וואָס שייך דעם פּלאַץ, הלמאי זאָל איך זאָגן, דאָ איז דאָך טאַקע שיער נישט מאַלייעווקע. טו אַ קוק אַ וואַלד. אַ קרענק האָבן זיי דאָרט אַזעלכן די שוואַרצמאַהדיקע מפונקלעך סטאַלינס פונעם שרייבער־פּאַריין. און וואָס זאָגסטו אויף דער לופט, האַ? אַ מחיה־דיקע... אַי, די מאָסקיטן רייסן פון אונדז שטיקער לעבעדיקערהייט? איז מילא. דאָרטן האָבן דען ווייניק גיפטיקע מילכן געשווויבלט און געגריבלט אַרום אנשי שלומנו און געזוכט אונדזער בלוט? איינער האָט דאָס געטאָן באַוויגן פון זיין

פאַרטיי־געוויסן, אַ צווייטער פון פרייען ווילן, אויס שאַדן־פרייד, קנאה, באַוויגן פון אַ יהודה־איש קריות־קאָמפּלעקס, קאַריעריזם, און נאָך עמעצער — כדי אָפּ־צווועגדן פון זיך אַ שווערן, הויערנדיקן חשד... און דאָרט, זאָג מיר, האָט מען נישט געטראָגן קיין מאַסקעס? אמת — נישט אויף די פּנימער האָט מען זיי גע־טראָגן — אויף די נשמות...

בראָדערזאָן איז דאָרט אַרומגעגאַנגען מיט גרויסע, דערשראָקענע אויגן. ער האָט גערעדט ווייניק, זיך נישט געלאָזט אַריינציען אין קיין שום שמועסן. ער האָט קיינעם ניט געטרויט. אין אים האָט געאַרבעט אָן אויפהער אָן אינעווייניקסט העמענדיק הייב־שטענגל — דער וואַכער און נאָגנדיקער פּאַרדאַכט, דער פּחד פאַר „סעקסאָטן", קלאַפּער, וואָס האָבן דאָרט נישט געפעלט. ער האָט זיך תמיד אַרויס־געדרייט פון זיי מיט אַן אַנעקדאָטל, אַ קאַלאַמבור, וואָס ער האָט פאַר יעדער געלעגנהייט געהאַט צו דער האַנט, מיט וואָס דעם עולם געבראַכט צו אַ שמייכל, בשעת אַליין פלעג ער בלייבן מרה שחורהדיק־ערנסט.

יאָ געטרויט האָט ער טריאַסאַגוזן. צו אים האָט ער זיך צוגעבונדן פון די ערשטע טעג. אים האָט ער געשעצט — אפשר צוליב די פּילצאָליקע, שוין גאָר־נישט ראָמאַנטישע פּעריפּעטיעס, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין לעבן. און אפשר ווייל ער איז געווען דער היפוך פון אים, זיין פולשטענדיקער אַנטיפּאָד — אַ ניכ־טערער, דרייסטער, אומדערשראָקענער פּאָלקסמענטש מיט אַן איינגעבוירענער, בליציקער אינטעליגענץ, און מיט אַ לעבנסגעשיכטע, וואָס איז געווען דורכגעֿ־וועבט מיט שפּאַנענדיקע געשעענישן, דראַמאַטישע קאָליזיעס. דאָס איז געווען ניט קיין אויסגעטראַכטע געשיכטע, כדי צו פּוצן זיך פאַרן שרייבער, נאָר אָן אויסגעשלייפטע אין די ברוטאַלזדיקע שוים־כוואַליעס פונעם בירגער־קריג, און פון דער שפּעטערדיקער סדום־וואָקכאַנאַליע אין לאַנד, וואָס האָט אויך אים אַריינ־געשלעפּט אין איר בראַנדיקן ווירבל.

— טריאַסאַגוז, טריאַסאַגאַז — האָט בראָדערזאָן שפּילעוודיק געקאָטשעט דאָס וויל־קלינגענדיקע וואָרט אין מויל — פון וואַנען, אַנדריי, קומט צו דיר אַזאַ פייגלשער משפחה־נאָמען? דו האָסט דאָך גאָרנישט געמיינזאַמס מיט דעם פּיט־שינקע פייגעלע, וואָס גייט זיך ווי אויף שטאָלצן, טרייסלענדיק מיטן לאַנגן עקעלע ווי מיט אַ ציטער־שפּילקע?

— ווייסט עס דער ניט־גוטער — האָט אַנדריי געענטפערט — ווען מ'האָט איינגעפירט פאַמיליע־נעמען אין רוסלאַנד, האָט מען זיי צוגעטיילט, ווי באַוווּסט, וועמען לויט דער מלאכה פון וועלכער יענער האָט זיך געקאָרמעט, וועמען לויט זיין ווױנאָרט, און וועמען לויט זיין כאַראַקטער. אויף וויפל מיר איז באַוווּסט, זענען מיינע אבות אויף שטאָלצן נישט געגאַנגען, ווי דאָס דאָזיקע פייגעלע און קיין ציטערדיקע זענען זיי אוודאי נישט געווען. זיי זענען געווען פּויערים, עובדי אדמה, פון קאָזאַקישן אָדער; אויף פערד זענען זיי געפלויגן ווילד — מיטאָלאָ־גישע געטער. און געווען זענען זיי קריגסלייט, בונטאַרן, היץ־קעפּ, און אַ סברה, אָז אויך געהאַט אַ שייכות צו דער פּוגאַטשאָווטשינע...

אַנדרייס פּנים איז געווען אַ מאַנצביליש־האַרטלעכס, אויסגעמאָגערט, קנאַכיק־טרוקנס, מיט שאַרפע קינבאַקן און גאָמבע וואָס זענען אַ סימן, זאָגט מען, פון פעסטן ווילן, אַנטשלאָסנקייט, ענערגיע. זיין מויל עטוואָס איינגעפאַלן צוליב די פאַרלוירענע ציין אַ צונויפגעשטשעמט־פאַביסנס מיט אַ סך כיטערקייט אין די ווינקלען. די זיידעס זיינע פלעגן מיט די ציין בייגן טשוועקעס און פערדישע קאַפּיטעס און אַ פּאָר שטאַרקע ראַסעווע אָקסן האָבן ניט גערירט דעם וואָגן פון אָרט, ווען זיי האָבן פון הינטן דעם צוגעבונדענעם שטריק אַריינגעכאַפּט אין די ציין... און ער האָט בישט קיין איין צאָן אין מויל. זיי האָבן זיך אַרויסגעשיט שמערצלאָז פון די יאַסלעס, פון דער צינגאַ־שלאָפקייט אין משך פון די יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין פראַסטיקן עק־וועלט, ווו דער רוח זאָגט אַ גוטע נאַכט.

האָט אַנדריי טאַקע נישט געהאַט מיט וואָס צו בייסן, קייען, כראָמטשען.

— אַ גליק, האָט אים בראָדערזאָן געזאָגט, וואָס צו די לאַגער־מאכלים, קאָן מען זיך באַגיין אָן ציין. דערפאַר אָבער, אַנדריי, פאַרמאָגסטו אַ צונג אַ גאַליקע, אַ בייסיק־שאַרפע ווי אַ קאַזאַקישע שווערד...

די זעקעס האָבן זיך געהיט פאַר זיין צונג. זיי האָבן מורא געהאַט צו פאַר־פלאָנטערן זיך אין סכסוכים מיט אים. ער האָט תמיד געטראָפן פעלערלאָז און ביזן ביין, ווייטיקלעכסטן אָרט. און טאָמער האָט זיך געהאַנדלט אין זיינער אָן איבערצייגונג. אָן ״אמת״ האָט ער געבראַקט אָן שום העמונגען, ניט רעכענענדיק זיך ניט נאָר מיט די זעקאַ־אויטאָריטעטן, נאָר אפילו נישט מיט די בלאַ־רויטע קאָ־קאַרדע־באַלעבאַטים, וואָס האָבן אין אַ קרומער מינע, צי רחמנא ליצלן — אַ חוצפּהדיקן וואָרט, געזען אַ פאַרשווערונג און באַשטראָפט מיט דער גרעסטער האַרבקייט.

— אַנדריי, אַנדריי, האָט בראָדערזאָן אים געמוסרט, דאָס וועט דיר אויס־פאַלן באַקעם. יאַזיק טוואָי — וראַג טוואָי. זי וועט דיך ברענגען אויפן פייער.

— וואָס קאָן זיין נאָך פייערדיקער ווי דאָס, אין וועלכן מיר ווערן לאַנגזאַם פאַרצערט, האַ, מאָיסיי? און צוליב וואָס, פרעג איך, האָט אונדז גאָט געגעבן די צונג? צי דען נאָר כדי צו מעלה גרהן די האָבער־קאַשעס, מיט וועלכע מע האָדע־וועט אונדז חדשים לאַנג ווי די פערד (און געלויבט דער אויבערשטער פאַר דעם, ווייל דאָרט אויף דער קאַלימאַ, זענען די קישקעס אין בויך פאַרשישעט געוואָרן פון די קאַלאָריעס וואָס מ׳האָט צוגעטיילט אַ נאַש בראָט) אויב נישט נוצן זיך מיט דער צונג, וועט זי אונדז דאָך ווערן איבעריק ווי דער אַפּענדיק. זי וועט אַנהייבן שטערן און כדי זי זאָל זיך נישט טעלעבענדען אומזיסט אין מויל, וועט מען זי דאָרטן אויסשניידן, ווי מע שניידט אויס אין אַמעריקע, זאָגט מען, ביי ביי־געבוירענע קינדער די בלינדע קישקע... ניין, מיין פריינד, איך בין נישט מסכים, אַז מע דאַרף זיך לאָזן טרעטן מיט די פיס. ערשטנס אין דאָס שטאַרקער פון מיר.

— און צווייטנס ביסטו אַ ראָמאַנטיקער, אַ דאָן קישאָט. צי האָסטו נישט

קיין געפיל פאַר דערווירקלעכקייט... דו ווילסט זיי איבערמאַכן? נאָר דער קבר גלייכט אויס דעם הויקער...

בראַדערזאָן האָט זייער איבערגעלעבט צוליב זיין פריינדס שפּיציקן כאַראַק־טער. מיט זיין סאַרקאַזם האָט ער אַנגעסטרויעט אַקעגן זיך נישט נאָר יחידים, נאָר גאַנצע גרופּעס, און צווישן זיי די אוקראַיינישע "סאַמאָסטינצעס" — לרוב ייִנגלעך אויסגעקעמטע פון זייערע באַהעלטענישן אין די קאַרפּאַטישע דערפער און אַריינגעשאַרטע אין דעם גרוב פון איבערקלייב אין איינעם מיט די הילפלאָזע זקנים — כדי זיי זאָלן דאָ, וווּ זיי זענען רייף געוואָרן, זיך געמענערט, זיך ערשט באַפעסטיקן אין זייערע סאַמאָסטינע־אידעאַלן און פאַרביסענער ווערן אין זייער שנאה צו די באַצווינגער.

אָ, ניין, ער איז נישט געווען קעגן זייער שטרעבונג צו אומאָפּהענגיקייט. ער האָט פאַרשטאַנען זייער ווונטש צו באַלעבאַטעווען אַליין אויף זייער אייגענער ערד, צו פאַרהיטן זייער לשון, זייערע גייסטיקע מקורות, זייערע עטנישע באַזונ־דערקייטן, מנהגים, טראַדיציעס, און ער האָט זיי דאָס געזאָגט רויק, מיט טאַקט. און ווען ער האָט גערעדט מיט זיי אין אַזאַ מין — אַ באַלערנדיקן טאָן, ניחאדיק, פלעג בראַדערזאָן באַגוטיקנדיק צושאַקלען מיטן קאָפּ, פילנדיק אַז די חברה זענען גרייט אים מוחל צו זיין, זיין סאַרדאָנישע ביטערקייט און פאַרדראָסיקן צו להכעיס וואָס האָט שטענדיק געגליט אין זיינע רייד מיט זיי.

אָבער אויסהאַלטן לאַנג אין אַזאַ מין פאָרם האָט ער נישט געקענט. ער האָט געמוזט אַרויסזאָגן ביזן סוף וואָס ער טראַכט, ניט צושמייכלענדיק קיינעם — אָן צביעות, אָן מאַניפּאַרגעס...

— נאָר האָט די באַוועגונג אייערע שאַנסן אויף דערפאָלג? מיר דוכט, אַז ניין.

— איר זענט אַ שוואַרצזעער — האָט אַרויסגעשאָסן פּעטראָ, דער עלטערער פון די ייִנגלעך.

— היץ זיך נישט, פּעטראָ. און אייל זיך נישט צוטשעפּען עטיקעטלעך. וואָס איך זאָג איז נישט פון שנאה, און אפילו ווען יאָ, איז תמיד כדאי צו וויסן, וואָס טראַכט דער שונא וועגן דיר... און איך טראַכט, אַז אַ באַוועגונג זאָל מצליח זיין, מוז זי באַפליגלט זיין מיט אַ נייער אידייע. וואָס פאַר אַן אידייע איז דער מאָטאָר פון אייער באַוועגונג? אוודאי, נאַציאָנאַלע שטרעבונגען זענען, אָן ספק, אַן ערנסטער דינאַמישער טרייב־כוח. נאָר זיי זענען צום באַגריסן אַזוי לאַנג, ביז זיי ווערן שאָוויניסטיש... און איר זענט אָנגעשטעקט מיט דער דאָזיקער שלאַפקייט, נאָך איידער איר זענט אַליין געוואָרן באַלעבאַטים איבער אייער גורל. איר זענט נאָך אַליין דערנידעריקטע און פאַרפאָלגטע, נאָר איר טראָגט שוין אין זיך דעם קערן פון אומיושר און פאַרפאָלגער, פון שנאה צו מענטשן פון אַן אַנדער שטאַם, פון אומ־געדולד צו אַן אַנדער אמונה... און נאָך עפּעס: זאָגט מיר, ווער איז דער מנהיג פון דער אָדער יענער באַוועגונג, וועל איך אייך זאָגן וועגן איר מאָראַליש־פּאָלי־טישן מהות. און אייער מנהיג ווער איז ער?

דאָ איז בראַדערזאָן געוואָרן אומרויִק. ער האָט דערפילט אַז פון אַנדרייען

שפּרינגט אַרויס דער אמת־שד, וועלכן ער האָט ביז איצט געצוימט, אָבער ער קאָן אים מער נישט באַהערשן.

— נו, יאָ, האָט ער געזאָגט, ווער איז ער, דער פירער אייערער? אַ דרדקי־מלמדל אין אַ דאָרפסשולע, וואָס כדי אָנצופירן מיט אַזאַ... עולם ווי איר... דאַרף ער גאָר קיין גרויסער חכם נישט זיין, ס'איז גענוג צו זיין אַ געניטער אַוואַנטוריסט...

נאַ, האָט בראַדערזאָן געטראַכט, אָט האָט ער איבערגעקערט דעם וואָגן מיט האַק און פּאַק אויפן גלייכן וועג. געגאַנגען גוט און גלאַט און מיט אַ מאָל, אַ קער איבער אין ראַוו אַריין. מיט איין וואָרט באַליידיקט אַ די ייִנגלעך, אַי "געלעסטערט" זיין עקסצעלענץ, דעם אָפּגאָט זייערן. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס וועלן זיי אים נישט פאַרגעבן. דאָס איז מסוגל נאָר אַרויסצורופן אַן עקספּלאָזיע פון שנאה און פירן ווער ווייסט צו וועלכן נקמהדיקן לינטש־משפּט. זיי האָבן אים גאָרנישט געדאַרפט אויספירן אַליין. זיי האָבן דאָס געקענט דערגרייכן מיט די הענט פון די הינטערוועלטישע ספּעציאַליסטן אויף אַ שטיקל אַרבעט. בראַדערזאָן האָט ביי־געוווינט אַזעלכע פאַלן אין לאַגער, און ער איז באַהערשט געווען פון אַ שרעקלעך קלעמענדיקן פּחד, וואָס האָט געהויערט אויף אים ביי טאָג און ביי נאַכט. מ'האָט דאָך קיין מאָל נישט געוווּסט, ווען און פאַרוואָס אַ־די פאַרברעכערישע פּאַראַנאַיקער מיט די טאַטואירטע בריסטן און צעשניטענע פּנימער, שפּילן אין קאָרטן אויף דיין קאָפּ: ווער פון די פאַרשפּילער וועט דיך צו רעכט מאַכן... מ'האָט נאָר געדאַרפט אַרויסלאָזן אַ קלאַנג: דער און דער איז אַ "קוואָקע", אַן "אָנגעשטעלטע כלי", אַ סעקסאָט, אָדער גאָר — אַ געוועזענער פּראָקוראָר... וואָס האָט נאָך געקאָנט זיין ערגער פון אַ געוועזענעם פּראָקוראָר? אַזעלכער איז דאָך גלייך געווען אַ באַהעלפער ביים ניט־גוטן. אַזעלכע קלאַנגען האָבן געקאָנט פירן צו אַזאַ מין פאַרמעסט אין קאָרטן־שפּיל. דערצו האָט מען די אַלע קלאַנגען באַ־ווירצט מיטן בלבול, אַז אַנדריי איז נאָך אַ ייִד אויך. וואָס־זשע? מע זעט עס דען נישט לויט זיין פריינדשאַפט מיט די ייִדישע זעקעס מיט וועמען ער איז איין נשמה?...

בראַדערזאָן איז געווען באמת באַזאָרגט און ער האָט מיט פאַרדראָס אָפּגע־וואָרפן די בלבולים, מיט וועלכע מ'האָט בייזוויליק אַרומגעשפּונען זיין פריינד.

— דאָס איז דאָך, חברה, פּשוט נישט קיין ערלעך פאַרטל אין דעם שפּיל... אין דער פּאָליטיק רופט מען אַזעלכע מאַקיאַוועלישע...

ווי פאַרזיכטיק ער איז נישט געווען און אויסגעמיטן שמועסן מיט די אַרומיקע וועגן זאַכן וואָס האָבן געקענט פּאָליטיש אויסגעטייטשט ווערן פאַלש און בכוון פאַרדרייט (ווענט האָבן דאָך אויערן) פלעג ער נישט קענען אָפּשלאָגן זיך פון דעם צודרינגלעכן יונגוואַרג, וואָס פלעגן אים תמיד איבערשלאָגן זיין התבודדות. ער האָט דאָך געוווּסט, אַז ווידער און נאָך אַ מאָל וועלן זיי אים שטעלן די זעלבע פראַגעס, וואָס האָבן זיי שטענדיק באַשעפטיקט, די פראַגע פון קאַפּיטאַל (וואָס

געפינט זיך אין יידישע הענט און מיט וועמעס כוח יידן הערשן אין דער וועלט) און די פראַגע פון סאָציאַליזם (וואָס איז אויך אַ יידישע דערפינדונג).

ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז אָפּקומען די חברה מיט אַ וויצעלע טאָר מען נישט. זיי זענען יונג, פאַרפירט, און פאַרמאַראַטשעט פון אַ דורותדיקער שנאה. מע דאַרף זיי עפּענען די אויגן אויפן אָפּגרונט פון שקר, אין וועלכע זיי זינקען...

— איר זענט שוין גענוג דערוואַקסן, חברה, און פאַרשטאַנדיק, אָבער אַנדריי איז גערעכט, ווען ער האָט דעם נאַציאָנאַליסטישן שאָוויניזם געזען, ווי דעם שטרויכל־שטיין צו אייערע דערפאָלגן. שאָוויניזם מאַכט בלינד. ער איז ווי די ציימל־דעקלעך אויף די אויגן פון די פערד, איר זאָלט נישט זען דעם אמתן שמייסער. יידן און יידן. איר האָט זיך איינגערעדט, אַז זיי זענען די סיבה פון אַלע אייערע צרות ווי יענער, וואָס האָט זיך אַריינגענומען אַ שגעון, אַז ער האָט אַ זייגער אין קאָפּ. מ׳האָט אייך אָנגעבינדן די דאָזיקע פראַגע, ווי שאָדנווינקלען בינדן אָן אַ ליידיקן עמער צום עק פון אַ קו, און זי לויפט ווי אַ מטורפע פון שרעק, בעת דער עמער קלאַפּט איר אין די פיס. מע דאַרף אָפּבינדן דעם עמער, חברה, איר זאָלט קומען צו זיך. פילט איר נישט אַליין די סתירה אין אייערע באַהויפּטונגען? ווייל לאָמיר אָננעמען אַז יידן האָבן צונויפגעגרעבליעט דעם גאַרן קאַפּיטאַל פון דער וועלט, כדי לייכטער אויסצושפרייטן איבער איר די יידישע שליטה, צו וואָס־זשע האָבן יידן געדאַרפט דערפינדן דעם סאָציאַליזם, וואָס זיין ציל איז מאַכן אַ סוף צום קאַפּיטאַל און צו אייגנטום?... הא... דערמאָנט זיך, זייט מוחל, אין אייערע היימען, די דערפלעך און שטעטלעך, ווו איר זענט אויפגעוואַקסן — אַ סך יידישע קאַפּיטאַליסטן האָט איר דאָרט געזען? ווער זענען זיי געווען אין זייער גרעסטער מערהייט? פון וואָס האָבן זיי געצויגן חיונה? — אָרעמע, פאַרהאָרעוועטע בעל־מלאכס, קרעמערלעך, וועמעס גאַנצע קראָם איז באַשטאַנען פון אַ קעסטל הערינג, אַ פעסל נאַפט, שוועבעלעך, אַ זעקל גרויפּן, טרוקענע טאַראַנקעס און דערצו זענען זיי געווען פאַרבאָדן אין חובות, און פאַר־משכנטע ביז די קישעלעך פון שטוב. פרעג איז אייך: אין זיי האָט איר געזען די געלט־זעק און די וועלט־באַהערשער? האָבן זיי נישט געלעבט אַ סך ערגער פון אייך, וואָס איר האָט פאַרמאָגט אי פערד־שטאַלן, אי שאָף און רינדער, אי גוטע הייזער, אי אַקער־באָדן... דעם שקר האָבן אויסגעטראַכט אויסוווּרפן, כדי פאַרטומלענדיק די פּראָסטע מאַסע־מענטשן, אָפּווענדן זייער שנאה פון די אמתע שולדיקע אין זייערע נויטן אויף אַ שעיר לעזאזל.

ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער פאַרשמאַלצטער קעשענע דאָס טוטין־טאַרבעלע, פאַרדרייט אַ ציגאַר און זיך פאַרצויגן מיט תענוג.

— וואָס שייך סאָציאַליזם, איז ער גאָרנישט אַזוי שלעכט אין זיין טבע. וואָלט ער נאָר אין לעבן זיך געשטאַלטיקט אַזוי, ווי אים האָבן באַשריבן די בעלי חלומות און פאָרמולירט די געלערנטע און דענקער. כ׳לעבן, חברה, ווען ער וואָלט געווען אַ יידישע דערפינדונג וואָלט איך מיך נאָר איבערגענומען אַזוי ווי איך בין שטאָלץ, וואָס די צען געבאָטן זענען אויך אַ דערפינדונג פון יידישן געניוס. און צוריק

גערעדט, אפשר זענט איר נישט ווייט פונעם אמת, אַז יידן האָבן אים דערפינדן, אויב איר זענט אויסן יעזוסן מיט זיינע אָנהענגער און תלמידים, וואָס האָבן שוין געפּרוּווט בשעתם צו לעבן בשותפות, אין קאָמונע. האַ?

— אָבער אין דער רוסישער רעוואָלוציע האָבן יידן אַריינגעלייגט ניט ווייניק

— יאָ, דאָס זענט איר גערעכט. אָבער צו איר האָט מען זיך געגרייט אַ סך, אַ סך צענדליקער יאָרן. און די אידעישע פּאַרגייער אירע זענען געווען נישט קיין יידן דווקא. איך וועל אייך נישט אָנרופן קיין נעמען, ווייל זיי וועלן אייך גאָרנישט זאָגן. אָבער דאָס זענען געווען ערלעכע מענטשן, גרויסע גייסטער, געלערנטע. וואָס האָבן זיי געוואָלט? אַ וועלט אָן טיראַניע. גערעכטע פּאַראַנדקעס. און ווער זענען געווען די דעקאַבריסטן? דאָס זאַלץ און דאָס זעמל־מעל פונעם רוסישן פאָלק, און אויב איר זענט שוין געווען אין די העכערע קלאַסן, ווייסט איר שוין מסתם, אַז אויך פּושקין איז געווען פאַרמישט אין זייערע מעשים און ווען זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר אויף קאַטאָרגע, האָט ער צו זיי געשריבן זיין באַרימט און דערמוטיקנדיק ליד: ״אייער טריבע מי איז נישט געווען אומ־זיסט / און ניט פונעם געדאַנק דאָס הויכע שטרעבן״.

— כמעט אַזוי, באַטיאַ, רעדט אויך טריאַסאַגוז.

— יאָ? דאָס מאַכט מיך טאַקע, איך זאָל אים שעצן... כאָטש דאָס הייסט נישט, אַז איך בין תמיד און אין אַלץ מסכים מיט אים. אָ, אין אייניקע פראַגן גייען מיר זיך פאַנאַנדער, אָבער צו פאַרמעסט מיט די פּויסטן קומט עס נישט, און מיר טראַכטן נישט אויס איינער אויפן אַנדערן קיין בבא־מעשיות, כדי צו פאַרמיאוסן זיך אין די אויגן פון אַנדערע, נאָר דערפאַר ווייל ער דענקט אַנדערש ווי איך.

— איז דען נישט אמת, אַז ער איז אַ געוועזענער פּראָקוראָר, ווי מע זאָגט?

— טריאַסאַגוז? אַ פּראָקוראָר? לא יער ולא דובים. ס׳איז אַזוי אמת ווי איך למשל אַ געוועזענער קאַרדינאַל.

— און אויך דאָס לייקנט איר, אַז ער איז פון אייעריקע, פון משה׳ס גלויבן, אַ ייד?

— ערשטנס, איז ער נישט קיין גלויביקער. ער גלויבט נישט, ניט אין גאָט און ניט אין שטן. ער איז אַן אַטעיסט. כאַ־כאַ־כאַ. אַנדריי אַ ייד. איר גייט דאָך מיט אים יעדע וואָך אין באָד, האָט איר געזען ביי אים אַ יידישן סימן?

— ניין, באַטיאַ, אַן חכמות.

— אַן חכמות. איך בין זייער, זייער ערנסט. כאַ־כאַ־כאַ. איר האָט שוין אַ מאָל געזען יידישע קאָזאַקן, וואָס פליען אויף ווילדע סטעפּישע פערד ווי די שדים, און פליענדיק האַקן זיי אַראָפּ קעפּ פון די העלדזער מיט בליציקע שווערדן? און ער איז פון רייטנדיקן קאָזאַקישן אָדער. וואָס אמת איז אמת, ער פאַרמאָגט אַ סך איינגעבוירענע חכמה, אינטעליגענץ, וואָס עס מעגן זיך ווינטשן אייניקע הויכגע־שטעלטע לייט אין דער מדינה. איז, אפשר, יינגלעך, מאַכט אייך דאָס קלערן אַז ער איז אַ ייד?

— רופט נישט אַרויס ביי אייך אַ פּאַרדאַכט דאָס, וואָס ער וואָגט צו ריידן מיט נאַטשאַלסטווע ווי מיט זיינס גלייכן.

— ערשטנס רעדט ער ניט מיט זיי ווי מיט זיינס גלייכן, ער רעדט ווי אַ שטאַלצער מענטש, וואָס איז מיט אַ סך מדרגות העכער פון זיי. דאָס פאַרדריסט זיי. און איר זאָגט דאָך אַליין: ער "וואָגט". דאָס גראָד רופט אַרויס ביי מיר ניט קיין פאַרדאַכט, נאָר אַ געפיל פון אַכטונג. ער האָט מוט און זאָגט זיי דאָס, וואָס טוט אונדז אַלע וויי און פאַרדריסט, נאָר מיר האָבן מורא דאָס ברענגען אויף די ליפּן. איר האָט זיך אַ מאָל געזשאַלעוועט אויף אָן אויפזעער וואָס איזדיעקעוועט זיך טאָגטעגלעך איבער אונדז בעת דעם קאָנטראָל, האַלטנדיק אונדז לאַנג אין דרויסן, אין אַ פערציק־גראַדיקן פראָסט ? און ער האָט געוואָגט. דאָס איז נישט חוצפּה, ווי זיי באַטראַכטן דאָס. דאָס איז בירגערלעכער מוט. אַלע וויינען מיר אויף דער שלעכטער באַשפּייזונג, וואָס דערפירט צו אויסגעהונגערטקייט און דיס־טראָפיע, אָבער ווער האָט דאָס פאַרגעבראַכט פאַר דער הויכער קאָמיסיע ווען זי האָט באַוויזן הויכמוטיק אָפּצושטעקן אונדז אַ וויזיט ? אַנדריי. און ער האָט נישט מורא געהאַט צו זאָגן, אַז "שטשורעס פונעם אַדמיניסטראַטיוון אַפּאַראַט צעטראָגן די פּראָדוקטן, נאָך איידער זיי גרייכן אין קיך־קעסל. מע צעטראָגט, מע צעגנבעט אויף די זעקעס איז אַ מצווה. זיי מעגן פּעכנען אויפן פּיסק". און ס'איז דערגאַנ־גען ? אמת ? דאָס עסן איז געוואָרן בעסער, אַ יאָ ? ס'איז פאַרשווינדן די סאָיע, מיט וועלכער מ'האָט אונדז געקאָרמעט דריי מאָל אַ טאָג אַז זי האָט זיך שוין געשטעלט אין האַלדז און ס'האָבן זיך באַוויזן אַלערליי גרויפּן, אפילו גרעטשקע, וואָס אויך אויף דער פריי זעט מען זי זעלטן.

— מיט דעם זענט איר גערעכט.

— פאַרוואָס דאַרפן מיר אים חושד זיין אין ניט געשטויגענע עבירות ? ער געניסט עפּעס פון דעם ? ער וויל מיר זאָלן אַרויסרוקן אים פאַר קאַנדידאַט אין אויבערסאָוועט ? ער באַקומט עפּעס אַ לעקעכל דערפאַר, אַ פאַרגיטיקונג ? דער איינציקער לוין, וואָס ער האָט יאָ באַקומען, איז אַ צווייטער סראָק... און ס'קאָן זיין אַז ס'איז אים שוין אונטערגעחתמעט אויך אַ דריטער ?...

איך האָב מיך געוווּנדערט מיט וויפל געדולד דער דיכטער מיט די צעפּליקטע נערוון האָט פאַרבראַכט אָפּט מאָל אין קרייז פון די יינגלעך. ער האָט אין גאַנצן פאַרגעסן זיין פאַרזיכטיקייט און שרעק, טאָמער וועלן זיינע שמועסן דערגיין צום "קום" און מע וועט אין מיטן נאַכט אים אַרויסרופן אין זיין קאַבינעט אויף אַ געשפּרעך צווישן פיר אויגן. און אויך דאָס האָט מיך געוווּנדערט, מיט וויפל טאַקט און זאָרג ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אַנדרייען, ענדערנדיק לאַנגזאַם די פאַרשטעלונג וועגן דער דאָזיקער פאַרוויקלטער געשטאַלט און דערהייבנדיק אים אין די אויגן פון יענע, וואָס האָבן זיך באַצויגן צו אים פיינדלעך.



דאָס לעבן אויף דער קאָלאָנע איז ביסלעכווייז אַריין אין נאָרמאַלן שטייגער. ס'איז זיך געפלאָסן טאָג נאָך טאָג אָן איבעראַשונגען, ווי אַ טייך אין זיין געלעגער

— אויב נישט רעכענען די פון צייט צו צייט, אומגעריכטע איבערפאַלן פון די גאַרניזאָן־זעלנער, וועלכע פלעגן זיך אַריינרייסן אומגעריכט, איבערקערן די מאַטראַצן, און זוכן אין יעדן שפּעלטעלע פון די נאַרעס, און אין יעדן אַנדערן שפּעלטעלע אויף די קערפּערס פון די זעקעס. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ באַהאַל־טענע חפצים וואָס קאָנען באַדראָען די זיכערקייט פון דער וואַך... און טאָמער האָט מען אַלע טאָג אַרויסגעפירט פון דער זאָנע אויפן מיסט־וועגעלע אַ מת, צי עמעצער איז דערשאָסן געוואָרן, פאַרן "פּרווו צו מאַכן די פּליטה" בעת מ׳האָט געפירט די קאָלאָנע פונעם וואַלד־וואַלגער, — איז דאָס אויך געווען אין שטייגער.

לויט די מעשיות פון יענע, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון קאָלימאַ, איז אויסגעקומען, אַז דאָ איז אַ גן־עדן. דאָ האָט מען געעפנט גרויסע שניידער־ און שוסטער־צעכן (צום באַדינען די פּילצאַליקע לאַגפּונקטן, מיט וועלכע ס׳איז גע־ ווען אַנגעשפּיגעוועט די דריי הונדערט־קילאָמעטערדיקע טראַסע), אַ סטאָלעריי, אַ קוזניע און אַן אייגענע בעקעריי. אומעטום האָבן געאַרבעט אויך אינוואַלידן, וואָס האָבן זיך ניט שטאַרק איבערגעשטרענגט. נאָרמעס האָט מען געפאָדערט נאָר פון די געזונטע, די געוועזענע מינדיאַריקע, וואָס האָבן זיך דאָ צעוואַקסן — ברייטביייניקע שקצים, "בערג איבערצוטראָגן אויף זייערע פּלייצעס" — האָט געזאָגט דער נאַטשאַלניק פון דער שקלאַפן־פערמע דער קאַפּיטאַן יערמילאָוו.

— קוקט אייך אָן, פאַרגאַסן געוואָרן מיט שמאַלץ. ווי די קעלבער צו דער שחיטה, צו לאַנג זענט איר זיך פאַרזעסן ביי די אַלטע מאַשינען־טאַראַדייקעס, פוילענצערס, אויפן חשבון פון די זקנים.

פון די דאָזיקע רייד האָט מען געדאַרפט דרינגען, אַז עפּעס פּלאַנעוועט זיך, אַז עס נעמט אַ סוף צו די "זיבן פעטע יאָר" פון די אַרבעטספּעיקע יונגעלייט.

— מע דאַרף זיך, הייסט עס, גרייטן אין וועג אַריין.

דאָס איז געשען אין גיכן.

געקויפט די יונגעלייט האָט דער "דאַק" (האַלץ־איבעראַרבעטנדיקער קאָמ־ בינאַט) וואָס האָט זיך געפונען עטלעכע צענדליק קילאָמעטער פון אונדזער וווינ־ אָרט. אין דער רשימה איז געווען דאָס גאַנצע יונגוואַרג. איז ווער פון זיי געווען לעבעדיק־מונטער, גרייט צו נייע איבערלעבענישן. און ווער טרויעריק, גלייך זיי וואָלטן זיך דאַרפן שיידן מיט אַ ליבער היים, ווו זיי האָבן דערוואָרבן פריינד, און אויסגעוואָרעמט היימלעך־געמיטלעכע ווינקעלעך, אויב מע קאָן וועגן אַזעלכע ריידן.

ווען זיי זענען שוין געשטאַנען מיט די טאָרבעס אויף די פּלייצעס, איז פּעטראָ צוגעגאַנגען צו טריאַסאָגוזן און אים אָנגענומען ביי זיין אַלטער, שאַרכיק־אויס־ געטרוקנטער, קאַלטער האַנט.

פאַרבלייבט געזונט, אַנדריי סעמיאָניטש, האָט ער געזאָגט עפּעס ווי שעמעוו־ דיק. געווען אַ צייט ווען איך האָב געטראָגן אויף אייך אַ בייז האַרץ, און געהאַט זייער שלעכטע מחשבות. איך וויל זיך מודה זיין, אַז איך בין צופרידן, וואָס איך האָב צו דער צייט איינגעזען מיין טעות, פאַר וואָס איך בין דאַנקבאַר אייער

פריינד, דעם אַלטן מאַיסיי. פאַרצייט, אויב איז עפּעס געווען נישט אַזוי. און איר באַטיאַ, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו בראַדערזאָנען, פאַרצייט מיר אויך. אַ שאָד, וואָס איר האָט צו לאַנג זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט, פאַרשלאָסן אין אומצוטרוי אויף זיבן שלעסער. דאָס וואָס מיר האָבן אָפּגעלערנט פון אייך וועט אונדז זיכער צונוץ קומען אין דער צוקונפט.

בראַדערזאָן האָט צערטלעך אַנגערירט זיין אַקסל.

— מיך פריידט צו הערן פון דיר אַ־די התוודות־רייד. דאָס איז אַ הויכע מדרגה, און אַ סימן אַז איר יונגע, זענט נאָר פאַרפירט אין אייניקע פראַגן, איבער־הויפּט אין אייער באַציונג צו מיין פאָלק, אָבער נאָך נישט פאַרדאָרבן. איר וועט טרעפן אַ סך גוטע מענטשן אומעטום וווּהין איר וועט קומען. לערנט אייך אָפּ דאָס גוטע, ניט זוכן דאָס, וואָס צעטיילט מענטשן, נאָר דאָס, וואָס פאַראייניקט זיי. און... זייט געהיט פון שנאת חינם. שיער־שיער, פון יונגקייט און פון היציקייט, האָט איר געגומען אויף אייער געוויסן אַ גאָר גרויסע זינד. איר וואָלט געווען שטרענג באַשטראָפט, ניין, נישט פונעם געזעץ, נאָר פונעם געוויסן. זי וואָלט געזשומעט, די זינד, אַ גאַנץ לעבן אין אייערע נשמות ווי יענע פליג אין מוח פון אַ קעניג, לויט אַ יידישער לעגענדע.

ביים טויער האָבן די קאַנוואָירער, נישט קוקנדיק אויפן קנאַקנדיקן פראָסט, שוין אויסגעטון די עטאַפּירטע האַלב־נאַקעט, זיי דורכגענישטערט מיט איבער־געטריבענער קפדנות, איידער מ׳האָט זיי צו פּיפּטלעך, אַרויסגעפירט צו די אַנגע־פּרוירענע בהמה־שטייגן וואָס האָבן געוואַרט פון יענער זייט זאָנע — באַהאָווי־קעטע פון די זעלנער־יונגען, און פון די וואָלף־הינט וואָס האָבן זיך געריסן פון די קייטן, אויסגעלערנטע זיך וואַרפן אויף מענטשן אין די וואַטענע לאַגער־בגדים.

## מאָטל סאַקציער

געבוירן אין דרום־בעסאַראַביע (אין שטעטל לעאָוואָ). באַקומען וועלטלעכע דערציונג. פאַרענדיקט אַ מיטל־שול און דעם ווינער העברעישן סעמינאַר.

אָנגעהויבן שרייבן פּובליציסטיק אין די "טשערנאָוויצער בלעטער". פון 1939 געווען רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון בוקאַ־רעשטער ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכן זשורנאַל "די וואָך" (אונטער דער רע־דאַקציע פון יעקב שטערנבערג, משה אַלטמאַן און שלמה ביקל).

אין 1936 אַרויסגעגעבן אַ לידערזאַמ־לונג א.ב. "דערפאַר".

מיטגעאַרבעט אין זשורנאַל "שויבן". געווען שפּעריש אַקטיוו ביים פורעמען דעם רעפּערטואַר פאַרן יידישן קליין־קונסט טעאַטער אין רומעניע און שפּע־טער, — פון 1940 אין ס"פ. איינער פון די גרינדער פון קעשענעווער יידישן מלו־כה־טעאַטער און זיין ליטעראַרישער ליי־טער ביז צו דער ליקווידאַציע פון אָט דעם טעאַטער.

אין 1949 רעפּרעסירט געוואָרן און אָפּ־געזעסן זעקס יאָר אין אַ ספּעצ־לאַגער אין סיביר.

נאָך דער רעהאַביליטאַציע ווידער פאַר־געזעצט זיין טעאַטער־טעטיקייט און לי־טעראַרישע שאַפונג.

דער קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל גיט אין גיכן אַרויס אין פרץ־פאַרלאַג סאַקציערס באַנד "לידער און פּאָעמען".

## עליעווערבלון

## 3 קליינע פּאָעמען וועגן דער "וואַרעמער האַנט"

### 1. דאָן קיכאָט קומט צוריק אין זיין דאָרף

ווען דאָן קיכאָט — דער העלדישער ריטער —
האָט זיך אומגעקערט פון אַלע זיינע וועגן
צוריק אין זיין דאָרף —
האָט ער זיך אָפּגעשטעלט
נאָר אויף אַ רגע
ביי דער שוועל פון דער ליכטיקער —
דער טרוים פון זיינע טרוימען —
דער איידעלער דולצינעאַ,
די זעלבע... מיט די גרינע אויגן
און לויכטנדיקע הענט
פון העלפאַנטביין,
אין איר פולער פרוישקייט און חן...
מיט די שיינענדיקע גלידער,
ווי די הייליקע יונגפרוי אַליין.
און מער פון דעם — איז איר נשמה
לויטערדיק און ריין...
אין איר נאָמען האָט ער טאַקע
איינגעבראָכן אַלע ריזן
און דעם יושר אויף דער וועלט געבראַכט...
עס וואַלגערן זיך נאָך אַלץ
אויף אַלע פעלדער
די שווערדן זייערע און שפּיזן...
און די פינצטערניש האָט ער פאַרטריבן
פון דער וועלט —
אַזוי האָט ער געקלערט,
דער אַלטער ריטער מיט דער יונגער זעל.

* *
*

און דולצינעאַ — די פֿויערישע טאָכטער,
האָט קוים באַמערקט
דעם אַלטן מאַן,
וואָס קניט פֿאַר איר
און פּרעפּלט:
„אַ דאַנק!", „אַ דאַנק!"...

— מסתמא איז דער אַלטער קראַנק —
האָט זי געשמייכלט אין געדאַנק...

## 2. דער כמעט־אַלטער ד"ר פֿאַוסט

דער כמעט־אַלטער ד"ר פֿאַוסט
האָט געזאָגט אין זיין האַרץ:
דאָס איינציקע, וואָס בינדט אים נאָך
מיט דער אומעטיקער וועלט —
איז די ליבע, — די יונגפֿרוי
פֿון דער צווייטער זייט גאַס,
מיט די שטראַליקע אויגן,
ווי די סאַזשלקעס גרינע,
און לויכטנדיקע פֿינגער.

און אויסגעפּוצט האָט ער אין דמיון
איר גוף און נשמה
מיט די איידלסטע זינען,
וואָס שפּילן און זינגען
מעלאָדיעס פֿון אַנדערע וועלטן —
די קליינע מאַרגאַריטאַ —
נאָר צו איר טוט ער לעכצן.

מעפֿיסטאָפֿעלעס, זיין שכן,
דער מישער פֿון זאַלבן
און קרייטעכצער ווילדע —

זאָגט צו דעם אַלטן
מיט ווערטעלעך מילדע:
— ד״ר פֿאַוסט, — דיין גלוסטונג פאַרשטיי איך —
צו שיינקייט דיין שטרעבונג
אין געשטאַלט פון דער קליינער
פון יענער זייט גאַס —
פאַרקויף מיר דיין שכל,
וואָס איז דאָך אַזוי גרויס...
און איך וועל זי ברענגען שוין מאָרגן
צו דיר גלייך אין הויז. — —

— מעפיסטאָפעלעס, מיין שכן,
אַ דאַנק פאַר דער מי!
מיין ליבשאַפט איז גרויס
און גאָרנישט פון הי...
זאָל זי, די ״קליינע״, גיין זיך איר וועג,
און איך — סיי־ווי
בין שוין רייך פון געפיל,
פון נייעם געזאַנג אין מיין ברוסט,
וואָס קוועלט און פאַרפלייצט
אלץ אין אַרום
און דערגרייכט (צי וועסט עס פאַרשטיין?)
צו דער גרויסער שטילקייט
פון איבער די שטערן...
מיין ליבשאַפט איז
אַ נייער טייך אין די ספערן.
האָרך, האָרך,
אפשר וועסטו אים דערהערן...

## 3. דער לוין פון דעם גולם פון פּראַג

דער גולם פון פּראַג,
ער גייט אַרום איבער די געסלעך
ביי דער אַלט־נייער שול.

שווער איז זיין טראָט,
יעדער שפּרייז זיינער קלאָגט:
ניט ער האָט באַשאַפן זיך,
ניט קיין מוטער
און אפילו ניט גאָט,
נאָר — דער גרויסער מהר״ל
האָט מיט אייגענע הענט
אים געפורעמט...

דער כוח אין אים שרייט אַרויס
פון זיין ליימענער וואָג:
שלאָגן און ברעכן,
וואַרפן ביז איבער די דעכער
אַלץ, וואָס ער טרעפט,
צעפּיצלען מיט ליימענע פינגער
האָב און פאַרמעג
און ניט פרעגן ביי קיינעם, ביי קיינעם,
וואָס מען מעג
און וואָס נישט,
טרעטן אויף אַלץ מיט די ליימענע פיס,
און טרויעריק איז
און טרויעריק איז...

ביז אין איינעם אַ פאַרטאָג,
צי גאָר אַ פאַרנאַכט
האָט ער באַגעגנט זי —
די טאָכטער פון רב,
די קליינע אסתרל אין איר יונגער שיין.
אפשר איז זי טאַקע די זון אַליין...
עפּעס אַזוינס, וואָס איז נישט פון ליים,

וואָס שווערט ניט אַראָפּ אין דער ערד
ווי אַ באַרג פון שטיין,
ווי ער אַליין —
נאָר שוועבט אין איר גיין,
ווי אַ ווינטל אויף אַ ברייטן פליין,
און אירע אויגן לייכטן,
ווי שטערנדלעך פון ווייטן,
מיט אַ גרין־בלויער שיין,
און די הענט ביי איר
מיט צעזונגענע פינגער,
זענען פון אַלץ אין דער וועלט
לייכטער און גרינגער.
צו איר איז דער ליימענער גולם דערגאַנגען
און ווערטער אין זיין מויל — ליימענע קלאַנגען:
— אסתרל, ניט שרעק זיך פאַר מיר!
כ'בין כמעט אַ מענטש
און מיד בין איך מיד
פון מיין וואָג,
פון די ליימענע טריט,
פון דעם פינצטערן מיינעם געמיט. —

שענק מיר בלויז אַ בליק,
נאָר אַ בליק...
און אויב... אויב מען מעג,
לאָז מיר באַרירן דיין האַנט...
מער גאָרנישט, אסתרל קליין,
נישטאָ ביי מיר קיין אַנדער מיין...
דיין האַנט כ'וועל באַרירן,
און דאַן כ'וועל אַוועק
ווייט־ווייט
פון יענער זייט טעג...
און דאָס וועט זיין דער לוין
פאַרן זיין דער באַשאַף פון ליים,
פון דיין פאָטער, דעם גרויסן מהר"ל —
אַ מענטש פון ליים
און פון שטיין...



חיים חלף: ליכטבענטשן (האָלצשניט)

# אויף דער אויסשטעלונג פון חיים חלף

די אַנאָנימע יידישע פאָלקס־קינסטלער אין די שטעט און שטעטלעך פון אוק־ראַינע און ווייסרוסלאַנד — די מאָלער, די שניצער, די גאָלדשמידער, די בלעכ־כער, וואָס האָבן דורות־לאַנג באַפּוצט און באַשיינט אונדזערע בתי־מדרשים, אונדזערע ספרים, אונדזערע בית־עלמינס, אונדזערע דירות, האָבן איבערגעלאָזט אַ ירושה, וועלכע איז צום אומגליק אונ־דזערן כמעט אין גאַנצן פאַרפאַלן גע־וואָרן.

די פילפאַרביקע אָרנאַמענטירטע טעפּי־כער אויף די ווענט, סטעליעס און פענצ־טער מיט די 12 מזלות, די געשניצטע און געטאָקטע ארון־קודשן, די טסים מיט זייער דינער, איידעלער, תמימותדיקער צייכענונג אין זילבער. די ידן (יאַדן), די חנוכה־לעמפּלעך, מנורות, בעכערס, געשניצטע מזוזות, גראַגערס און סטענ־דערס מיט געשניצטע אייגנאַרטיקע ex-libris! אויב מע קאָן זיי אַזוי אָנ־רופן, וועלכע איך האָב ניט באַגעגנט אין קיין שום אַנדער פאָלקס־קונסט (ווען דער נאָמען פון בעל־הבית פון סטענדער איז געווען צ.ב. — ר׳ לייב וויינטרויב, האָט דער קינסטלער אויסגעשניצט און פאַרפורעמט אין אַ מעדאַליאָן אויפן סטענדער אַ לייב מיט אַ צווייג וויינ־טרויבן) (אושאָמיר, וואָלינער געגנט). און איך האָב בשעתו פאַרצייכנט אַ סך אַזעל־

כע "עקסליבריסן", אויסגעניייטע מיט זיל־בער־פאָדעם פרוכתן, בעטן מיט געשניצטע צוקאָפּנס, שפּיגלען מיט פאַנטאַסטישע פייגל . . .

אָבער חיים חלף — אַ שניצער בן שניצער, איז, פאַקטיש, אַ גראַפיקער. ווען איך בין געקומען אויף זיין אויס־שטעלונג, האָב איך דערזען צייכענונגען אויף האָלץ, קאָמפּאָזיציעס גראַפישע אויף האָלץ!

חיים חלף — אַ גראַפיקער מיט אַ חוש צו שוואַרץ־ווייס, מיט מעגלעכ־קייטן צום צייכענען, מיט מאָטיוון פון דער אַלטער שטיף־היים און טעמעס פון אונדזער ישראל־שטייגער. חיים חלף האָט ניט געמאַכט קיין גראַווּיר, קיין שטיך אויף האָלץ, כדי דרוקן פון ברעט. מיט דער דלאָטע, מעסער און שטיכעל האָט ער געמאַכט לחלוטין אַן אַנדער מין שניצעריי, אַן אייגנאַרטיקע ביז גאָר.

זיינע לאַנדשאַפטן — פון פוילן, ביאַ־ליסטאָקער "די ברעמלעך", די גרויסע שול אין גראָדנע — זענען אויסדריקלעך און פאַרמאָגן אַ פעסטן קאָמפּאָזיציאָנעלן געבוי.

טייל מאָל קאָן מען האָבן טענות צום פאָרמאַט. אַ שטימונגספולע סעריע שטעלן מיט זיך פאָר די מאָטיוון פון אַלט־ירושלים. גוט פאַרפאַסט זענען איי־ניקע שטיל־לעבנס.

וואָס שייך די קליינע אין צאָל גאָרע־לעפן און סקולפטורן אין האָלץ, וואָלט געווען גוט ווייניקער פאַרגלעטן זיי און ניט באַנוצן זיך מיט קיין לאַק. מער אויפמערקזאַמקייט צום באַארבעטן די פלאַך, ניט פאַרלירן דעם גאַנג פון דער דלאָטע און מעסער, פאַרהיטן די פאַקטור — דאָס איז זייער אַ וויכטיקער עלע־מענט פון אויסדריקלעכקייט.

איך וויל ווינטשן דעם האַרעפּאַשנעם, עקשנותדיקן, מיט לייב־און־לעבן איבער־געגעבענעם צו זיין באַליבטער אַרבעט חיים חלף — הצלחה.

**צפניה קיפּניס**

# פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך

## צו די שלושים פון ז. ברכות ז"ל

אין איינעם פון די זאַלן פון היכל שלמה איז פאָרגעקומען אַן אזכרה לכ־בוד דעם פאַרשטאָרבענעם שרייבער.

מיט ווערטער וועגן לעבן און שאַפן פון ז. ברכות זענען אַרויסגעטראָטן דער זשורנאַליסט און איבערזעצער מרדכי תלמיש, פּראָפ' יהושע אריאלי פון העב־רעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים, פאַרזיצער פון דער קולטור־געזעלשאַפט — ד"ר גרשון ווײַנער און יעקב ניומאַן. אַלע האָבן מיט גרויס צער גע־רעדט וועגן דעם גרויסן פאַרלוסט, וועל־כע ס'האָט געליטן די יידישע ליטעראַ־טור צוזאַמען מיטן טויט פון ז. ברכות ע"ה — דעם נעסטאָר פון דער יידיש־שאַפונג אין ארץ־ישראל און איינעם פון די ערשטע חלוצים און בויער פון אונ־דזער יידיש היימלאַנד.

אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן

# אויפן וועג קיין ראַטנפאַרבאַנד*

## 1. מיר קענען זיך נישט...

דעם באַן־בילעט מיטן אויפשריפט "דאַנציק—ריגע—סעביעזש—מאָסקווע" האַלט איך, ביז ווייטיק אין די פינגער, פעסט פאַרקוועטשט אין דער האַנט. איך היט שטרענג אָפּ אַלע כּללים פון קאָנספּיראַציע און קום מיט מיין ביסל זאַכן אויפן וואָקזאַל איינע אַליין מיט אַ האַרץ וואָס אַט־אַט שפּרינגט עס אַרויס פון מיר פאַר פרייד און פאַר שרעק.

דער העפלעכער קאָנדוקטאָר פון אינטערנאַציאָנאַלן צוג ווייזט מיר אָן דעם וואַגאָן און דאָס אָרט אין קופּע. געשיקט און פלינק העלפט ער איינאָרדענען מיין באַגאַזש אויף דער פּאָליצע און כ'באַווייז זיך נישט אַרומצוקוקן, ווי אַלס שטומען ענטפער אויף מיין פון פריער צוגעגרייטן "ריינסטן" רוסישן: "ספּאַסיבאָ!" לייגט ער שוין צו זיין רעכטע דלאָניע צום דאַשעק פון היטל און ווערט אָן ווער־טער פאַרשווונדן הינטערן טיר פון פאַרמאַכטן קופּע. דאָס אַלץ דויערט נישט מער ווי עטלעכע סעקונדעס. כ'בלייב איינע אַליין און אָטעם לייכטער אָפּ... דערווייל גייט אַלץ בשלום... זאָל זיך נאָר דער צוג וואָס גיכער רירן פון אָרט!...

ערשט איצט דריי איך זיך אויס און פּלוצים דערזע איך מיין טעות... אין פאַרמאַכטן קופּע בין איך גאָרנישט איינע אַליין... כ'ווער נשתומם: דאָ געפינען זיך צוויי מענער. זייערע פּנימער זע איך נישט, אומבאַוועגלעכע שטייען זיי ביידע אויסגעדרייט צו מיר מיט די פּלייצעס... זיי קוקן שווייגעדיק אַרויס דורכן פענצטער פון קופּע. צי דען האָבן זיי נישט געהערט און נישט געזען, אַז ס'איז צוגעקומען נאָך אַ פּאַסאַזשיר?... אוממעגלעך... און כ'ווער אַ פאַרציטערטע: "שפּיקעס?!... אַזוי מיאוס אַריינגעפאַלן!... אַנטלויפן?... בלייבן?...

אין דעם זעלבן אויגנבליק טוען זיך ביידע פאַרשוינען ווי לויט אַ קאָמאַנדע אין איינעם אַ דריי אויס צו מיר מיטן פּנים און איך דערזע... מיינע צוויי גוטע פריינט... די צוויי אבאַ'ס, דעם ווייסן און דעם שוואַרצן. אַ גליקלעך־איבער־ראַשטע בלייב איך שטיין צוגעשמידט צום אָרט. ביידע אבאַ'ס שטייען אויך אומ־

* פון מיין צווייטן בוך "אויף וועגן און אומוועגן", וואָס געפינט זיך אין דרוק און דאַרף אין גיכן דערשיינען.

באַוועגלעך און אַזאַ פּאַטערלעכע ליבשאַפֿט קוועלט אַרויס פֿון ביידנס ברייט צעשמייכלטע פּנימער... זיי שווייגן. איך, אַ צווייפֿאַך גליקלעכע, שווייג אויך... אַזוי שטייען מיר זאַלבעדריט אַן ווערטער, זעט אויס, לאַנג... ביז ס'דערהערט זיך דער שאַרפֿער פֿייף פֿון לאָקאָמאָטיוו — דאָס איז מיין אייגענער נצחון־געשריי!... דער צוג רירט זיך שוין לאַנגזאַם פֿון אָרט און מיינע פריינט שטייען נאָך אַלץ — איצט מיט די פּלייצעס צום פֿענצטער, אומבאַוועגלעכע, צעשמייכלטע, איך אָבער קען שוין מער נישט צוימען מיין פרייד און מאַך אַ פּרווו אויסצודריקן אויפֿן קול מיינע געפֿילן.

אָבער סטאָפּ! איין אַבאַ לייגט צו דעם ווייז־פינגער צו זיין מויל: "שווייג", דער צווייטער אַבאַ ווייזט מיטן קאָפּ אויף רעכטס און אויף לינקס: "ווענט האָבן אויערן" — איך פאַרשטיי, מיר פאָרן אין אַ מיטלסטן קופּע. "האָב געדולד!" — ריידן צו מיר ביידע פּאָר אויגן.

און ערשט, ווען דער צוג הייבט אָן מיט אַ גערויש און געקלאַפּעריי פאָרן וואָס אַמאָל גיכער און שנעלער און ס'ווערט קלאָר, אַז מער קיין פּאַסאַזשירן וועלן אין אונדזער קופּע ניט אַריינשטייגן און מיר פאָרן, הייסט עס, נאָר זאַלבע דריט אָן זייטיקע אויגן און אויערן, ערשט דעמאָלט הייבן מיר אָן (די גאַנצע צייט מיט עטלעכע טענער נידעריקער, ווי געוויינלעך) צו ריידן.

ווייזט זיך אַרויס, אַז פאַר ביידע אַבאַ'ס איז מיין באַווייזן זיך אין קופּע גאָר־נישט קיין סורפּריז, זיי האָבן שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אויף מיין אָנקום, מורא געהאַט, צי וועל איך נישט פאַרשפּעטיקן דעם צוג. נישט איך פרעג וועגן ציל פון זייער רייזע קיין מאָסקווע און אויך זיי פרעגן נישט וואָס מיך ברענגט אַהין...

מיין סאָוועטישער פּאַס ליגט אין נייעם האַנטבייטעלע, וואָס מיין שאול האָט פאַר מיר מיט אייגענע הענט זאָרגפעלטיק אויסגעאַרבעט *. כ'פיל, אַז שוין צו אָפט עפן איך זיין שלאָס, שטעק שנעל אַריין אין אים די האַנט און ריר אָן דאָס רויטע שטייפע ביכעלע: "פאַראַן?"... "יאָ, ס'ליגט אויף אָן אָרט!"... איך וואָלט מיין קאָנטראָל דורכגעפירט אַ סך שפּעטער, אָבער דער הויכער קנאַק, מיט וועלכן דער מעשענער שלאָס לאָזט זיך ווי אויף צו להכעיס הערן ביי יעדן מאָל עפענען און צומאַכן דאָס ביי טעלע, גיט מיך אַרויס מיטן קאָפּ...

כאָטש אייגענע נאָענטע מענטשן, שעם איך זיך פאַר מיינע מיטפאָרער — זאָלן זיי זיך נאָך נישט משער זיין וועגן מיין נאַרישער שרעק... אויב זיי באַמערקן נישט מיין באַוועגונג, הערן זיי זיכער דעם אַ פּאַסקודנעם קנאַק. וואָס דען באַדייטן די פריילעכע פייערלעך, וואָס גיבן יעדעס מאָל אַ בליץ אויף אין זייערע ביידנס דערפאַרענע בליקן? איך פיל עס בשיימפערלעך.

---

* שאול לאַנדאַו — מיין מאַן, אויך אים האָט די פּוילישע קאָמפּאַרטיי אויף דעם זעלבן אופן אַוועקגעשיקט קיין ראַטנפאַרבאַנד מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער. דאָרט געלעבט אונטערן נאָמען טעאָדאָר סקורסקי, אָבער גאָר גיך האָט ער אָן אַנטווישטער — מיט אייגענע הענט אַ סוף געמאַכט פון זיין לעבן. ער איז אַלט געווען ניט מער ווי 34 יאָר.

איצט שטויס איך זיך אָן — פאַר מיינע צוויי פריינט איז דאָס פאָרן הין און צוריק פון גדאַנסק (דאַנציק) קיין ראַטנפאַרבאַנד אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך, כאָטש קיין מאָל האָבן מיר פריער נישט גערעדט וועגן דעם מחמת קאָנספּיראַציע. איך זע דאָך: שוין צו גוט קענען זייביידע אַלע פּראָצעדורן אויף דער גרענעץ, שוין צו גוט איז זיי באַקאַנט יעדעס אָרט וועלכן מיר דערזען אויף אַן אויגנבליק דורך דעם פענצטער פון אונדזער פאַרביילויפנדיקן צוג.

זיי באַציִען זיך צו מיר ווי צו אַ ״גרינע״ און לערנען מיר ווי צו האַלטן זיך אין וועג און אויפן גרענעץ, כאָטש זיי וויסן גאַנץ גוט, אַז איך האָב שוין הינטער זיך אַ זעלבשטענדיקע אויסלענדישע רייזע. נישט איין מאָל האָבן זיי זיך צוגע־הערט צו חיה׳לעס און מיינע ענטוזיאַסטישע דערציילונגען וועגן די גרעסטע דייטשישע שטעט אין וועלכע מיר — ביידע וואַרשעווער ״צישאַ״־לערערקעס — האָבן אַרומגעוואַנדערט האַלב הונגעריקע מחמת דער גרויסער געלט־אינפלאַציע פונעם דייטשישן מאַרק גראָד דעמאָלט אין יאָר 1923 *.

נאָר דאָס איז דאָך געווען אַ לעגאַלע וואַקאַציע־רייזע פון צוויי יידישע לערע־רינס לויט אַלע געזעצן פון דער פּוילישער און דייטשישער מלוכה. אויסער געלט איז ביי אונדז אַלץ געווען בסדר.

דאָ איז אָבער גאָר עפּעס אַנדערש... מיר אַלע דריי זענען טרייף פון קאָפּ ביז די פיס. זיץ איך אַ געהאָרכזאַמע און הער מיינע דערפאַרענע חברים. כ׳וויל זיי נישט באַליידיקן, זאָלן זיי מיינען, אַז זייערע אָנווייזונגען זענען פאַר מיר שפּאַגל־ניי — (כ׳האָב דאָך זיי אין דאַנציק שוין איין מאָל באַקומען): ״קיין פּויליש רעדסטו נישט, ביסט אַ סאָוועטישע בירגערין, ריידן וועסטו נאָר רוסיש״ — איז זייער ערשטער אָנזאָג (גיי דערצייל זיי, אַז מיר דרייט זיך שוין כמעט נישט די צונג צו ריידן פליסיק אין דער דאָזיקער שפּראַך, אין וועלכער איך האָב מיט יאָרן צוריק פאַרענדיקט די טשענסטאָכאָווער רוסישע אָנפאַנגס־שול, און פון דעמאָלט אָן מער איר אין מויל אַריין נישט גענומען. דער פּוילישער לשון האָט ביי מיר, ווי ביי דער גרעסטער טייל יוגנט, אַרויסגעשטויסן דעם נישט פעסט איינגעפלאַנצטן רוסיש). כ׳האָב זיך פּשוט געשראָקן מודה צו זיין אין דעם בלויז היינט סיי פאַר דעם אָנפירער מיט דער פּאַרטיי־טעכניק סאָוועטן אין דאַנציק, סיי פאַר מיינע מיטפאָרער. אַ קשיא אויף אַ מעשה — האָט געאַרבעט מיין פאַנ־טאַזיע, ס׳קען זיי גאָר איינפאַלן, אַז איך דאַרף צוריק פאָרן אין דאַנציק און אָנ־הייבן לערנען רוסיש...*

וואָס אָן אמת, אין דעם שטיקל צייט, ווען כ׳האָב אין וואַרשע מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן צייכן פון דער פּאַרטיי צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, האָב איך דווקא יאָ געפּרוּווט צוריק אויפשטעלן די פאַרגעסענע ידיעות אין דער רוסישער שפּראַך און זיך געכאַפּט צום לייענען כוליאָ כורעניטע פון ערענבורגן. ווי גרויס

* חיה׳לע וואַגאַ־ראַטמאַן, מיין פריינדין, געהערט צו די ערשטע ענטוזיאַסטישע בויער פון יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן אין אונדזער היימשטאָט טשענסטאָכאָוו, דערנאָך אין וואַרשע. זינט 1926 לעבט זי אין ניו־יאָרק.

איז אָבער געווען מיין אַנטוישונג, ווען איך האָב דערפילט שוועריקייטן אפילו אין פינקטלעכן פאַרשטיין פיל ווערטער פון טעקסט. דער לשון פון ערענבורגס העלדן איז פאַר מיר געווען שווערער צו פאַרדייען ווי די טראַפאַרעטע רוסישע שפּראַך פון די אַריינגעשוואַרצטע קיין פוילן פּאָליטישע און פּעדאַגאָגישע סאָוועטישע ביכלעך וועלכע מיר איז געלונגען פון צייט צו צייט צו באַקומען פאַר זיך און פאַר די וואַרשעווער ציש״אָ-לערער. אַזוי האָט עס געהאַלטן מיט דער ערשטער פאָדערונג פון מיינע מדריכים.

כאָטש אונדז דראָט נישט אין וועג כמעט קיין שום געפאַר, דאַרפן מיר זיך דאָך האַלטן אין שאָטן — איז זייער צווייטער אָנזאָג, נישט וואַרפן זיך צופיל אין די אויגן נישט פון די פּאַסאַזשירן, צווישן וועלכע ס׳איז שטענדיק פאַראַן אַ היפּש ביסל פוילישע שפּיאָנען, וואָס האָצקען זיך הין און צוריק, און אויך נישט מאַזאַליען די אויגן פון די באַן- און גרענעץ-באַאַמטע. דעריבער וועלן מיר ביזן אָנקומען קיין ריגע בלייבן זיצן אין קופּע. איך פאַרשטיי, דאָ האַנדלט זיך נישט אַזוי וועגן מיר, ווי וועגן זיי, די ביידע אַבאַ׳ס. זיי וועט נאָך געוויס אויסקומען נישט איין מאָל דורכמאַכן די דאָזיקע נסיעות פון דאַנציק קיין מאָסקווע און צוריק.

כ׳דאַרף אויך נישט פאַרגעסן, אַז אַבאַ דער שוואַרצער איז מער נישט דער וואַרשעווער טעקסטיל-אַרבעטער, דער פאַראַנטוואָרטלעכער טוער פון דער ק.פּ.פּ. — אַבאַ פלוג, נאָר עפּעס אַן אַנדערער מענטש, אַ בירגער פון ראַטנפאַרבאַנד וועמענס נאָמען איך ווייס אפילו נישט. ווייל ״מיר זעען זיך צום ערשטן מאָל טאַקע דאָ אויפן וועג צוריק אין אונדזער היים, קיין מאָסקווע״. און אַז אַבאַ דער ווייסער איז נישט דער מיטגליד פון וואַרשעווער פּאַרטיי-קאָמיטעט און נישט דער גוט-באַקאַנטער אין פוילן אָנפירער פון רויטן טעקסטיל-פאַריין — אַבאַ קאַנטאָר,

---

* דאַנציק איז דעמאָלט געווען אַ פרייע שטאָט, וווּ די פוילישע דעפענזיווע האָט שוין קיין שליטה ניט געהאַט איבער די אַנטלאָפענע פון פוילן קאָמוניסטן. דאָ האָט די פוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי אָרגאַניזירט איר ״צענטראַלע פּאַרטיי-טעכניק״ — אַ גאַנצן שטאָט באַגלייבטע מענטשן, וועלכע האָבן דאָ געדרוקט געהיימע מאַטעריאַלן, פאַלשע דאָקומענטן, דאָ פלעגן פאָרקומען געהיימע פּאַרטיי באַראַטונגען און באַגעגענישן מיט אונטערערדישע טוער, מיט שליחים פון מאָסקווע. פון דאַנציק פלעגט מען אַריבערפּראַווען פּאַרטיי-חברים קיין ראַטנפאַרבאַנד און אין אַנדערע לענדער, אומעטום, וווהין ס׳איז נייטיק געווען. גענויער זע מיין בוך ״אויף וועגן און אומוועגן״, ערשטער בוך, תל-אביב, 1974, פאַרלאַג ״המנורה״.

״דער חבר סאָנין״ איז געווען דער פּסעוודאָנים פון ישראל גייסט, דעם באַקאַנטן אין פוילן מיטגליד פון צענטראַל-קאָמיטעט פון מיין געוועזענער פּאַרטיי ״פּאַראייניקטע״, איצט האָט ער — סאָנין — געאַרבעט אַלס פונקציאָנער אין דער דאַנציקער ״צענטראַלער פּאַרטיי-טעכניק״. אַביסל שפּעטער האָט די פוילישע סעקציע פון קאָמינטערן באַזעצט אים אין מאָסקווע. די נ.ק.וו.ד. האָט אים אומגעבראַכט אַלס ״שפּיאָן״ אין איינעם פון די סאָוועטישע צוואַנגס-לאַגערן.

נאָר אויך אַ סאָוועטישער מענטש, "מיט וועלכן כ׳האָב זיך נאָרוואָס באַקענט דאָ אין קופּע"...

די לעצטע צוויי אָנזאָגן איז מיר נישט שווער געטריי אויסצופירן — דעם גאַנצן וועג ביז ריגע בלייבן מיר זאַלבעררדריט די איינציקע פּאַסאַזשירן אין אונדזער קופּע, וואָס איז שוין פאַר מיר געוואָרן היימיש און געמיטלעך.

צי איז מיין פרײדיקער שטאָלץ ביים דערלאַנגען דעם רויטן סאָוועטישן אויסלאַנדס־פּאַס אויף קאָנטראָל צו דער גרענעץ־וואַך פון דער "פאַרשאָלטענער קאַפּיטאַליסטישער וועלט" געווען קלענער ווי ביי מאַיאַקאָווסקין, ווען ער פלעגט אויף זיינע רייזעס קיין אויסלאַנד אַריבערשפּאַנען די סאָוועטישע גרענעץ? כ׳דענק, אַז נישט.

נישט מער ווי דער, וואָס איז אין מיינע אויגן געווען דער גרעסטער פּאָעט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער זיינע הייסע געפילן געקענט פאַראייביקן אין זיין שטאָלצן צו להכעיס־ליד אַזוי: לייענט, זייט מקנא, איך בין אַ בירגער פון ראַטנפאַרבאַנד.

און איך, גראַד אַזוי ווי טויזנטער פאַרליבטע אין דעם ראַטנפאַרבאַנד, פּשוטע בשר ודמ׳ס און ערלעכע קאָמוניסטן, בין דעם דאָזיקן פריידיקן שטאָלץ געווען בכוח צו טראָגן אַ סך יאָרן בלויז אין זיך, אין האַרצן. און נישט מער ווי, וואָס ביי מיר איז אין יענעם גורלדיקן מאָמענט פון קאָנטראָל אויף דער גרענעץ פון צוויי וועלטן דער הייסער געפיל פון שטאָלץ געווען אַ ביסעלע פאַרשטערט דורך דער שרעק: "נאָר ניט אַריינפאַלן!"...

אָבער די גרענעץ־לייט האָבן אויף מיר, דער אייגנטימערין פון סאָוועטישן פּאַס, נישט געקוקט ווי אויף מאַיאַקאָווסקין פון אויבן אַראָפּ, קיין שום פאַרדאַכט האָב איך אויך אין זייערע אויגן נישט אַרויסגעלייענט. אדרבא, דער קורץ־געפּאַקטער, רונדיקער ווי אַ ביר־פּעסעלע, פרייסישער גרענעץ־מאַן אין די שטייפע, גלאַנציקע ווי אַ שפּיגל געלע כאָלעווקעס איבער די טונקעלע קאָמאַשן אין גרינעם טיראָלער נעט־אויסגעפּאַסטן אַנצוגל, מיטן פּאָווע־פּעדערל אין קליינעם יעגער־קאַפּעלושל, דערלאַנגט מיר צוריק מיטן יעקישן האַלב־אויסגעלאָסענעם ווינקעלע פון זיינע פאַרשווימענע אייגעלעך מיין רויטן ביכעלע און זיין ברייטער "Jawohl, gnädiges Freulein Sarra Schneidermann!"... זאָגט מיר אָן, אַז אַלץ איז אין בעסטער אָרדענונג... און ערשט שפּעטער דערגייט צו מיר מיין אייגענער העכערער, ווי עס פּאַסט זיך אין אַט דעם אָפיציעלן אַמט, "Danke schön, gnädiger Herr!"... און כ׳האָב גרויס חשק אויסצושטעקן אַ צונג אין זיין ראָזעוון לבנה־פּנימל אַריין.

איינשטייגנדיק צוריק אין וואַגאָן, בין איך כמעט זיכער, אַז אַט דער חברה׳מאַן ווייסט גוט, וואָס פאַר אַ פאַרשווינען זענען אַט די דריי מיט זייערע רויטע פּעסער,

* דאָס ליד וואָס אַנטהאַלט די אויבן דערמאַנטע ווערטער, האָט מאַיאַקאָווסקי אָנגעשריבן ערשט אין 1929 און פאַרעפנטלעכט איז עס געוואָרן שוין נאָך זיין טויט.

וואָס מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי זענען ווילד-פרעמדע איינער מיטן צווייטן. און אויפן גאַנצן וועג, כמעט ביז צו דער אויסגעטרוימטער הייליקער סאָוועטישער גרענעץ באַווייזט זיך שוין מער נישט קיין שום וואָלקנדל פון שרעק אין מיין לויטערן יום-טובדיקן געמיט. אָ! ווי גוט און ווי פריילעך איז צו לעבן אויף דער וועלט!...

## 2) נאָך איין צוגאָב-אויפגאַבע

מיר זענען בשלום אַריבער די לעטלענדישע גרענעץ און אָט שטייט שוין אונדזער צוג אויפן ריגער וואָקזאַל — אין דער הויפּטשטאָט פון דער רייכער ביי-באַלטישער, אין גאַנצן מיטן עטלעכע יאָר צוריק געשאַפענער זעלבשטענדיקער מלוכה. ס'פאַרדריסט דעם גאַנצן דריילינג אונדזערן: וואָס האָבן זיי, די לעטישע קאָנטרעוואָלוציאָנערע בעלי-בתים אַזאַ וווּנדער-שיין לאַנד אָפּגעריסן פון ראַטנפאַרבאַנד?!* וואָס מאַכן זיי עפּעס שבת פאַר זיך אויף אַ ריין קאַפּיטאַליסטישן אופן?... געלאָזט זיך פאַרשקלאַפן!... נאָר ניט געדאגה'ט — נישט ווייט איז דער טאָג פון זייער גאולה — אין דעם גלויבן מיר אַלע דריי.

דער צוג פון ריגע דירעקט קיין מאָסקווע גייט אָפּ ערשט פאַרנאַכט. מיר האָבן, הייסט עס, צייט שיינע עטלעכע שעה. מיינע אַפּוטרופּסים זעצן מיך אַריין אין אַ שפּאָגל-נייעם טראַמוויי: "פאָר זיך דורך, ער קרייזט אַרום און אַרום די באַגרינטע ריגע" — זאָגן זיי מעשה אַלטע תושבים — "פאַראַן דאָ וואָס צו זען" — און אַליין ווערן זיי שנעל פאַרשוווּנדן. (איך שטויס זיך אָן: זיי האָבן דאָ געוויס צו דערליידיקן וויכטיקע פּאַרטיי-ענינים.) איך באַוווּנדער די מוסטערהאַפטע אָרדענונג וואָס קוקט אַרויס פון יעדן שטאָט-קוואַרטאַל, וועלכן מיר פאָרן פאַרביי. אויף די געוואַשענע טראָטואַרן פון די פלאַכע, ווי אַ טיש ריגער גאַסן גייען די הויכע שטראַמע לעטן אַזוי געלאַסן און מיושבדיק. אפילו דער טראַמוויי פאָרט דאָ פיל לאַנגזאַמער און שטילער, ווי אין דער צעפילדערטער וואַרשע. "זיץ, רו זיך אַביסעלע אָפּ" — פאַרבעטן דעם פּאַסאַזשיר די גלאַנציקע פרייע בענק ביים פענצטער. מיך וווּנדערט נישט, וואָס איך הער דאָ אַזוי אָפט ריידן רוסיש. מיר איז באַוווּסט, אַז די פּרעכטיקע זאַטע ריגע איז איצט אַ מקום מקלט פאַר ווייסע עמיגראַנטן, געלאָפענע פון ראַטנפאַרבאַנד, וואָס לעבן דאָ אַ גוטן טאָג פאַר די אַרויסגעפירטע פאָלקס-אוצרות. אויף די צוויי, וואָס זיצן אַזוי געמיטלעך נישט ווייט פון מיר און האָבן די העזה זיך צו באַנוצן מיט דער שפּראַך פון לענינען, קוק איך ווי אויף מיינע פערזענלעכע שונאים: "פאַררעטער פונעם אייגענעם פאָטערלאַנד"... זיי פטרן מיר די גאַנצע שטימונג.

אָבער די צייט שטייט נישט אויף אַן אָרט. איך דאַרף נאָך אָפּזוכן די פאַמיליע פון צוויי באַקאַנטע ריגער לערער פון דער יידישער מלוכה-גימנאַזיע — איסאַק

---

* ביזן נצחון פון דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע אין רוסלאַנד געווען אַ טייל פון צאַרישן רוסלאַנד.

און פאַניע ראַדאַק. כ׳וויל זיי אָפּגעבן אַ גרוס פון אונדזער געמיינזאַמען פריינט, מרים כמיעלניצקי און זיך בסודי סודות איבערגעבן, אַז ״זי ווינטשט זיך מיט זיי אין גיכן צו טרעפן... אין ראַטנפאַרבאַנד״. איר נאָמען שטייט דאָך צווישן די ערשטע אין דער געהיימער רשימה (איך טראָג זי זאָרגפעלטיק אין מיין זכרון) פון די גליקלעכע ציש״אָ-לערער, וואָס וועלן גאָר אין גיכן דורך דער פוילישער קאָמ־פּאַרטיי געשיקט ווערן אויף אַרבעט אין לאַנד פון די ראַטן.

אָן איבערראַשטע קוק איך זיך אַרום אין דער רחבותדיקער דירה פון די ראַדאַקס, וואָס געפינט זיך אין סאַמע יידישן צענטער, דאַכט זיך אויף דער מאָס־קווער גאַס. נישט אַזוי לעבט דער ניט־דערעסענער, כמעט רעכטלאָזער ציש״אָ־לערער ביי אונדז אין פוילן. ביי די ראַדאַקס פילט זיך די איינגעפונדעוועטקייט פון אַ זאַטער משפּחה. איבעריקנס — נישטאָ זיך וואָס צו ווונדערן, לעטלאַנד איז נישט דאָס רעאַקציאָנערע פוילן. דאָ זענען די יידישע וועלטלעכע שולן גלייכ־באַרעכטיקט מיט אַלע איבעריקע. דער לעטיש־יידישער פאָלקס־לערער לעבט נישט אויף צענויפגעקליבענע מיטלען. גראַשנס. ער באַקומט זיין פאַרהעלטניש־מעסיק הויכן געהאַלט פון דער מלוכה־קאַסע, אַזוי ווי יעדער מלוכה־אָנגע־שטעלטער. *

אָבער דאָך רייסן זיך די דאָזיקע צוויי גוט־סיטואירטע און ערודירטע פּעדאַ־גאָגן קיין ראַטנפאַרבאַנד! ״אונדז איז דאָ ענג״ — נישטאָ דער פאַרנעם פון אַזאַ יידישער קולטוראַרבעט — ווי זיי ווילט זיך פירן. זיי דערציילן מיר, אַז דער זעלבער דראַנג צו עמיגרירן קיין סאָוועט־רוסלאַנד איז פאַראַן ביי פיל יידישע לערער אין לעטלאַנד. זיי וואַרטן אויף דער ערשטער מעגלעכקייט זיך אַרויס־צורייסן אַהין. מיינע נייע באַקאַנטע באַהאַלטן נישט זייער קנאה צו מיר, ״אַזאַ גליק האָט אייך געטראָפן! ווי האַלטן מיר שוין דערביי״... ביידע שטייען צו: ״זאָגט פאַר אונדז דאָרט אַ גוט וואָרט... מיר האָפן אויף אייער הילף...״ זיי שרעקן זיך נישט פאַר קיין מאַטעריעלע שוועריקייטן, זיי זענען גרייט אויף אַלע באַדינגונגען. זאָל מען זיי נאָר אַרויסשיקן אָן אייבלאַדונג אויף אַרבעט און זיכערן די אַריינפאָר־וויזע, פון לעטלאַנד קען מען פריי עמיגרירן וווהין מען וויל.

לויט אַלע כללים פון קאָנספּיראַציע פאַרשווייג איך, אַז איך פיר מיט זיך נאָך פון וואַרשע נישט איין צענדליק ענלעכע בקשות און דעם גענויען אַדרעס אין וועמענס הענט דאָרט אין מאָסקווע די בקשות איבערצוגעבן. ** דער גליקלעכער גורל פון יענע איז דאָך שוין כמעט ווי געזיכערט... און זיי דאָ, די לינקע גרופּע

---

* אונדזערע שליחים פון ציש״אָ אין פוילן זענען דאָ געווען אָפטע געסט. די גוט סיטואירטע לעטיש־יידישע לערערשאַפט האָט אַלע יאָרן פרייוויליק אָפּגעגעבן אַ באַדייטנ־דיקן פּראָצענט פון איר חודש־געהאַלט פאַר זייערע קאָלעגן אין פוילן און אַזוי אַרום דירעקט געהאָלפן לינדערן זייער מאַטעריעלע נויט.

** וועגן דער דאָזיקער אויפגאַבע אַריבערצוברענגען ״ציש״אָ״-לערער פון פוילן קיין סאָוועטרוסלאַנד האָב איך דערציילט אין מיין ערשטן בוך ״אויף וועגן און אומ־וועגן״ (פאַרלאַג ״המנורה״ תל־אביב 1974) אין פּרק ״מאָסקווע צי פּאַריז?״.

לעטיש־יידישע לערער, זיי האַלטן נאָך געבעך גאָר פון פאַרנט. אויף יעדן פאַל פרעג איך זיך אויס און פאַרגאַטיר אין זכרון ווער זענען דאָס די איבעריקע לערער, וואָס רייסן זיך אַזוי פון קאַפּיטאַליסטישן לעטלאַנד אין לאַנד פון די ראַטן. ווייזט זיך אַרויס — פיינע חברה, איינס ווי איינס... מיט אַ סך וויסן, מיט יידישער און אַלגעמיינער קולטור, אַלע זענען זיי גרייט אָפּצוזאָגן זיך פון זאַטן לעבן. אויב זיי זענען כאָטש טיילווייז אַזעלכע פּאַטריאָטן פון דער סאָוועטישער יידישער קולטור, ווי די ראַדאַקס, וועט דאָס יידישע שולוועזן דאָרטן אַ סך געווינען. אָבער וואָס קען איך איצט צוזאָגן מיינע נייע פריינט? "כ'וועל קומען אויף אַן אָרט און זיך דערוויסן מיט וועמען מ'דאַרף רעדן, כ'וועל אייך אָנשרייבן". און דאָך רופט מיין פאַרעוועער צוזאָג ביי זיי אַרויס האָפענונג און דאַנקבאַרקייט. זיי וועלן איצט ציילן די טעג... און איך?... איך בין זיכער, אַז זייער אינטואיציע נאַרט זיי נישט אָפּ. "האָב איך שוין, הייסט עס, נאָך איין וויכטיקע צוגאָב־אויפגאַבע" — כ'דאַרף אין מאָסקווע פאַר איינוועגנס איבערגעבן אויף וועגן דעם דראַנג פון לעטלענדישן יידישן לערערטום צו קומען קיין ראַטנפאַרבאַנד העלפן בויען די סאָוועטיש־יידישע קולטור־אַנשטאַלטן. און אין מיין דמיון זע איך שוין ווי נישט בלויז פון פוילן, נאָר אויך פון לעטלאַנד, פאַרן מחנות קוואַליפיצירטע יידישע קולטור־טוער אויף אַרבעט אין די יידישע שטעט און שטעטלעך פונעם גרויסן ראַטנפאַרבאַנד. ווייל ווער ווייסט נאָך אַזוי גוט ווי איך, ווי גרויס ס'איז דאָרטן דער מאַנגל אין זיי. און ווען דער פאַרסאָפּעטער איסאַק ראַדאַק קומט פאַר נאַכט צו לויפן צום באַן מיט אַ גרויסן בייטל פּאָמעראַנצן (צו וואָס אַזוי פיל? — קען איך נישט פאַרשטיין), זאָג איך אים שוין פעסט: "צום ווידערזען אין ראַטנפאַר־באַנד!" און איך דערזע: אַ הייס פּייערל פון האָפענונג גיט זיך אַ צינד אָן אין זיינע אויגן. *



### 3. די געל־בלאַנדע פּאַסאַזשירקע

פון שטאָט צוריק אויפן וואָקזאַל קומען מיינע צוויי אַבאַ'ס אָנגעלאָדענע מיט... געפעק, כלערליי שפּייז, און זיי וווּנדערן זיך: פאַרוואָס האָסטו דאָס זעלבע נישט געטאָן? (איצט פאַרשטיי איך שוין פאַרוואָס ראַדאַק האָט מיר גע־שענקט אַזוי פיל פּאָמעראַנצן). אָבער נישט גדאגה'ט! באַרויקן זיי מיך, דאָ גאָר־נישט ווייט פון וואָקזאַל, אין אָט דער מיט דער פאַרגייענדיקער זון באַשטראַלטער געביידע פון דער ריגער פאַרגלעזערטער מאַרק־האַלע זענען נאָך זיכער אָפּן דעזשורנע געוועלבער אָנגעפּילטע מיט כל טוב. און מיט דער הילף פון מיינע

* יצחק ראַדאַק איז דער שפּעטערדיקער מחבר פון אַ ריי סאָוועטיש־יידישע לערן־ביכלעך אויף שפּראַך, גראַמאַטיק און ליטעראַטור און אויך אויטאָר פון פּעדאַגאָגיש־מעטאָדישע אָפּהאַנדלונגען פריער אין דער יידישער און שפּעטער אין דער רוסישער שפּראַך. זיין פרוי, פאַניאַ ראַדאַק איז געווען אַ טאַלאַנטפולע יידישע פּעדאַגאָגין. וועגן זייער לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן.

דערפאַרענע צוויי פריינט קום אויך איך אַן קיין מאַסקווע נישט מיט קיין ליידיקע הענט. שיין וואָלט איך אויסגעזען, ווען אַזוינס זאָל חלילה נישט געשען!

אַזוי ווי דער צוג האָט זיך געריקט פון אָרט, האָבן מיר זיך, ווי אַלע אַנדערע פּאַסאַזשירן, אַ לאָז געטאָן אין וואַגאָן־רעסטאָראַן. "מען דאַרף זיך אָנעסן" — לערנען מיך מיינע מדריכים און מיר פאַרכאַפּן אַ פריי טיש.

די קעלנערסריידן רוסיש, אָבער פאַרוואָס איילן זיי זיך עפּעס נישט צוצוגיין צו אונדז און צו אַזעלכע ווי מיר ביי די דאָזיקע טישלעך, כאָטש זיי שטייען גרייטע צו באַדינען די געסט און זעען גוט, אַז מיר ווערן אומגעדולדיק? זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז הכנעהדיק געווענדעט צו די צוויי צונויפגערוקטע טישלעך, וואָס שטייען אויבנאָן און ברעכן זיך ממש פון די רייכע מאכלים און פלעשלעך, אַריינגעשטעלט אין זילבערנע אייז־פּעסלעך. צעלייגט ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן זיצן דאָרט געשמאַקלאַז אויסגעפּוצטע צוויי מענער און אַ פרוי — אַלע ווייט נישט קיין יונגע. זיי האַלטן זיך אַזוי אַרויסרופעריש. דער רוסיש אין זייערע מיילער קלינגט גראָב, אומסימפּאַטיש. זיי ריידן הויך און לאַכן ברייט, אַזוי ווי נאָר זיי און מער קיינער איז דאָ נישט פאַראַן.

מיר דערנענטערן זיך שוין צו דער סאָוועטישער גרענעץ. די קעלנער דער־לאַנגען זיי אַלץ נייע און נייע געריכטן. דער איבעריקער עולם זיצט אָנגעברוגזט, דערנידעריקט און... וואַרט. די נעפּמענער האָבן זיך אָנגעזעצט אויף אונדזערע העלדזער, דערהערט זיך פּלוצים אַן אויפגערעגטע שטימע ביים שכנותדיקן טיש. אייניקע פּאַסאַזשירן הייבן זיך שווער אויף פון זייערע ערטער און פאַרלאָזן דעם רעסטאָראַן נישט געגעסענערהייט. ביי די איבעריקע טישלעך בלייבן זיצן נאָך מענטשן. זיי שווייגן פאַרביסן, אָבער זיי וואַרטן... "מען מוז זיך דאָך אָנעסן"...

איך בין מיטן גאַנצן האַרצן מיט די, וואָס פּראָטעסטירן. "אויך דאָ זענען 'זיי' די אויבערשטע פון שטייסל?... אויך דאָ זענען מיר — פּשוטע מענטשן — גלייך צו גאָרנישט?" — קען איך זיך נישט באַרויקן.

דאָס איז געווען דער ערשטער ממשותדיקער שווערער קלאַפּ איבער מיין ביז גאָר נאַאיווער פאָרשטעלונג וועגן דער סאָוועטישערווירקלעכקייט, וועגן רייך און אָרעם אין לאַנד פון די ראַטן. "מאַך זיך נישט זעענדיק" — ריידן שטיל צו מיר מיינע באַגלייטער. איצט איז זייער צייט... "נעפּ"... דאַרפסט פאַרשטיין. און זיי בלייבן וואַרטן געדולדיק אויפן קעלנער. איך ווייס דאָס אַלץ פון די בראָ־שורן... איך פאַרשטיי, אָבער דאָך!...*

אַם שטאַרקסטן דענערווירט מיך אָט די פרוי — די גראָבע בורזשויקע אין די בלישטשענדיקע בראַסלעטן און געשמאַקלאָזע אוירינגלעך מיט אירע חוצפה־דיק־פאַרשייטע אויגן און אויסגעכאַליעטן פאַרפאַרבטן און אָנגעפּודערטן פּנים. כ'בין נישט אין שטאַנד אָפּצוקערן מיין פיינטלעכן בליק ניט פון איר און ניט

---

* איך האָב דעמאָלט נישט באַנומען, אַז אַדאַנק אָט דעם "נעפּ" זענען מיליאָנען סאָוועטישע בירגער געראַטעוועט געוואָרן פון הונגער־טויט.

פון אירע צוויי חשובע באַגלייטער — ביידע, שוין האַלב שיכורע, האַלדזן און קושן זיך. און זי זיצט צווישן זיי אַ ברייטע, אַ זאַטע קאַץ, וואָס באַלעקט זיך נאָך דעם געשמאַקן רויב...

אויף לאַנגע יאָרן איז ביי מיר פאַרבליבן אַ מין רעפלעקס אַזאַ — ווען איך, שוין אַ דערפאַרענע סאָוועטישע בירגערין, פלעג אין גאַס דערזען אַ געפאַרבטע אויף געלב־בלאָנד עלטערע פרוי אין איר וווקס, האָט זיך אין מיר דערוועקט אַן אומרו און אַ פיינטשאַפט: "אַזוי האָט אויסגעזען יענע דאַמע מיט די בראָס־לעטן"... זי האָט מיר, דער נאַאיווער ענטוזיאַסטקע איינגעגעבן דעם ערשטן ביטערן פיל פון אַנטוישונג איידער נאָך איך בין אַריבערגעטראָטן די שוועל פון מיין נאַאיוון אויסגעטרוימטן חלום. כ׳האָב שוין לאַנג באַנומען, אַז נישט זי און נישט אַזעלכע ווי אירע צוויי נעפּמאַנישע באַגלייטער זענען די שולדיקע אין די אומגליקן פון סאָוועטישן פאָלק און דאָך... קען איך איר דאָס ביז היינט צו טאָג נישאַ מוחל זיין.

4) פאַרוואָס אַזוי וואַכעדיק?...

אַ דערשלאָגענע בין איך צוריק אַריין אין אונדזער קופּע. אויך מיינע חברים זענען עפּעס שטילער, פאַרטראַכטער ווי פריער, זיי שווייגן און איך בין זיי דער־פאַר דאַנקבאַר.

נאָר אָט דערנענטערט זיך אונדזער צוג צו סעביעזש — דעמאָלט אַ גרענעץ־סטאַנציע מיטן ראַטנפאַרבאַנד, און אַ נייער שטראָם לעבן פליסט אַריין אין מיר. ס׳איז געננוג געווען צו דערזען דעם אויפשריפט: אַ גרוס דער אַרבעטערשאַפט פון מערב! און די צוויי רויטע פענער, וואָס פלאַטערן פראַנק און פריי ביי די זייטן פון דער אימפּראָוויזירטער הילצערנער אַרקע אויפן וואָקזאַל, אַז איך זאָל פאַרגעסן אַן אַלעם און דאָס האַרץ מיינס זאָל אָנהייבן שטאַרק קלאַפּן. איצט בין איך באַהערשט מיט איין און איינציקן שאַרפן נצחון־געפיל: "כ׳בין אויף דער סאָוועטישער ערד!... ענדלעך!..."

אַ צוגעשמידטע צום פאַרמאַכטן פענצטער פון וואַגאָן, עס איך זיך איין מיט די אויגן אין דעם ערשטן ממשותדיקן רויטאַרמייער, וועלכן איך דערזע אין מיין לעבן. מיט ציטערדיקע הענט פּרוו איך עפענען דאָס פענצטערל, אָבער ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז פעסט פאַרקלאַפּט און איך וווּנדער זיך: "פאַרוואָס?". אין דרויסן טריפט אַ קאַלט רעגנדל. ס׳איז ווינטיק, גרוי, וואַכעדיק — דער באַ־וואָפנטער רויטאַרמייער שפּאַנט אַן אויפהער אַ שווייגנדיקער און אַ גלייכגיל־טיקער איבער דער גאַנצער לענג פון דער נאַסער פּלאַטפאָרם. די פּאָלעס פון זיין שרעקלעך לאַנגן שינעל קלאַפּן איבער זיינע פאַרבלאָטיקטע שטיוול. פון אונטער זיין בודיאָנאָווקע, וועלכע איז טיף אַראָפּגערוקט אויף זיינע אויערן, זעט זיך נאָר די אונטערשטע טייל פון זיין יונגן פּנים.

— הורראַ! ניעך זשיע! זאָל לעבן! — יובלט און שרייט אַלץ אין מיר. אָבער פאַרוואָס זענען אַלע פּאַסאַזשירן אַזוי רויק?... און אַזוי סטאַטעטשנע? דאָס פאַר־

דריסט מיך שטאַרק. און פאַרוואָס הערט דער רויטאַרמייער נישט אויף אַזוי גלייכגילטיק צו שפּאַנען? פאַרוואָס וויל ער נישט אויפהייבן דעם קאָפּ זיינעם? ער וואָלט דערזען מיין גרויסן יום־טוב און אויף מיין פאָכען מיטן האַנט וואָלט ער זיכער מיר געענטפערט מיט אַ פריינדלעכן "ברוך הבא!".

דאָס אַלץ מינערט אַ ביסעלע מיין גרויסע פרייד, וואָס שפּילט אין מיר. אָבער אַלץ איינס! כ'בין סיי ווי סיי אין גאַנצן אַ באַנייטע! ווי עמעצער וואָלט אויף מיר אַ שפּאָגל־נייע הויט אַרויפגעצויגן. (פאַרזעצונג קומט)

# פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך

## אַן אינטערעסאַנטער סימפּאָזיום־אָוונט

דאָנערשטיק, ח' שבט תשל"ז, דעם 27סטן יאַנואַר 1977 איז אין זאַל פון היכל שלמה פאָרגעקומען אַ זייער אינטערעסאַנטער אָוונט, איינגעאָרדנט דורך דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט און דער שרייבער־גרופּע ביי דער מיטהילף פון דער קולטור־אָפּטיילונג ביי דעם ירושלימער שטאָט־ראַט.

ירושלים — נייער יידישער קולטור־צענטער (דערגרייכונגען און פּערספּעקטיוון) — אַזאַ איז געווען די גרונטטעמע פאַר דעם דאָזיקן סימפּאָזיום־אָוונט.

אַן אַריינפיר־וואָרט צו די אַרויסטרעטונגען און דעבאַטן האָט געהאַלטן רעדאַקטאָר פון "ירושלימער אַלמאַנאַך" דער דיכטער יוסף קערלער.

פריינד חיים פינקעלשטיין — מיטגליד פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, דירעקטאָר פון דער קולטור־ און דערציונגס־אָפּטיילונג ביי דער סוכנות האָט זיך גענויער אָפּגעשטעלט אויף דער געשיכטע פון יידיש אין ירושלים ווי אויך אויף די נייע פּערספּעקטיוון פון יידישער קולטור און דערציונג ביי היינטיקן טאָג. ער האָט דערביי אונטערגעשטראָכן אַז יידיש איז אַן אינטעגראַלער טייל פון אונדזער דורותדיקער קולטור־ירושה און אַלס אַזאַ שטעקט איר כוח נישט אין איזאָלירן זיך און קעגנשטעלן זיך דער קולטור אין עברית, נאָר אין ברידערלעכער אייניקייט מיט עברית ווי אויך מיט דער קולטור־ירושה פון די ספרדישע יידן.

די אַרויסטרעטונג פון חיים פינקעלשטיין האָט געהאַט אין זיך פיל עקספּרעסיע און חן, גייסט און חכמה. ער האָט אָבער ליידער נישט פאַרענטפערט קיין איינע פון די קאָנקרעטע טענות און פאָרשלאָגן, וועלכע עס האָבן זיך געלאָזט הערן צווישן די אָנטיילנעמער פון יענעם אָוונט — סיי וועגן דער טעלעוויזער דיסקרימינאַציע בנוגע צו יידיש סיי וועגן אַזאַ קאָנקרעטע טענה, אַז נישט געקוקט אויף אַלע צוזאָגן פאַרמאָגן מיר נאָך נישט אין ירושלים נישט נאָר קיין קולטור־הויז, נאָר אפילו נישט קיין ווינקל פאַר אונדזערע טאָג־טעגלעכע קולטור־טעטיקייטן. ס'ווערט אויך נישט דערשאַצט די גוואַלדיקע וויכטיקייט פון אונדזער אויסגאַבע "ירושלימער אַלמאַנאַך".

סיי וועגן דעם סיי וועגן אַנדערע וויכטיקע פּראָבלעמען און שוועריקייטן, אויפגאַבן און פּערספּעקטיוון האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין זייערע אינטערעסאַנטע אַרויסטרעטונגען דער געוועזענער עליה־אַקטיוויסט פון ס"פ ד"ר **אשר בלאַנק**, דער שרייבער **אברהם ציקערט** און אין זיין סומירונגס־וואָרט דער דיכטער ד"ר **דוד ספאַרד**.

אין יענעם לעבהאַפטן אָוונט האָבן זיך אויך אַקטיוו באַטייליקט אייניקע פון צושויער־זאַל.

## מאַשע פּאַיוק־גרייווער

# אין מיין שבעה

אין מיין שבעה אַלע קומען
שעפּן פון מיין טרויער־ברונעם,
שעפּן און מיר מאַכן לייכטער,
ווערן מיינע אויגן פייכטער
און מיין ברונעם העכער, פולער

אָן אַ בליץ און אָן אַ דונער —
טרויער־פּלייץ פון די אַרומען,
אַלע שעפּן פון מיין ברונעם
און איך קאָן צו זיך ניט קומען,
אַנגעשעפּטע פולע כלים
מיט מיין טרויער זיך צו טיילן.

זיך צו טיילן, און צו טרינקען
און איך האַלט אין זינקען, זינקען
אין מיין טיפן טרויער־ברונעם.
מיט דער טיף אַרומגענומען
ביזן האַלדז שוין באַלד —
געוואַלד
ס'העלפט מיר ניט מיין שרייען: האַלט...

## פון יענער זייט

פון יענער זייט אָפּגרונט —
סוף פון אַלע וועגן,
זיך ציט צו מיר אַ פאַרהוילענע בריק,
פון פאַרשאָטענע ברעגן
דו שוועבסט מיר אַנטקעגן,
מיט קפיצת הדרך — דו קומסט אויף צוריק.

און ווידער דו שמייכלסט ווי זון דורך אַ רעגן
און ווידער — מיר האָבן אָט ערשט זיך באַגעגנט . . .

און רגע נאָך רגע אַלץ חזרט זיך איבער —
מיין זיסער געפליסטער
געמישט מיט געוויין
ריזלט צו דיר אַלע ראַנדן אַריבער —
— — — — — — — —
צי רעד איך דאָס, מיינט איר,
צו זיך גאָר אַליין ?

## הירש־צבי לעווינזאָן ז״ל

אין עלטער פון ניין־און־פופציק יאָר איז פון אַ האַרץ־אַטאַקע אַוועק פון דער וועלט דער יידישער אַקטיאָר הירש־צבי לעווינזאָן, וועלכן מיר האָבן געקאָנט נאָך פון מאָסקווע. ער האָט געשפּילט אין מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער און צוזאַמען מיטן גאַנצן קאָלעקטיוו איבער־געלעבט די טראַגעדיע פון מיכאָעלסעס און זוסקינס שוידערלעכן אומקום און דערנאָך — די ליקווידאַציע פונעם טע־אַטער גופה. שפּעטער, אין די יאָרן פון דער אַזוי גערופענער אָדליגע, נאָך סטאַ־לינען ימ״ש, האָט זיך אין מאָסקווע גע־שאַפן אַן אַנסאַמבל, אין וועלכן לעווינזאָן האָט פאַרנומען אַן אָנזעעוודיק אָרט. אָבער די לאַגע פונעם אַנסאַמבל איז גע־ווען אַ נעבעכדיקע (און נאָך מער אַ נעבעכדיקע איצט) — אַ מין פיקציע פאַר ״אויסלאַנד״.

מיט קנאַפּע זעקס יאָר צוריק איז לע־ווינזאָן מיט זיין משפּחה עולה געווען קיין ישראל, ווו ער האָט געטרוימט אָפּ־געבן אַלע זיינע כוחות דער יידישער בינע. אָבער,ליידער, איז זיין געזונט געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער . . .

ער איז געווען אַ גוטער אַקטיאָר, אַן איבערגעגעבענער מאַן און פאָטער און אַ וווילער חבר. מיר, זיינע פריינד, באַ־דויערן טיף זיין פריצייטיקן טויט און דריקן אויס אונדזער גרויס מיטגעפיל דער משפּחה פונעם פאַרשטאָרבענעם.

כבוד זיין אָנדענק !

**פייוויש אַראָנעס, רחל בוימוואָל,**
**אללא זוסקינע, נינאַ און נאַ־**
**טאַליע מיכאָעלס, זיאַמע טעלעסין,**
**צפניה קיפּנים, יוסף קערלער**

אשר שטשוטשינסקי

# צוויי קורצע דערציילונגען

### 1. דער מאַשינען־וואַשער

אויף דער ״פּלאַמאַלעטע״ (סקווער) אין אַלט האַוואַנאַ, ווו ס׳זענען זיך צו־נויפגעקומען זעקס ברייטע קאָמערציעלע גאַסן שטייט אַ פּלומפּ מיט אַ גרויסער צעמענט־שיסל אַרום, אַ מין קאַרעטע. דאָ פלעגט מען מיט אַ סך יאָרן צוריק פּויען די פערד, וואָס האָבן געפירט משא־וועגענער, אָדער בריטשקעס פון שפּאַנישע אַדללייט, וועלכע האָבן אין יענע צייטן געהערשט אין קובאַ.

דער פּלומפּ און די קאַרעטע זענען געבליבן, ווי דער מאָנומענט פון דער פערדן־עפּאָכע.

אין ווינקל פון דער פּלאַסאַלעטע, ווו ס׳באַגעגענען זיך די גאַסן דראַגאָנעס און מאַנסעראַטע, שטייט אַן אַלטע געביידע פון פיר גאָרנס אין שפּאַנישן סטיל, ״דער פּאַלאַץ פון די וויאַלבעס״, אַ מאָנומענט נאָך די אַלטע צייטן פון שפּאַנישער הערשאַפט איבערן אינדזל.

ביידע מאָנומענטן שפּיגלען אָפּ אַ לאַנגע היסטאָרישע עפּאָכע.

די פּלאַסאַלעטע האָט די פאָרעם פון אַ האַרץ, און די גאַסן וואָס ציען זיך צו איר קוקן אויס ווי אַרטעריעס, וועלכע ציען זיך צום האַרצן. היינט שטייען אויף דער פּלאַסאַלעטע אויסגעשטעלט מאָדערנע אויטאָמאָבילן, וואָס געהערן צו די סוחרים וועלכע האָבן זייערע געשעפטן אין די גאַסן אַרום און דערנעבן.

ראַמאָן האָט די פּלאַסאַלעטע אויסגעקליבן פאַר זיין אַרבעטס־פּלאַץ. ער האָט מיט גרויסער הכנעהדיקייט געפרעגט איינציקווייז ביי די בעלי־בתים, צי זיי ווילן, אַז אין דער צייט וואָס די וואָגנס שטייען און וואַרטן אויף זיי צום צוריקפאָרן צו זייערע היימען אין די רייכע פאָרשטעט פון האַוואַנאַ, זאָל ער זיי אָפּפּוצן. אַ סך האָבן שוין ראַמאָנען געקענט, ער פלעגט זיך אין יענער געגנט אַרומדרייען און העלפן די שאָפערן, וואָס פאַרדינגען זייערע מאַשינעס צו צעפירן פּעקלעך און קריגן אַ פּאָר סענט. ביסלעכווייז האָבן די אייגנטימער פון די אויטאָס איינגעשטימט. ס׳איז געווען אַ באַקוועמלעכקייט אַרויסצוקומען פאַרנאַכט און טרעפן אַן אָפּגעפּוצטע מאַשין. אַזוי האָט ראַמאָן זיך איינגעאַרבעט מיט פּוצן די אויטאָס פון די סוחרים פון די גרויסע הורטאָוונע געשעפטן.

אָפּפּוצן אַלע ט׳ילן פון אַן אויטאָ מיט אַ נאַסער גאָמוזע, מיט וואַסער און זייף איז אַ שווערע אַרבעט. דאַרפסט פאַרוואַרפן די גאָמוזע איבערן דאַך פון אויטאָמאָביל, זיך אויפהייבן אויף די שפּיץ־פינגער און אַראָפּציען דאָס וואַסער

ביז אראפ. אז דו האסט שוין ריין די געפּאַרבעטע טיילן, הייבט זיך ערשט אָן די אַרבעט צום פּוצן די ביקעלנע.

ראַמאַן האָט געהאַט אַ גרויס געדולד צו דער אַרבעט. ער האָט נישט דורכ־געלאָזן קיין קרעצעלע, קיין שטויבעלע. ער האָט געקענט אַלע ווינקעלעך פון דער מאַשין. ער האָט געפּוצט ביז די מאַשין האָט אָנגעהויבן צו בלישטשען ווי אַ שפּיגל.

ראַמאַן האָט זיך אַריינגעלעבט אין זיין אַרבעט. ער האָט ליב געהאַט זיך צו שטעלן אָן אַ זייט פון דער אויסגעפּוצטער מאַשין און זי באַטראַכטן, ווי אַ קינסטלער, ווען ער דערגרייכט זיין ציל.

ראַמאַן איז געווען נאָכגיביק, הכנעהדיק, אויף אַלץ וואָס מען האָט אים געזאָגט, האָט ראַמאַן געהאַט איין ענטפער, "יע דאָקטאָר, שוין באַלד...". אַלע זענען ביי ראַמאַנען געווען דאָקטוירים. ער האָט געהאַלטן אין איין טראָגן דעם עמער וואַסער פון איין מאַשין צו דער צווייטער, און די הענט און דער גאַנצער גוף האָבן שוין געאַרבעט ווי עלעקטרישע טיילן פון אַן אויטאָמאַט און געפּוצט, געפּוצט ביז צו שפּיגל־שיין.

ראַמאַנס האָפענונג, זיין חלום איז געווען צו האָבן אַן אייגענע מאַשין, זאָל זיין אַן אַלטע, זיין מאַשין וועט בליאַסקען שטענדיק ווי אַ נייע. זיין אַ שאָפער, זיצן ביים רעדל און פירן פּאַסאַזשירן.

טראַכטנדיק אַזוי, וואָס ער וואָלט געוואָלט דערגרייכן און וואַשנדיק שוין די לעצטע מאַשין, האָט ער איין מאָל דערפילט אַ קילקייט איבער זיין פאַרשוויצטן לייב, איבער זיין צעפלאַמטן הייסן פּנים, ווי זיי וואָלטן אַרונטערגעפאַלן אונטער אַ שטאַרקן שאָטן. ער האָט גאָר נישט באַמערקט, ווי פון דער העלער הויט האָבן זיך געגעבן אַ טראָג אָן וואָלקנס איבערן הימל, פאַרדעקנדיק אַלץ מער און מער דעם הייסן ליכטיקן פאַרנאַכט.

זיינע הענט האָבן זיך ווייטער געוועלגערט אין דער צעריסענער גאַמוזע איבער דער ברוינער מאַשין, זי געגלעט און געטריקנט.

ס'האָט אָנגעהויבן טרושן אַ רעגן און באַדעקן מיט וואַסער־פינטעלעך די פאַרב... ראַמאַן האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל און די ליפּן האָבן געמורמלט: "דער טייוול האָט צוגענומען די זון".

די כמאַרעס האָבן זיך צונויפגעדריקט איבער דער פלאַסאַלעטע און ווי דורך אַ זיפּ אויסגעליידיקט זייער וואַסער איבער די מאַשינען, איבער דער פּראַצע פון מאַשין־וואַשער. ראַמאַן איז געשטאַנען אויסגעווייקט פון רעגן אין שווייס פון הייסן טאָג. ס'האָט אים ווינציק געאַרט, וואָס ס'גיסט איבער זיין לייב. זיין האַרץ האָט זיך געווייקט אין בלוט פון צער און פאַרדרוס, וואָס ס'גיסט אויף די מאַ־שינען, "צום טייוול!", האָט ער מיט ביטערניש געטראַכט, "די הייסע זון און קאַלטע רעגנס — אַלץ ניט צו דער צייט...".

ראַמאַן האָט אויפגעהויבן זיינע פאַרגאַסענע אויגן. די גלאַנציקע מאַשינען האָבן אויסגעקוקט ווי צעשויבערטע הינט. ער וויל זיך טרייסטן, ער וויל זיך אַליין

עפּעס זאָגן וואָס זאָל אים פאַרלייכטערן... אָבער דער צער שטיקט אים אין האַלדז: "אַ גאָט, צי בין איך אַזוי זינדיק...". ס'מישן זיך אויס זיינע טרערן מיטן שווייס און רעגן־טראָפּנס אין סם פון אַ שווערן לעבן.

## 2. אַן לשון

מיר זענען אַרויסגעפאָרן קיין אַמעריקע, נאָך פיר־און־דרייסיק שווערע יאָר אין קובאַ, ביז מען האָט עפּעס דערגרייכט. אומגעשטערט האָט מען דערלויבט מיר אַרויספירן בלויז אַ קאָפּ מיט לאַנגע האָר... מיין ווייב האָט מיר אָנגעהויבן צו מוסרן: "דו גייסט זוכן אַרבעט מיט אַזאַ קוטשמע, — ווער וועט דיר אַריינלאָזן אין אַ געשעפט, דו קענסט דאָך נישט קיין אַנדער אַרבעט...".

אין יענע יאָרן האָט מען נאָך קיין לאַנגע האָר נישט געטראָגן. די היפּיס זענען נאָך נישט געווען אין דער מאָדע. איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אָפּשערן זיך... ווי נאָר כ'פלעג דערזען די פּרייזן פאַר אָפּשערן זיך, צוויי דאָלער און נאָך מער, פלעג איך אַראָפּלאָזן די אויגן און זיך מאַכן נישט וויסנדיק.

ווי קען איך זיך דערלויבן אויסגעבן צוויי דאָלער אויף אָפּשערן זיך אַז איך האָב נאָך קיין איין סענט נישט פאַרדינט אין דעם נייעם לאַנד.

איין מאָל אַרויסגייענדיק פון דער אונטערערדישער באַן, האָב איך דערזען אַז אין דער שערעריי אויף די טרעפּ פון סאַבוויי (אונטערערדישער באַן) שערט מען פאַר פינף און זיבעציק סענט. איך האָב אַ טאָפּ געטאָן אין קעשענע צי איך האָב גענוג צום באַצאָלן און בין אַריין.

איך האָב אָבער באַלד געקראָגן חרטה, ס'האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אַ גע־דאַנק אין קאָפּ, "ס'קען נישט זיין, דו האָסט נישט ריכטיק דורכגעלייענט.

אַ רייע שטולן שטייען אין דער לענג פון לאַנגן סאַלאָן, כמעט אַלע פאַר־נומען. ס'איז מיר געוואָרן אויפּפאַלעגד, "ס'קען נישט זיין, פינף און זיבעציק סענט און אַזוי פיל שערער...". איך וויל אויסטאָן מיין אַלטן ענגן מאַנטל, ס'קומט צו אַ מאַן, גאַנץ איידל און גיט אים אַ כאַפּ אָן פאַר די קליאַפּעס, ער וועט מיר העלפן, ס'איז מיר געוואָרן ענג אויפן האַרצן... איך וויל אים זאָגן אַז איך קען אַליין. כ'האָב נישט די ווערטער און ער ציט דערווייל אַראָפּ מיין מאַנטל און הענגט אים אויף אויף אַ הענגער.

איך דריי אויס דעם קאָפּ, ס'שטייט לעבן מיר אַ צווייטער. ער פאַרנייגט זיך און ווייזט מיר מיטן האַנט דעם שטול ווו איך דאַרף זיצן. "וואָס וועט דאָ זיין?" טראַכט איך, "דאָס אַלץ קאָסט פינף און זיבעציק סענט?" אָבער איך זיץ שוין אויפן שטול. דער שערער גיט מיך עפּעס אַ פרעג ווידער אויף ענגליש — אָבער איך פאַרשטיי נישט אַ וואָרט...

ער וואָרט איך זאָל ענטפערן... ער פרעגט מיך געוויס צי איך וויל זיך אָפּ־שערן... וואָס פאַר אַ פראַגע, יעס! האָב איך אים געענטפערט דעם איינציקן וואָרט וואָס איך וויס.

מיין שערער גיט אַ הייב אויף ביידע הענט, אין איינער האַלט ער אַ שערל,

אין דער צווייטער אַ שער־מאַשינקע. איך זע ביידע כלים אין גלאַטן שפּיגל. ער רעדט צו מיר, נאָר איך ווייס ניט וואָס ער מיינט. דער שערער וואַרט אַ מינוט, קוקט אָן מיין נאַרישן פּנים אין שפּיגל, גיט אַ וואָרף די שערל אויף דער פּאַליצע און מיט אַ ביסל רוגזה גיט ער אַ פּאָר אַריין מיט דער מאַשינקע אין מיינע לאַנגע האָר ווי אַ צעלאָזענע חיה...

איך זיץ און שווייג, און כאָטש ס׳איז קאַלט אין דרויסן און קאַלט אויפן האַרצן גיסט זיך פון מיר שווייס. דער שערער שיט אויף מיר פּודער.

מיין איינציקע האָפענונג, אַז ס׳וועט זיך באַלד ענדיקן...

אַז דער שערער האָט מיך שוין אַרומגעטשעשעט הינטן און ביי די זייטן און איך האָב דערזען אַז איך בין נישט איך, אַז ער האָט מיר איבערגעביטן מיין גאַנצן אויסזען און געלאָזן אַ קאָפּ ווי אַן אָפּגעשיילטן עפּל, איז מיר געוואָרן גוט ביטער אויפן האַרצן.

פּלוצלונג גיט זיך דער שערער אַ רוק צו צו מיר גאָר נאָענט און גיט מיך ווידער אַ פרעג עפּעס אויפן קול אין אויער אַריין — ער איז געווען זיכער אַז איך בין טויב. — ס׳איז מיר דורך אַ היץ איבערן גאַנצן קערפּער, איך האָב געטראַכט, אַז ער ענדיקט שוין און דאָ אַ נייע פראַגע! וואָס מיינט ער? וואָס וויל ער ווייטער פון מיר? ״יעס!״ האָט זיך אַרויסגעריסן ביי מיר מיטן זעלבן קול ווי ער האָט גערעדט צו מיר... מיט רוגזה.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער אויפגעהויבן דעם גאָל־מעסער און געגעבן אַ שניט די רעכטע פּאה, אַז ס׳איז פון איר קיין זכר נישט געבליבן, באַלד איז ער איבערגעגאַנגען צו דער לינקער און אָפּגעטאָן דאָס זעלבע שטיקל אַרבעט, אויס פּאות...

אויפן האַרצן איז מיר געווען — איך ווינטש דאָס נישט מיינע שונאים. איך האָב שוין געוואָלט דערלעבן זיך צום באַפרייען פון ווייסן כאַלאַט וואָס האָט מיך געהאַלטן ווי געבונדן.

אַז איך האָב דערהערט אַז ער בינדט שוין אָפּ דעם קניפּל איז מיר געוואָרן אַ ביסל לייכטער. אין מיטן דערינען דערזע איך ווי עמעצער גיט מיין שערער אַ פּאַטש אין פּלייצע און טוט אַ זאָג אויף יידיש צו מיין שערער: ״ווו ביסטו נעכטן געווען, יאָלד איינער!״

איך גיב אַ שפּרונג אויף פון שטול, שטעל זיך אַוועק אין ווייסן כאַלאַט גרייט צום ממיתן — ״כלאָמאַן צום טייוול, פאַרוואָס האָסטו צו מיר נישט גע־רעדט יידיש, איך האָב דאָך דיך נישט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט, וואָס האָסטו מיך געפרעגט?״

— ״איך האָב געוואָלט וויסן צי דו ווילסט איך זאָל דיר שערן מיט דער שערל אָדער מיט דער מאַשינקע, רופט ער זיך אָן, אָבער ס׳איז דאָך שוין פאַר־פאַלן...״.

— ״וואָס נאָך האָסטו מיך געפרעגט?״

— ״צי דו ווילסט איך זאָל דיר לאָזן די באַקן־בערד לאַנג אָדער קורץ,

צעשמייכלט ער זיך — נאָר ס׳איז דאָך שוין אויך פאַרפאַלן, איך בין געווען זיכער אַז דו פאַרשטייסט מיך נישט, איך קען דאָך נישט קיין ענגליש...״.

— ״דו קענסט נישט קיין ענגליש? האָסט דאָך גערעדט צו מיר ענגליש״.

— ״ס׳איז יענער ענגליש... טוט ער אַ זיפץ. דערנאָך איז מיר איינגעפאַלן אַז אפשר ביסטו אַ טויבער...״.

— ס׳איז ביטער אָן אַ שפּראַך אין אַ ניי לאַנד.

מיר האָבן זיך אויף יידיש לשון געזעגנט ווי צוויי אַלטע פריינד.

# פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך

## אינעם ירושלימער ליטעראַטור: פאָנד א. נ. פון שמואל און רבקה הורביץ ז״ל

צו דער ערשטער סובסידיע־פאַרטיילונג פון הורביץ־פאָנד האָט זוכה געווען דער שרייבער נייער עולה פון ס״פ מאיר יעלין פאַר זיין בוך־מאַנוסקריפּט וועגן יידישן ווידערשטאַנד אין קאָוונער געטאָ א.נ. ״בלוט און וואָפן״.

די בכבודיקע סובסידיע איז אים צו־געטיילט געוואָרן אויף אַ פייערלעכער מסיבה פון דער קולטור־געזעלשאַפט אין בית־אגרון דעם 29 מאַרץ 1977.

אויפן אָוונט איז אַרויסגעטראָטן מיט לידער פון איר נייער קאָנצערט־פּראָגראַם די באַרימטע פאָלקס־זינגערין נחמה ליפשיץ, וועלכע האָט בייגעטראָגן צום גרויסן דערפאָלג פון אָט דער שיינער ליטעראַרישער אימפּרעזע.

ס׳איז כדאי צו אונטערשטרייכן, אַז די סובסידיע, וועלכע ס׳פאַרטיילט דער הור־ביץ־פאָנד, איז ביז היינטיקן טאָג די גרעסטע אויף אַרויסגעבן אַ יידיש בוך (20,000 ל״י).

חיים שמולעוויטש

# אין סאַראַטאָווער פּאָליט־איזאָלאַטאָר

מאַי 1938.

כ'זיץ שוין דעם 5טן חודש אין סאַראַטאָווער „פּאָליט־איזאָלאַטאָר". אין אַן איינצל־קאַמער זיצן מיר 6 מאַן.

גוראָוו, ערשטער סעקרעטאַר פון „ראַיקאָם, פון דער פּאַרט", איז דער „עלטסטער" תושב אין קאַמער. ער זיצט שוין מער ווי 8 חדשים און קיין איין מאָל ניט גערופן געוואָרן צו קיין אויספאַרשונג.

ער איז אַן אַלטער באַלשעוויק און טשעקיסט, באַלוינט מיט אַ לענין־מעדאַל פאַר זיין „גוטער" אַרבעט אין דער „טשעקאַ" אין דער צייט פון בירגערקריג. אין סאַראַטאָוו איז גוראָוו פאַר זיין גוטער אַרבעט באַלוינט געוואָרן נאָך מיט עטלעכע מעדאַלן. ר'איז אויפגעגעבנמען געוואָרן דורך סטאַלינען. ער באַגיטיקט די בלוטיקע רייניקונגען אין לאַנד און האַלט, אַז דער קאַמף קעגן די שונאים פון פאָלק דאַרף געפירט ווערן מיט אַן אייזערנער האַנט און יעזשאָוו איז דער ריכטיקער מענטש אויפן ריכטיקן אָרט.

ער איז זיכער, אַז ער איז דורך אַ טעות אַרעסטירט געוואָרן. דער בעסטער סימן איז, וואָס שוין באַלד 8 חדשים ווי ער זיצט און איז נאָך קיין איין מאָל ניט גערופן געוואָרן אויף קיין אויספאַרשונג.

קיסיליעוו, אַן אינזשעניר פון צפון־קאַווקאַז, אַ מיטאַרבעטער אין „אַבקאָם פון דעם פּאַרט" פון סאַראַטאָוו, זיצט אויך שוין אַן ערך 7 חדשים און ניט גערופן געוואָרן קיין איין מאָל אויף קיין אויספאַרשונג.

מעלמאַן, אַ יידישער יונגערמאַן פון סאַראַטאָוו, אַן אַרכיטעקט. ניט קיין פאַרטייער, האַלט זיך פון „דער וויטנס", נעמט ניט אָנטייל אין קיין שמועסן, איז „איינגעגראָבן" אין זיך און אַלע אין קאַמער שרעקן זיך פאַר אים. ווער ווייסט ?

צוויי סטודענטן: איינער פון מעדיצינישן אוניווערסיטעט אין סאַראַטאָוו, דער צווייטער אַ סטודענט פון אַ וועטערינאַרן אינסטיטוט ערגעץ אין אַ שטאָט אויף דער וואָלגע, און איך, הקטן, אַן אַריבערלויפער פון פוילן אין יאָר 1932. שוין געזעסן אין תפיסות און לאַגערן, וואָכן לאַנג געפאָרן אין עטאַפּן, געווען פאַרשיקט אין טאָבאָלסק, געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט און אין מאַי 1937 זיך דערשלאָגן קיין סאַראַטאָוו און געאַרבעט אין דער דאָרטיקער דרוקעריי.

שוין אין יוני 1937 האָט זיך אָנגעהויבן דער געיעג נאָך די אַריבערלויפער.

יעזשאָוו און סטאַלין, די הענקער פון צענדליקער מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן, האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו די אַלע, וואָס זענען ניט געבוירן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, צו די אַלע וואָס זענען אַ מאָל געווען אין אויסלאַנד, אָדער געשריבן בריוו צו עמעצן אין אויסלאַנד.

נאָך סטאַלינס אַ רעדע וועגן שפּיאָנען, וואָס זענען געשיקט געוואָרן דורך די אימפּעריאַליסטישע מלוכות קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט די נ.ק.וו.ד. זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט.

אין איין נאַכט זענען אַרעסטירט געוואָרן צענדליקער טויזנטער אַריבערלויפער, אָם מייסטן יידישע, אין מאַגניטאָגאָרסק, סווערדלאָווסק, ניזשני־טאַגיל, פּערוואָוראַלסק, זלאַטאָוסט, פּערם, טעוודאַ, נאַדזשנשינסק און הונדערטער

אַנדערע ערטער, ווו עס האָבן זיך גע־
פונען אַריבערלויפער פון גאַנץ אייראָפּע.
די מענער און פרויען זענען אַרעסטירט
געוואָרן און די קינדער זענען אויף אַ
ברוטאַלן אופן אַוועקגעריסן געוואָרן דורך
דער נ.ק.וו.ד. בלויז יחידים, אַם מייסטן
פרויען מיט קליינע קינדער, זענען דאָ
און דאָרט ניצול געוואָרן. אַ סך פון די
אַרעסטירטע זענען דערשאָסן געוואָרן אין
די קעלערן פון דער נ.ק.וו.ד. אַ סך זע־
נען אַרויסגעשטויסן געוואָרן דורך די
פענצטער, אַ סך זענען געוואָרן פאַר־
שיקט און אומגעקומען פון שווערער אַר־
בעט און הונגער אין די פאַרניכטונגס־
לאַגערן אין סיביר און אין אַנדערע
טיילן פון לאַנד.

די פּרעסע אין לאַנד האָט געפירט אַ
בלוט־דורשטיקע העץ־קאַמפּאַניע לויבנ־
דיק יעזשאָוון פאַר זיין גוטער אַרבעט
פאַרן פאָטערלאַנד... די יידישע פּרעסע
מיטן "עמעס" בראש האָט אויך געפירט
אַ העץ־קאַמפּאַניע קעגן די כלומרשטע
יידישע שפּיאָנען און דיווערסאַנטן.

און אָט זיץ איך שוין באַלד 5 חדשים
אין פּאָליט־איזאָלאַטאָר און פיל, אַז דאָס
מאָל וועל איך זיך שוין ניט אַרויסדרייען
און דער סוף איז נאָענט. כ'האָב מורא
צו ריידן פאַר מיינע מיטזיצער.

די פּרעסע פאָדערט, אַז די ווענט
דאַרפן האָבן אויערן, קינדער דאַרפן
מסרן זייערע עלטערן און עלטערן זיי־
ערע קינדער. מאַך איך מיט דאָס שפּיל
פון מיינע 5 מיטזיצער און לויב און
דאַנק דעם גרויסן פירער פון די פעל־
קער, דעם חבר סטאַלין, פאַרן גוטן לעבן,
וואָס ער האָט אונדז געגעבן.

מיר מוזן ריידן אין דער שטיל, און
זינגען אין דער שטיל יעדן מאָרגן אַ
לויב צו סטאַלינען — אַ ליד פון אַ קאָ־
זאַכישן פאָלקס־זינגער.

(קומט, לאָמיר זינגען אַ ליד,
וועגן סאַמע גרעסטן מענטשן
וועגן סאַמע גרעסטן און באַליבסטן,
וועגן סטאַלינען וועלן מיר זינגען אַ ליד.)
און אַזוי ווייטער.

אַלע אין קאַמער זענען זיכער, חוץ
מיר, אַז זיי זענען דורך אַ טעות איינ־
געזעצט געוואָרן און אָט־אָט ווערן מיר
באַפרייט.

גוראָוו זאָרגט זיך וועגן די פּלענער
אין "זיינע" פאַבריקן, צי זיי וועלן ווערן
אויסגעפירט.

ענדע מאַי, ווען אַלע אין קאַמער זע־
נען שוין געשמאַק געשלאָפן, האָט זיך
געעפנט די טיר און ס'איז אַריינגע־
שטופּט געוואָרן אַ מענטש. ער האָט זיך
אַראָפּגעלאָזט אויפן שטיקל פרייען פּלאַץ
ביי דער טיר, זיך פאַרשטעלט מיט די
הענט דאָס פּנים און אָנגעהויבן קרעכצן
און וויינען. יעדער פון אונדז האָט פּרו־
בירט אים אָפּצוגעבן זיין פּלאַץ. ער
האָט אויף דעם ניט רעאַגירט. ער האָט
אויף קיינעם ניט געקוקט, ניט אַרויסגע־
רעדט קיין וואָרט, נאָר אַריינגעקרעכצט
אין זיינע הענט אַריין. דער וועכטער
האָט ווי עס איז אַריינגעפּאַקט אַ 7טע
קויקע מיט אַ מאַטראַץ און באַפוילן דעם
פריש־געקומענעם אַרויפצוקריכן אויף
דער קויקע און שלאָפן...

דריי טעג האָט דער ניי געבראַכטער
אין קאַמער ניט געוואָלט עסן, געוויינט,
ניט געגאַנגען אויף שפּאַציר, זיך ניט
געוואָלט וואַשן, דערנאָך האָט ער אָנגע־
הויבן ריידן:

"אַליין אַ קוילן־גרעבער פון דאָנבאַס,
אַנטייל גענומען אין דער ערשטער רע־
וואָלוציע אין צאַרישן רוסלאַנד. אין 1905
ווערט ער מאָביליזירט אין דער צאַרי־
שער אַרמיי און אָפּגעשיקט אויף אוראַל,
ווערט געפּייניקט און דערנידעריקט. ער
דערשיסט אַן אָפיציר און ווערט פאַר־
משפט צום טויט. ס'הייבט זיך אָן אַ
פּראָטעסט־כוואַליע איבערן לאַנד און אין
אויסלאַנד. די גרעסטע פּערזענלעכקייטן
אין לאַנד און אויסלאַנד שרייבן ביטעס
צום צאַר און בעטן באַגנעדיקונג. סוף־
כל־סוף ווערט דער טויט־אורטייל פאַר־
ביטן אויף אייביקע קאַטאָרגע.

אויף קאַטאָרגע באַקענט ער זיך מיט

די גרינדער פון דער באַלשעוויסטישער פּאַרטיי. ער טרעט אַריין אין דער פּאַרטיי און באַקומט די פּאַרטיי־קאַרטע נומער 6 אָדער 7.

נאָך דער פעווראַל־רעוואָלוציע ווערט ער באַפרייט, קומט קיין פּעטראָגראַד, ווערט אויפגענומען מיט פּאַראַד, ווערט אַ מקורב פון לענינען, נעמט אָנטייל אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אין בירגער־קריג, נאָכן בירגער־קריג שיקט מען אים לערנען און צום סוף ווערט ער הויפּט־אַרביטער אין סאַראַטאָווער אָבלאַסט.

ער איז אַ נאָענטער חבר מיטן נאַטשאַלניק פון דער נ.ק.וו.ד. פון סאַראַטאָווער אָבלאַסט, סטראָמין (דערשאָסן געוואָרן ענדע 1938 אַלס דייטשער שפּיאָן).

מיט 4 טעג צוריק איז סטראָמין, ווי געוויינלעך געקומען צו אים צו גאַסט, זיי האָבן צוזאַמען געשיכורט, און סטראָמין האָט אים ווי שטענדיק פאַרבעטן אין דער נ.ק.וו.ד., בכדי אים צו ווייזן אַ שטרענג־געהיימען דאָקומענט, וואָס איז ערשט אָנגעקומען פון מאָסקווע אונטערגעשריבן דורך סטאַלינען און מאָלאָטאָוון.

ער האָט גאָרניט חושד געווען, ווייל אַזוי האָט זיך סטראָמין געפירט.

סטראָמין האָט אים אַריינגעפירט אין זיין קאַבינעט און אַרויס. אין דער טיר האָבן זיך באַוויזן עטלעכע יונגען מיט שטעקנס און אים גענומען שלאָגן איבערן קאָפּ און איבערן גאַנצן קערפּער.

ער האָט פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין. מ'האָט אויף אים געגאָסן עמערס קאַלט וואַסער, ער האָט געעפנט די אויגן, איינער האָט אַ רעווע געטאָן: וועסט אונטערשרייבן. ווען ער האָט באַלד ניט געענטפערט, האָבן די יונגען זיך ווידער אַ לאָז געטאָן מיט די שטעקנס איבער זיין לייב. אויפגעכאַפּט האָט ער זיך אין תפיסה־שפּיטאָל. אַן אויספּאָרשער, אַ יונגער חברה־מאַן האָט אים מיט אַ שמייכל מודיע געווען, אַז ער האָט שוין אונטערגעשריבן... נאָכן אָפּזיין עטלעכע טעג אין שפּיטאָל האָט מען אים אַריינגעוואָרפן אין אונדזער קאַמער.

די סיבה: זיין פּאַרטיי־בילעט האָט אַ קלענערן נומער פון סטאַלינס.

די "יום־טובדיקע" שטימונג אין קאַמער איז פאַרשוווּנדן. יעדער האָט דערפילט, אַז דער סוף איז נאָענט.

גוראַוו האָט באַשלאָסן ניט צו שטעלן קיין ווידערשטאַנד. ער וועט אונטערשרייבן אַלץ, וואָס מען וועט פון אים פאַרלאַנגען. אפשר וועט ער מיט דעם ראַטעווען זיין פאַמיליע.

מעלמאַן איז געוואָרן מעלאַנכאָליש, ניט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט, געקוקט אין איין פּונקט און געציטערט. קיסיליעוו, דער מיטגליד פון "אַבקאָם", האָט באַשלאָסן, אַז אפילו מ'וועט פון אים שינדן די הויט און שניידן אבר נאָך אבר, וועט ער ניט אונטערשרייבן.

די 2 סטודענטן האָבן באַשלאָסן ניט צו שטעלן קיין ווידערשטאַנד און באַלד אונטערשרייבן אַלץ, וואָס די נ.ק.וו.ד. וועט נאָר וועלן.

איך האָב גאָרניט באַשלאָסן, כ'האָב נאָר געבעטן, וואָס שנעלער איבערצוקומען דעם קאַשמאַר און זיך געזעגנט אין געדאַנק מיט מיין פרוי און קינד, וואָס זענען נאָך אפשר אויף דער פריי און אפשר געפינען זיי זיך שוין ערגעץ אין אַ פאַרניכטונגס־לאַגער, ווו צענדליקער מיליאָנען מענטשן ווערן דורך הונגער, שווערער אַרבעט און דערנידערונג פאַרמשפּט צו אַ לאַנגזאַמען טויט.

זלמן הירשפעלד

# אַ פֿאָרשטעלונג אַזאַ

## פֿון דער סעריע טעאַטראַלע עפּיזאָדן

דאָס איז געווען מיט אַ יאָר 5, 6 צו־ריק, אין איינעם פֿון די יאָרן, צווישן דער זעקסטאָגיקער און דער יום־כּפּור מלחמה, אין אַ צייט פֿון נישט שלום און נישט מלחמה.

איך האָב אין יענעם יאָר געשפּילט מיט אַ גרופּע אַרטיסטן פֿון געוועזענעם "תיאטרון זוית", אין אַ פֿאָרשטעלונג, אַ סצענישער מאָנטאַזש פֿון טשעכאָווס אַכט קורצע דערציילונגען אונטערן נאָמען "שלכם באהבה — אַנטאָן פּבלוביץ'".

די פֿאָרשטעלונג האָבן מיר יענעם יאָר געשפּילט ביי די 300 מאָל בכל רחבי הארץ — איבערן גאַנצן לאַנד, אין שטעט און שטעטלעך, קיבוצים און מושבים פֿון רמת־הגולן ביז סאַמע שאַרם־אַ־שייך, ווי אויך אין לאָקאַל פֿון דעמלטיקן צוותא־קעלער אויף רחוב מאַפּו.

איין אָוונט האָבן מיר געשפּילט אין דער ערבה, אין דעם שפּאָגל־נייעם, נאָר וואָס אויפֿגעשטעלטן מושב עין יהב, האַרט ביי דער ירדנישער גרענעץ.

געקומען זענען מיר פֿאַרנאַכט און מיר האָבן צייט געהאַט צו באַקוקן די נייע שטיבער — פֿרישע, ליכטיקע היי־מען, די אויסגעפּלאַסטערטע טראָטואַרן, די אַלייע פֿון די ניי פֿאַרפּלאַנצטע פּאַל־מען־ביימער, דעם גאַנצן אויפֿגעבויטן מאָדערנעם משק — און דער עיקר, צו באַוווּנדערן די ליכטיקע, לוטערע קינ־דערלעך, קיין עין הרע, וואָס זענען דאָ האָפֿערדיק אַרומגעפֿלויגן — ביי זיך אין דער היים.

מ'האָט אונדז פֿריינדלעך פֿאַרבעטן אויף אַ טיי מיט צובייסן אין איינער אַ היים, ווו מיר האָבן באַוווּנדערט די פּראַקטישע מעבלירונג און באַלייכטונג, אַלע מאָדערן־טעכנישע איינריכטונגען, ווי איר־קאָנדישן, ראַדיאָ און טעלעוויזיע און דער עיקר דעם אייגנאַרטיקן מקלט, וואָס געפֿינט זיך אין דער סאַמע דירה: מען הייבט אויף די סאָפֿע און עס באַ־ווייזן זיך באַלויכטענע, באַקוועמע טרעפּ אַראָפּצוגיין אין דעם שיינעם, באַקוועמען מקלט — הלוואי מ'זאָל אים נישט באַ־דאַרפֿן.

געשפּילט האָבן מיר אין דעם נאָר וואָס אויסגעענדיקטן בית־תרבות אויף אַ גאָר לייטישער בינע.

אין זאַל זענען געזעסן ביי די 200 צו־שויער אנשים, נשים וטף וביניהם אַ צענדליק חיילים, באַוואָפֿנטע אין פֿולער אַמוניציע, גרייטע על כל צרה שלא תבוא.

די פֿאָרשטעלונג איז אָנגעגאַנגען גע־מיטלעך אין אַ וואַרעמער אַטמאָספֿער; דער עולם האָט אויפֿמערקזאַם רעאַגירט אויף יעדער פֿראַזע, אויף יעדער תנועה און העוויה אונדזערע, האַרציק געלאַכט און אַפּלאָדירט סצענע נאָך סצענע — אַלץ בסדר גמור.

מיט אַ מאָל אין מיטן שפּילן באַמערקן מיר אין אולם עפּעס אַן אומרויִקע באַ־וועגונג, און הגם דער שוישפּילער טאָר נישט קוקן אין פּובליקום, האָבן מיר דאָך, ווי מע זאָגט, כלאחר עין, דערזען, אַז עס איז אַריינגעלאָפֿן הענדום־פּענדום

אין זאַל אַ סאָלדאַט, עפּעס אַ שעפּטשע געטון און תיכּף האָבן זיך אַלע סאָלדאַטן אויפגעהויבן און שטיל אַרויסגעלאָפן פון זאַל — אָן סימנים פון פּאַניק. מיר שפּילן ווייטער, אָבער דער עולם, פילן מיר, איז שוין נישט מיט אונדז... מע דרייט זיך אויף די בענקלעך, מע הייבט זיך אויף, מע זעצט זיך צוריק, מע שושקעט זיך... מיר זעען, אַז דער עולם הערט אונדז שוין נישט און זעט אונדז שוין נישט; די עלעקטריע ווערט אויסגעלאָשן, דאָ און דאָרט רייבט מען שוועבעלעך, עמיץ צינדט אָן אַ פּאָר ליכט און מע רוקט זיך שטיל אַרויס פון זאַל; מיר — דערשראָקענע — הערן אויף צו שפּילן און באַלד קומען אַרויף אויף דער בינע אַ פּאָר מענטשן, מע נעמט אָן יעדן פון אונדז פאַר דער האַנט און מע פירט אונדז רויק אַראָפּ אונטן, אין קעלער, אין מקלט פונעם זאַל.

דאָרטן זיצט שוין דער גאַנצער עולם גרויס און קליין, באַ זיי איז עס שוין נישט קיין נאָווינע, און זיי באַרויקן אונדז: אין דבר, מחבלים דרייען זיך דאָ ערגעץ אַרום, מ'עט זיי באַלד פאַרטרייבן אָדער כאַפּן...

אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט אין קעלער אַ שעה 2, 3, געזונגען, געשמועסט, זיך דערציילט וויצן, ביז מ'האָט ווידער אָנגעצונדן די עלעקטריע — ליהודים היתה אורה — די סכנה איז שוין פאַרביי; ס'איז אָנגעקומען די ידיעה אַז אונדזערע חיילים, אַ פּאַטרול־גרופּע, וועלכע איז געוועזן סטאַציאָנירט אין דעם מושב, האָבן שוין די מחבלים פאַרטריבן און איין "העכט" געפּאַקט געפאַנגען; די פּאַטרול קומט באַלד צוריק בשלום. דער עולם האָט זיך ווידער אויסגעזעצט אין זאַל, מיר זענען צוריק אַרויף אויף דער בינע און פאַרענדיקט די איבערגעריסענע פאַרשטעלונג, ווי קיין מאָל גאָרנישט.

ס'איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט, אָבער די מושבניקעס האָבן אונדז בשום אופן נישט געלאָזט אַהיימפאָרן — מיר האָבן געמוזט איבערוואַרטן ביז דער פּאַטרול אונדזערער וועט צוריקקומען; אַזוי זענען מיר געזעסן שבת אחים אַ קנאַפּע שעה, ביז דער פּאַטרול, נאָך דער אַקציע איז צוריק געקומען און זיי האָבן אונדז אַרויסבאַגלייט מיט 2 דזשיפּן מל־פנינו ומאחורינו, איינער פאַר אונדז און איינער הינטער אונדז; זיי האָבן אונדז צוגעפירט ביזן צומת סדום ווו עס איז שוין מחוץ לסכנה ושלום על ישראל.

אַזוי האָבן מיר אָפּגעשפּילט אַ קאָלעקטיוון ספּעקטאַקל, די שוישפּילער צוזאַמען מיטן עולם.



יעווגעני אַבעגגאַוז   אדם און ז

# שרייבער און ווערק.

**דוד ספאַרד**

## פאַרצייכענונגען

### די לידער פון יחיאל האָפער

דורך קלאָרקייט און פשטות אַנטפּלעקט אונדז די דיכטונג די שיינקייט פון לעבן און פון דער נאַטור, די פריידיקע און אומעטיקע איבערלעבונגען פון מענטש, די פאַרפלאָנטערטע צושטאַנדן פון דער מענטשלעכער נשמה. טונקלקייט איז אָפט אַ פאַראַוואַנט פאַר פוסטקייט, פאַר שאַפן דעם איינדרוק פון געהיימניס־פולע אינהאַלטן אין אַ ליידיקייט.

אָבער אויך קלאָרקייטן זענען פאַראַן פאַרשידענע. פאַראַן אַ קלאָרקייט פון פלאַכע שטחים און אַ קלאָרקייט פון באַרג־שפּיצן, פון וועלכע מען זעט דייטלעך די זיך שלענגלדיקע סטעזשקעס, די פאַרהוילענע טאָלן און תהומען און די באַוואַקסענע און נאַקעטע שיפּועים.

די לידער פון יחיאל האָפער אין זיין לעצט־דערשינענעם בוך ״לידער פון שפּיטאָל און לידער פון דער נאַכט״ פאַרמאָגן אין זיך אַזאַ באַרגיקע קלאָרקייט. שוין דער טייל פון בוך, וואָס טראָגט דעם נאָמען ״לידער פון דער נאַכט״, וועלכע האָפער האָט אָנגעשריבן נאָך מיט יאָרן צוריק, דריקן אויס מיט אַ סך פשטות טיפע איבערלעבונגען, שוין זיי פאַרמאָגן אַ תפילהדיקע עכטקייט און אַ דערהויבנקייט פון דורכגעלייטערטן טרויער און שוין זיי זענען פול מיט אַן אייגנאַרטיקער בילדלעכקייט, וואָס איז אייגנטלעך געוואָרן דאָס נאַטירלעכע דיכטערישע לשון פון יחיאל האָפער ביים אויסדריקן דאָס גרויסע אומגליק, וואָס האָט געטראָפן זיין פאָלק און אים גופא:

יעדן חצות
בלייבט שטיין די נאַכט
פאַרגליווערט,
ווי אַ מצבה
פון שוואַרצן גראַניט —
מיט זילבערנע אותיות
פון שטערן —
דער הימלשער שריפט.

אָדער:

מ׳קאָן מיט איין יידישער נאַכט
פאַרשאָטענען גאַנץ פּאַריז,
ס׳גייט איבער די גאַסן פון דער וועלט —
אַ געשאָכטענער ייד —
אַ ריז.

צי:

די נאַכט אָן גאָט
איז ווי אַ געשטאָרבן האַרץ,
וואָס קלאַפּט שוין מער נישט
פאַר קיינעם.

אין די "לידער פון שפּיטאָל" דערגייט די דאָזיקע בילדלעכקייט צו דער מדרגה פון גרויסער עקספּרעסיע אין אויסדריקן טיפן מענטשלעכן ווייטיק, נאָר אויסגעלייטערטן אין נאָבעלער מחשבה. דער דיכטער איז דורכגעדרונגען מיט אַ ליידנשאַפטלעכן באַגער צו לעבן, אָבער גלייכצייטיק אויך מיט אַן איידעלער ווירדיקער סטאָישקייט. דאָס גיט צו זיין דיכטונג דעם אויסדרוק פון טיפער מענטשלעכער טראַגיק, פאַרוואַנדלט זי אין אַ געזאַנג פון צער און דערהויבנקייט וואָס רירט אונדז מיט זיין אוממיטלבאַרקייט, אומבאַהאָלפנקייט און מיט דער לויטערקייט פון אַ קוואַל, וועלכער אַרויספּליסנדיק פון טיפע אונטערערדישע שיכטן, שפּיגלט אָפּ גלייכצייטיק דעם בלאָען הימל און דעם גרינעם אַרום. יעדעס ליד אין דעם געזאַנג איז אַ רוף ממעמקים, נאָר קינסטלעריש באַהערשט און אויס־געדריקט מיט אַ בילדלעכער שפּראַך, וועלכע פאַרמאָגט אין זיך אַ באַגינענדיק ליכט, וואָס שטרייכט נאָך אונטער זיין אינערלעכן אומעט.

דערגרייכן אַזאַ לויטערקייט פון געדאַנק, אַזאַ עכטקייט פון געפיל און אַזאַ קלאָרקייט פון בילד אין דעם פיזישן צושטאַנד, אין וועלכן דער דיכטער האָט זיך געפונען, געהער צו דער ספערע פון אומבאַוווסטן, אָדער פון יענער וווּנדער־לעכער מענטשלעכער אייגנשאַפט, וועלכע מיר רופן טאַלאַנט און וועלכע מיר קאָנען באַוווּנדערן, אָבער נישט פאַרשטיין.

## שלמה רויטמאַן

די גורמים, וועלכע סטימולירן פאַרשידענע קינסטלער צו שאַפן, די באַציונג פון די קינסטלער צום סיוזשעט, ווי אויך די מיטלען און מעטאָדן, וועלכע פאַר־וואַנדלען דעם סיוזשעט אין אַ קינסטלערישן אָביעקט, זענען ביי יעדן קינסטלער אַנדערע. אויך ביי איינעם און דעם זעלבן קינסטלער וואַריאירן די דאַזיקע מאָ־מענטן אין הסכם מיט דער צייט, מיט דער סביבה, מיט די באַדינגונגען און שטי־מונגען. נישט מער, וואָס ביי איינעם און דעם זעלבן קינסטלער זענען אין דעם וואַריאירן פאַראַן תמיד אויך מאָמענטן סטאַבילע, וועלכע ענדערן זיך נישט לגמרי, אָדער זיי ענדערן זיך יאָ, נאָר זייער זעלטן און זייער ווייניק, און דאָס אויך אין רעזולטאַט פון גאָר וויכטיקע סיבות.

איינע פון די דאַזיקע סטאַבילע מאָמענטן איז די טעמפּעראַטור פון קינסט־לערס שאַפן.

פאַראַן אַ גרויסע גאַמע פון שעפערישע טעמפּעראַטורן, אָבער זיי לאָזן זיך איינטיילן אין דריי הויפּט־קאַטעגאָריעס:

קילע מלכתחילה, וועלכע דערמעגלעכן דעם קינסטלער צו זיין די גאַנצע צייט פון זיין שאַפן ניכטער און באַדאַכט און נישט אויסלאָזן פון אויג דעם מינ־דעסטן פּרט, ווי אויך די מיטלען זיי צו באַהעפטן און געשטאַלטיקן אין איין גאַנצקייט.

אַ הייסע טעמפּעראַטור ביי דער ערשטער באַרירונג מיטן סיוזשעט, נאָר אַלץ מער און אַריינגייענדיקע אין זיך אין פּראָצעס פון דער קינסטלערישער פאַרווירקלעכונג, וואָס דערמעגלעכט אויספאַרמירן די פּרטים מיט יישוב־הדעת, איינהיטנדיק גלייכצייטיק אין דער טיף די וואַרעמקייט, וועלכע גיט זיך איבער אין יעדער עכטער קונסט אויך דעם געניסער.

און אויך אַזאַ טעמפּעראַטור, וואָס פון דער ערשטער באַרירונג מיטן סיוזשעט ביז זיין ענדגילטיקער קינסטלערישער פאַרווירקלעכונג שטייט דער קינסטלער אין פלאַמען און ער צינדט אָן, פּראָפּאָרציאָנעל צו זיין קינסטלערישער קראַפט, סיי זיין ווערק, סיי זיין געניסער.

פאַרשטייט זיך, אַז יעדע איינע פון די קאַטעגאָריעס פאַרמאָגט צענדליקער וואַריאַנטן, אָפּהענגיק פון די פאַרשידענע אַנדערע אייגנשאַפטן פון קינסטלער, ווי אויך פון דרויסנדיקע סיבות, און די דאַזיקע וואַריאַנטן שאַפן עס די שייד־ליניעס צווישן איין קינסטלער און צווייטן. דאַסגלייכן איז אין יעדער קאַטע־גאָריע פאַראַן פאַרשידענע מדרגות פון קינסטלער. די טעמפּעראַטור איז בלויז די פאַרב פון ווערק, נישט זיין איכות.

שלמה רויטמאַן געהערט צו דער דריטער קאַטעגאָריע. זיין ליד, ווי ער זאָגט אַליין "איז דורכגעגאַנגען דורך פייער, און פעלדזן, און ים". עס "קלינגען אין דעם די ביימער"; "פונעם פויגל פאַלן אָפּ די שטילקייטן ווי קייטן"; "דער טראָפּן ציטערט, ווייל ער וויל נישט זיין בלויז אַן אויערינגל ביים בלאַט"; דאָס שניידער־

ליד "פארנייט א הארץ, וואס האט צעריסן זיך אויף צווייען"; און "דאס הארץ שיסט אויס פון פרייד א בלוטיק געוויין".

שלמה רויטמאנס בילדער און מעטאפארן בליצן אויף אוממיטלבאר און אומ־געריכט און אין אן אויסטערלישער תמימותדיקער קלארקייט, ווי אין א תנ"כישן באגינען. זיין ליד איז פארכליניעט מיט לעבנספרייד, מיט שאפונגס־פרייד, מיט אומאויפהערלעכער פארבענקטקייט און פארליבטקייט, וועלכע פארוואנדלען אלץ וואס עקזיסטירט אין א יום־טובדיקער שירה:

ניטשט קיין פויגל, ברידערלעך,
איז ארויס פון שטייגל,
ס'הענגט דאס ליבע־לידעלע
אויף א טייער צווייגל.

אדער:

די שניידערלעך מיט זינגענדיקע זארגן
נייען דאס בלויע בגדל פאר דעם פרימארגן
און לייגן אויף דעם א קאלנער זילבער־אשיק,
געמאכט פון ווייכע וואלקנדלעך, ווי פון בארשעק.

דעם טעפערס קול "הייבט אן אין פורעמס זינגען", "ס'וואלט די וועלט אן בעקערל געגרויט", "אין גלעקל איז די וועלט א היימלעכע און געהיימע", די הוידעלקע איז צוגעבונדן נישט צו דעם באלקן, נאר צום קינדערשן טרוים און זי פארוואנדלט די גאנצע וועלט אין א פויגל, וואס זיין קאפ איז יענץ בערגל, זיין שנאבל דער טייך, די פליגלען — די לאנקעס, וואס מיניען זיך רייך". אין דימענט זיצט "ווי אין א שלאס, געשליפן פון קרישטאל, אליין די שיינע בת־מלכה, געפאנגען פון אמאל". און "דער טראמפייט הייבט אליין אן צו שפילן, ווען דער טראמפייטער הויכט אויס זיין זעל, און מיט דעם מייסטערס קול די וועלט דערפרייט ער".

די דיכטונג פון שלמה רויטמאן איז פשוט און גלייכצייטיק ראפינירט, אירע שורות זענען ווי לאווע־שטראמעלעך, וועלכע האלטן אין די אורשפרינגלעכע היץ, נאר אונטער זייער שטורעמדיק געמיט ריזלט א דיסקרעטער טרויער, וועל־כער איז דער אייביקער באגלייטער פון שיינקייט, ליבע און נאבעלער פרייד. זי איז אריגינעל און ערשטיק נישט בלויז מיט איר בילדלעכקייט, מיט איר נוסח און לשון, נאר אויך מיט איר טעמאטיק. אזעלכע זענען די לידער "דער פויגל", "וואס אין פידעלע שטעקט", "דער מייסטער פון פייפעלעך", "דאס לידעלע אויף דעם צווייגל", "דער פארכישופטער טראמפייט", "דער פארגעסענער קלאנג", "בעל־מלאכהשער קאנט", "מיין טאטנס צוואה", "דער טעפער", "דאס ווארט פון א בעקערל", "דאס קעלבעלע מיט דעם גלעקל" און... כ'וואלט אזוי געקאנט אויסרעכענען א האלבן אינהאלט פון בוך און אפשר נאך מער. דערביי דארף מען נישט פארגעסן, אז קיין שום טעמע איז נישט אריגינעל אן און פאר זיך. זי ווערט אריגינעל נאר דורך דער פריזמע פון קינסטלער.

אינטערעסאַנט זענען שלמה רויטמאַנס ישׂראל-לידער, וועלכע זענען ווי ביי רוב געקומענע פּאָעטן פֿון לענדער, וווּ ישׂראל איז לאַנגע יאָרן געווען אַ נישט דערגרייכבאַרער חלום, פֿול מיט התלהבֿות, וועלכע טראָגט אין זיך די סכּנה צו פֿאַרשטעלן מיט זיך די עכטקייט פֿון ליד. אָבער רויטמאַנס ליד איז געשיצט פֿון צוויי גוטע שומרים — פֿון אויפֿריכטיקייט און פֿאַלקסטימלעכקייט, וועלכע פֿאַרקערעווען אין פֿיל פֿאַלן דעם פּאַטאָס אויפֿן וועג פֿון טיפֿער פֿריידיקער דער־קענטעניש, אין וועלכער ישׂראל איז פֿאַרן דיכטער "ווי יענער ערשטער אָטעם, ווען מע ווייסט אַליין נאָך ניט ווי ער איז טייער", איז פֿאַר אים "פֿון אַזאַ מין זון געוועבט — ווי גלייך אַ בריוועלע דער מאַמעס" און "מיט היים סע רעגנט אויף אים דער ערשטער רעגן-שפּריץ און עס שפּילט פֿאַר אים די ערשטע רעגן־סטרונע".

צו די לידער פֿון שלמה רויטמאַן קאָן מען נישט בלייבן נייטראַל, גלייכ־גילטיק. זיי שטראַלן אויס פֿון זיך אַ הייסע ליידנשאַפֿט, פֿאַרשיכורטע בענק־שאַפֿט און אַ גרויסע ליבשאַפֿט צום מענטש. און זיי אַלע זענען אָנשטעקנדיק, ווי יעדעס עכט געפֿיל, וואָס איז נאַטירלעך אָריגינעל און דאַרף נישט אָנקומען צו קיין שום קינסטלעכע מיטלען.

## חיים מאַלטינסקי

פֿאַראַן קינסטלער באַרג-גייער, פֿאַראַן טאָל-גייער און פֿאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס האַלטן זיך שטענדיק אויף אַ גלייכן שטח. יעדער איינער פֿון די דריי דרכים פֿאַרמאָגט פֿיל וואַריאַנטן. מען קאָן גיין אין הויכע בערג און פּרוּוון זיך דער־שלאָגן צו די העכסטע שפּיצן. מען קאָן וואַנדערן אויף מיטעלע הויכקייטן און דערמיט זיך באַגנוגענען. מען קאָן וואָגן זיך דערגרונטעווען צו די טיפֿסטע תּהומען, אָדער בלויז אַרומשפּאַצירן אויף נידעריקע פֿלאַכן. דעסגלייכן קאָן מען שפּאַנען אויף גלייכע שטחים מיטן הויפּט-שליאַך און מע קאָן אויך בלאָנדזשען אויף זייטיקע וועגן און שטעגן, אָדער גאָר אויף אומוועגן. און דאָס זענען בלויז אַ פּאָר וואַריאַנטן פֿון צענדליקער מעגלעכע.

די דריי דרכים האָבן אויך נישט קיין דירעקטע שייכות צו דער גרייס פֿון טאַלאַנט. אַזעלכע אָדער אַנדערע אינטעלעקטועלע, צי עמאָציאָנעלע נייגונגען פֿון קינסטלער צו פֿאַסירונגען און דערשיינונגען — געוויינלעכע אָדער אויסער־געוויינלעכע, טאָג-טעגלעכע אָדער זעלטענע — באַשטימען בלויז די טעמע פֿון קינסטלער, אָבער נישט איר קינסטלערישע ווערט.

אין אַ געוויסער מאָס איז אַפֿילו די גאַנצע אויבנדערמאָנטע איינטיילונג באַ־דינגלעך. אין דער פּראַקטיק זענען אָפֿט די אַלע דריי דרכים דורכגעפֿלאָכטן ביי איינעם און דעם זעלבן קינסטלער. נישט מער, איינער פֿון די דרכים נעמט שטענ־דיק די אויבערהאַנט און לייגט זיין חותם אויף דעם געזאַמטן שאַפֿן פֿון קינסט־לער. דעריבער קאָן די איינטיילונג דינען ווי אַ באַשטימטע אָריענטאַציע.

חיים מאַלטינסקי קלעטערט נישט אויף קיין בערג, רייסט זיך נישט צו קיין

שפּיצן, פּרוּווט נישט אַנטדעקן מה למעלה און מה למטה, גריבלט זיך אויך נישט אין די טונקעלע פּאַרפּלאָנטערטקייטן פון דער מענטשלעכער פּסיכיק. עס ציט אים נישט צו אויסערגעוויינלעכע אויסטערלישע פּאַסירונגען און דערשיינונגען. נאָר אויף דעם אומענדלעכן שטח פון לעבן, אויף וועלכן ער האָט אָנגעטראָפן נישט ווייניק פּיינען און גרוילן און אויך פריידן, איז ער נישט געגאַנגען בדרך־המלך. ער האָט אויף אים געוואַנדערט אין פאַרשידענע ריכטונגען און זיין דיכטערישע אויפמערקזאַמקייט האָבן געוועקט לאוו דווקא גרויסע און וויכטיקע געשעענישן און פּראָבלעמען, נאָר גראָד קליינע, נישט־באַמערקטע, וואָס האָבן כמעט קיין נאָמען נישט, ווי "אַ מענטש מיט אַ ווענטקע", "אַן אַלטיטשקע וואָס גייט פון מאַרק", "פּוכקע שניי", "דאָס אַנטרונען פון מולד", "אַ גאַמולקע פון שניי", אַ "שמייכל" און צענדליקער ענלעכע. אָדער אייגענע צופעליקע און פאַרביילויפיקע שטימונגען, געדאַנקען און איינפאַלן, וועלכע האָבן קיין שום ספּעציעלע באַדייטונג נישט. גראָד זיי כאַפּט אויף חיים מאַלטינסקי אויף זיין דיכטערישע ווענטקע פון ריטמישע גראַמען, וועלכע ענדיקן זיך טיילמאָל מיט אַ קלוגער פּוענטע, מיט אַן איראָנישן אַנדייט, אָדער לירישן אַקצענט, אָבער מערסטנטייל זענען זיי בלויז אַ באַשטימטע דיכטערישע איינגרעמונג פון ברעקלעך לעבנס־דערשיינונגען, אָדער פון ברעקלעך געדאַנקען, וועלכע באַקומען אַזוי אַרום דעם אויסזען פון פאַרגאַנצטע אויסגעזונדערטע דיכטערישע מיניאַטור־בילדער.

אָבער דאָס איז נישט ביי מאַלטינסקין אַ מין שפּיל לשם שפּיל, אָדער גאָר אַ ווילן די סאַמע נישט באַדייטנדיקסטע, נישט באַמערקבאַרע, דראָבנע־וואָכעדיקסטע ענינים אויפהייבן צו פּאָעטישער יום־טוב'דיקייט. פאַרקערט, זיין גאַנצער דיכטערישער מהות באַשטייט אין דעם באַמערק און אויפזאַמל פון די אַלע דראָבנע ענינים, פון וועלכע עס באַשטייט בעיקר דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פונעם מענטשן, זיי פאַרשטעלן מיט שפּילעוודיקער מענטשלעכער וואַרעמקייט און זיי איבערלאָזן גראָד אין זייער וואָכעדיקייט. פון דאַנען די נאַטירלעכע גוטמוטיקע און האַרציקע אַטמאָספער אין די לידער פון מאַלטינסקין, די אַבסאָלוטע פּשטות פון זייער אויסדרוק, פון וועלכער עס פילט זיך אַרויס אַ טיפע פאַרליבטקייט אין אַלץ און אין אַלעמען, וואָס עקזיסטירט אויף דער וועלט אין זייערע פאַרשידנסטע פאָרמען, און דער שטאַרקער באַגער זיי אַרויסהייבן פון זייער אַנאָנימקייט און זיי געבן אַ תיקון דורך דעם מענטשלעכן געדאַנק און געפיל אין דיכטערישן וואָרט:

"געפין איך בלויז אַ קלאַנג, אַ וואָרט,
צערויש איך אויך זיך אויפן אָרט
און אַן אויפהער רוף און וועק
די גאַנצע וועלט פון עק ביז עק."

אָבער ער "צערוישט זיך" און "וועקט" נישט מיט הויכע פראַזן, נישט מיט געקינסטלטע רייד, נאָר מיט די סאַמע פּראָסטע אוממיטלבאַרע ווערטער:

"מעגסט פלאָנטערן אַן אַלכע מיט אַ בוק,
אַ סאָסנע פון אַ יעל נישט אונטערשיידן,
נאָר סטאַרע זיך נישט זיין צו טיפזיניק, צו קלוג,
מיט מענטשן שיין און פשוט זאָלסטו ריידן."

איך בין נישט זיכער, צי די ציטירטע סטראָפן דריקן אויס אַדעקוואַט דעם מהות פון מאַלטינסקיס דיכטונג, אָבער עס איז אין זיי פאַראַן אַ בפירושער אָנ־דייט אויף זיין ווילן און גרייטקייט צו זינגען און זאָגן וועגן אַלץ מיט פשוטע פאַרשטענדלעכע רייד.

די דאָזיקע אייגנשאַפט פון מאַלטינסקיס דיכטונג, איר אַבסאָלוטע פשטות, אוממיטלבאַרקייט און נאַטירלעכקייט געפינט איר ביז גאָר בולטן אויסדרוק אין זיינע מלחמה־לידער, וואָס פיל פון זיי זענען ווי פעלד־באַריכטן אָן שום אָנשטעל און פאָזע, אויסערלעך האַרבע און האַרטע, נאָר אינערלעך דורכגענומען פון אַ טיפן מענטשלעכן טרויער און הילפסלאָזיקייט.

באַזונדערס ווירקן מיט זייער אויפריכטיקייט, עכטקייט, דיסקרעטן הומאָר און האַרציקער פאַלקסטימלעכקייט מאַלטינסקיס ליבע־לידער, אין וועלכע אַלע ליבע־ווייען זענען אַרומגענומען פון אַ קלוגן און גוטמוטיקן שמייכל.

אַלץ צוזאַמען שאַפט די אייגנאַרטיקע דיכטערישע שטים פון חיים מאַל־טינסקין, פאַרזיכערט אים זיין באַזונדער זעלבשטענדיק אָרט אין דער יידישער פּאָעזיע.

### וועגן דער אַנטאָלאָגיע "אין דעם אייגענעם לאַנד"

**צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַקטירט פון שמואל ראָזשאַנסקי,**

**מיטאַרבעט אברהם זאַק**

נישט קיין געלט און נישט קיין כבוד זענען היינט די גורמים, וועלכע פירן צו יידיש און יידישער ליטעראַטור. פאַרקערט, צוליב יידיש און יידישער ליטע־ראַטור דאַרף מען היינט זיין גרייט מוותר זיין אויף זייביידע. נאָר די אויפגאַבע, וועלכע עס האָט זיך געשטעלט און וועלכע עס האָט שוין מער ווי אַ העלפט פאַרווירקלעכט דער אַרגענטינער שרייבער און רעדאַקטאָר שמואל ראָזשאַנסקי וואָלט אפילו אין די פאַרמבולדיקע צייטן, ווען עס האָבן נאָך געלעבט מיליאָניקע מאַסן יידיש־רעדנדיקע און יידיש־לייענענדיקע, געווען אַן אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג, אַ פאַרקערפּערונג פון נאָבעלן ווילן און נאָבעלער עקשנות און דער עיקר פון אַ גרענעצלאָזער פאַרליבטקייט אין דער יידישער ליטעראַטור אין פולן באַוווסטזיין פון איר באַדייטונג פאַר דער דערקענטניש פון יידישן גייסט און פאַר זיין ווייטערדיקן המשך.

די דאָזיקע אויפגאַבע באַשטייט אין געבן אַ האַלבן יאָרטויזנט פון דער יידי־שער ליטעראַטור בזעיר אנפין, נאָר אין איר גאַנצן היקף און המשך, דערביי יעדן באַנד איינלייטן מיט אַן אָביעקטיווער און ווי מעגלעך אַלזייטיקער באַ־לייכטונג פון ווערק, פון אויטאָר און פון זיין סביבה און צייט, פליוס פאַר־

טייטשונגען, אויפקלערונגען און פירושים. דאָס איז אַ גראַנדיעזע אַרבעט, וועלכע דאַרף גובר זיין אַן אַ שיעור שוועריקייטן און מכשולים פון פאַרשידענעם כאַראַקטער, בפרט, אַז די דאָזיקע אַרבעט ווערט געטאָן בעיקר דורך איין מענטשן, וועלכער איז גלייכצייטיק דער אָפּקלייבער, דער איינלייטער, פאַרטייטשער און... פאַרשפרייטער — ביי דער מיטהילף פון געצייל׳טע ("ליטעראַרישע געזעלשאַפט ביים ייווא").

פון דעם צעטל שוין דערשינענע ביכער איז צו זען, אַז דער רעדאַקטאָר פון די "מוסטערווערק" גייט צו בכובד־ראש צום אָפּקלייב פון יעדן ווערק באַזונדער. נאָר קיינער איז נישט באַוואָרנט פון טעותים און סוביעקטיווע איינשטעלונגען, בפרט אויף אַ געביט, ווו די מיינונגען צעגייען זיך אָפּט אין קעגנזעצלעכע ריכטונגען, און וואָס איינער האַלט פאַר דעם בעסטן, האַלט דער צווייטער פאַר מיטלמעסיק, אָדער גאָר פאַר נישט געלונגען. דאָס האָט נאָך אַ גרעסערע שייכות צו די פאַרשידענע אַנטאָלאָגיעס, וועלכע גייען אַריין אין דער רשימה פון די מוסטערווערק, און גאָר באַזונדערס — צו דער פּאָעזיע. אויף דעם געביט האָט אַלעמאָל געהערשט און עס הערשט נאָך עד היום אַ כמעט אויסשליסלעכע סוביעקטיווע מיינונג, וועלכע איז עלול צו מאַכן פון גרויס גאָרנישט און פון גאָרנישט גרויס און בלויז די צייט איז די איינציקע אָביעקטיווע ריכטערין, און דאָס אויך טייל מאָל מיט גרויסער פאַרשפּעטיקונג. דעריבער — קאָן אייך זיכער האַלטן דער אָדער יענער לייענער, קריטיקער צי מחבר, אַז דאָס אָדער יענץ ווערק, צי ליד איז נישט ווי געהעריק צוגעקליבן, אַז זיי זענען נישט די בעסטע און כאַראַקטעריסטישע שאַפונגען פון דעם שרייבער. אָבער נאָך אַ מער גרינטלעכער אויספאָרשונג און באַטראַכטונג קומט מען צום אויספיר, אַז אין די ראַמען פון נאַטירלעכן סוביעקטיוון צוגאַנג, פון וועלכן ס׳איז נישטאָ קיין אַנטרינונג, איז שמואל ראָזשאַנסקי אויסן אויסשליסלעך די טובה פון דער זאַך און ווייזט אַרויס אַ ריכטיקע און פילבאַרע פאַרשטענדעניש פאַר ליטעראַטור, כאָטש רעכנדיק זיך טייל מאָל אויך מיט אַנדערע אויסער־ליטעראַרישע גורמים.

דאָס איז אויך בולט אין דער אַנטאָלאָגיע "אין דעם אייגענעם לאַנד" וועגן 25 יאָר מדינת־ישראל אין דער יידישער פּאָעזיע און פּראָזע. די צען טעמאַטישע אָפּטיילונגען פון דער אַנטאָלאָגיע זענען צוגעקליבן אָפּגעהיט נישט בחיפּזון, מיט פאַרשטענדעניש פאַר די מחברים און מיט פּיעטעט און ליבשאַפט פאַר ישראל. זייער ריכטיק שרייבט ש. ראָזשאַנסקי אין דער איינלייטונג: — "וויל מען באַנעמען, וואָס מדינת־ישראל איז פאַר דער יידנוועלט, קאָן די יידישע ליטעראַטור דינען ווי אַ וועגווייזער". און ווירקלעך — די סאַמע אויטענטישע היסטאָרישע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן זענען נישט אין שטאַנד צו באַווייזן אַזוי בולט, ווי די דאָזיקע אַנטאָלאָגיע, וואָס באַטייט ישראל פאַרן יידישן פאָלק און ווי אַזוי באַהאַפטן זיי זענען ביידע אין איין גאַנצקייט.

אין דער אַנטאָלאָגיע האָט שמואל ראָזשאַנסקי צונויפגעזאַמלט אַן אוצר פון בענקשאַפט, ליבשאַפט און התלהבות, וועלכע די אויסדריקער פון דער יידישער

נשמה, די זינגער פון יידישן פֿאָלק, האָבן געטראָגן אין זייערע הערצער אומע־טום און אין אַלע צייטן בנגלה ובנסתר, באַוווּסטזיניק און אומבאַוווּסטזיניק צו ישראל דעם פֿאָלק און צו ישראל דעם לאַנד — אומאָפּהענגיק פון די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע איינשטעלונגען און באַדינגונגען.

ס׳איז אַ פֿאַקט, אַז דאָס, וואָס מיר רופן ״דער אויפקום־נס״ פון דער יידישער מדינה, איז אָפּגעשפּיגלט צום טיפסטן אין דער יידישער ליטעראַטור, און באַ־זונדערס אין דער יידישער פּאָעזיע, ווייל נישט בלויז ווי אַ פּאָליטישער פֿאַקט, נאָר ווי אַ ווידערבאַהעפט פון דורות און תקופות, ווי אַ ווידערגעבורט פון יידישן נאַציאָנאַלן גייסט און ווי אַ ווידער־באַנייונג פון דער מענטשלעכער ווירדע אין יידישן פֿאָלק אומעטום, ווו עס זאָל זיך נישט געפינען. דערפֿאַר טאַקע איז דער דאָזיקער נס אויפגענומען געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור מיט דעם גרעסטן ענטוזיאַזם און התלהבות. די יידישע ליטעראַטור, וועלכע האָט אויף איר לייב געפילט די גרוילן פון אומקום, איז אויך אין שטאַנד אין דער גאַנצער טיף אַרויס־ברענגען דעם נס און די פרייד פון אויפקום.ליידער געבן זיך נישט אָפּ דערפון קיין רעכענונג די, וועלכע דאַרפן אין דעם געדענקען אין דער ערשטער ריי — די פירער פון דער יידישער מדינה — וואָס קומט צום אויסדרוק אויף פאַרשי־דענע אופנים און אין פאַרשידענע פֿאַלן.

ביי זיי וואָלט די אַנטאָלאָגיע ״אין אייגענעם לאַנד״ באַדאַרפט זיין אַ טיש־בוך.

די איינציקע באַמערקונג, וועלכע איך וואָלט לגבי דער אַנטאָלאָגיע יאָ גע־מאַכט איז די, אַז לויט מיר, וואָלט מען די אַנטאָלאָגיע יאָ באַדאַרפט טיילן אויף צוויי בענדער, אויף פּאָעזיע און פּראָזע. ערשטנס דערפֿאַר, ווייל די זעלבע גע־פילן, איבערלעבונגען און אפילו פּראָבלעמען קומען צום אויסדרוק אין דיביידע זשאַנערן גאָר, גאָר אַנדערש. צווייטנס, דערפֿאַר, ווייל אין אַזאַ באַהעפט איז געוויינלעך איינער פון די זשאַנערן דער געליטענער. אין דעם פאַל איז עס די פּראָזע, וועלכע פּרעזענטירט זיך נישט ווי געהעריק — נישט אין כמות און נישט אין איכות.

אָבער דער עיקר — די אַנטאָלאָגיע, אַזאַ ווי זי איז, אַנטפּלעקט אַנשוילעך די צווייטויזנטיעריקע חלומות און האָפענונגען פון אַ געפּלאָגט פֿאָלק און די באַזיניקטע פרייד פון זייער פאַרווירקלעכונג און זי פאַרדינט אָן שום ספק צו פאַרנעמען אַ ביז גאָר חשוב אָרט אין דעם נוצלעכן און וווּנדערלעכן טאַט פון די הונדערט מוסטערווערק פון דעם טאַלאַנטירטן און פאַרליבטן אין דער יידישער ליטעראַטור — שמואל ראָזשאַנסקי.

דב סדן

# צווישן באָדנער און באַנדאַר

א.

אין מיינע זוכענישן נאָך ווערטער, ווערטלעך, זאָגענישן, זייער באַטייט און זייער פאַרשפּרייט, טרעפט זיך צומאָל, אַז איך שטויס אָן אויף אַ זאָג, וואָס קלינגט עפּעס ענלעך, אָבער פאַרט אַנדערש אין פאַרשידענע קאַנטן, כאָטש ער דערהאַלט דאָ און דאָרטן דעם זעלבן זינען, אָבער בשעת אויף איין נוסח זיינעם קען איך מעיד זיין, אַז איך האָב אים אָפט מאָל געזען, אָבער קיין מאָל נישט געהערט, טאָ מוז איך אויפן אַנדערן נוסח מעיד זיין, אַז איך האָב אים אָפט מאָל געהערט אָבער קיין מאָל נישט געזען. ווי אַ טיפּישע דוגמא דערצו איז פון איין זייט דער זאָג: **ער מאַכט פון אים פּענדזע**, וואָס איך האָב באַגעגנט אין דער ליטעראַטור, אָבער נישט אין שמועס, בפרט אין מיינע קאַנטן; און פון דער אַנדערער זייט דער זאָג: **ער מאַכט פון אים באַנדאַזש**, וואָס איך האָב באַגעגנט אין שמועס, בפרט אין מיינע קאַנטן, אָבער נישט, אָדער כמעט נישט, אין דער ליטעראַטור, כאָטש איך האָב היפּש געניג גענישטערט. און וואָס עס איז דער עיקר, אַז ביידע זאָגן מיינען דאָס זעלבע: ער מאַכט פון אים גאַרנישט, ער מאַכט אים צו גענאַר, ער מאַכט אים צו געלעכטער וכדומה.

ב.

וואָס שייך דעם ערשטן זאָג, וויל איך קודם כל, לגבי דעם וואָרט **פּענדזע**, באַמערקן, אַז נחום סטוטשקאָוו ברענגט עס אין זיין אוצר, סי׳ 518 (וויץ, שפּאַס) אין דער אונטער־גרופּע: העץ, העצע, פּענדזשע, טורעס, טאַרעס, טערעס. פּונקט ווי איך וויל באַמערקן, אַז דער עצם זאָג: **ער מאַכט פון אים פּענדזע**, אָדער: **פּענדזשע**, האָט, לויט דער ליטעראַטור, וואָס שפּיגלט, מער־ווייניקער, אַף דאָס לעבן, אַ גרויסן געאָגראַפישן אויספּשפּרייט. אַזוי, אַ שטייגער, ביים ווילנער אייזיק מאיר דיק: ״זיינען געוואָרן... דם־שונאים אונ האָבין מיך מבזה געוועזן אונ גימאַכט פון מיר פּענזע״ (״דיא יודען אין ליטע״, ווילנע, תרל״א, ז׳ 22); ״זייא וואָלטן עס וויסען דאָרט פון אַזעלכע געשיכטעס, וואָלט מען עס געוויס אויף דעם טעאַטער געשפּילט, **פּענדזע גימאַכט**״ (דיא קאָוונער בריקע, דאָרט, תרל״ה, ז׳ 42). אָבער ״רעט זיך עס... ניט אויס פאַר... אונזער טאַכטער חלילה... **יענע מאַכט פּענזע פון אים**, אַלס ער גייט אַוועק, דאָס ער גיט אימער אָן צו הערענס איר אונ אונז, דאָס ער ליבט זי״ (״דיא אַלטע ליבע ראָסטעט ניכט״, דאָרט, 1876, ז׳ 44); דער גראָדנער חיים שעסקין קערט זיך צו דעם זאָג אום

אין זיינע רשימות וועגן יידיש פון זיין געבוירן־שטאָט: „**פּענדזשע מאַכן** — אַפּלאַכן, חוזק מאַכן. די קאָנסטרוקציע איז געווען אַזאַ: **מען האָט אים געמאַכט פּענדזשע** („גראָדנער אָפּקלאַנגען", סעפּטעמבער 1975, ז' 61). ווייטער, יצחק גנאַזאָוויטש (גנוז), אין לייסטער פון יידיש־לשונות אין לידע און איר סביבה, שטרייכט אונטער אַז דאָרט האָט מען געזאָגט: **פּענדזיע** און נישט **פּענדזשע**, און אויך נישט **פּענזע**, און דער זאָג: **מאַכן פּענדזיע פון עמעצן** האָט געמיינט אויס־לאַכן („יידישע שפּראַך", סעפּטעמבער 1966). ווייזט אויס אַז דער אַרויסרעד איז געווען פאַרשידן, אַ ראיה אַ ייִנגערע דוגמא, דער ווילנער אברהם קאַרפּינאָוויטש: „זי וויל נישט מער די שניפּעשקער שלומפּערס **זאָלן מאַכן פון איר פּענדזע** („עלינקע דער הויכער", די גאָלדענע קייט, באַנד 40).

אַ דוגמא חוץ ליטע — ביעלאָרוסיע — דער מסתמא קיעווער שמואל מרדכי **אַסטראָווסקי** (פּסעוודאָנים: ממש): „אַזעלכע מענטשין... / פּאַר שילטין זייערי יאָרין זייערי טעג / — — לאָז נאָר קומען זייער **ענדע** / דער טויט מאַכט פון זיי „**אַפּענדע**" („דער רחמנות וכו'", ווילנע 1882, ז. כ"ט). פון אויסלייג וואָס ווערט נאָך געשטאַרקט דורכן גראַם. זעען מיר, אַז, אפשר מחמת אַריבערוואָנדער קיין אוקראַינע, איז נישט בלויז די שי"ן נאָר אויך דער זי"ן פאַרשוווּנדן.

ג.

ווי געזאָגט, האָב איך דעם זאָג, אפילו אין דער צולעצט דערמאָנטער פאָרעם, קיין מאָל נישט געהערט, לאָ־כל־שכן אין מיין געבוירן־שטאָט, בראָד, ווי עס איז אַנגעגאַנגען: **ער מאַכט פון אים באַנדאַזש**, וואָס איך דערקלער מיר לויט דעם אַנדערן, זעלטענערן, אָבער קלאָרן, נוסח: **ער מאַכט פון אים באַנדאַר**, ווו דאָס וואָרט **באַנדאַר** ווייזט זיך אויס אידענטיש מיט **באָנדער**, וואָס מיינט, כידוע, אַ בעל־מלאכה, וועלכער מאַכט פעסער. אָבער דאָ בין איך מחויב צו באַמערקן, אַז אין יידיש פון מיינע קאַנטן האָט דער דאָזיקער בעל־מלאכה געהייסן **באָדנער**, זעלטענער: **בעדנער**, אָבער מיר האָבן גריילעך געוווּסט, אַז די אוקראַינער, צווישן וועלכע מיר האָבן געוווינט, האָבן אים אָנגערופן **באַנדאַר**, און אַ טייל **פּאַליאַקן**, וואָס זענען שפּראַכלעך געווען אונטער דער השפּעה פון די אוקראַינער, האָבן אים גערופן, נישט ווי עס גייט פּויליש: **בעדניאַזש**, נאָר **באַדניאַזש**, אָבער נישט: **באַנדאַזש**. ווי ווייט **באַנדאַזש**, ווי אַ יידיש וואָרט, האָט געגרייכט, ווייס איך נישט, אָבער אפשר לאָזט זיך זען אַ רמז דערינען, וואָס וואָלף יוניך ברענגט, אין זיין שפּראַכווינקל, ווערטלעך אין נאָמען פון מאַניש **באַנדאַזש**, וואָס וווינט אין קווינס, שטאַמט אָבער פון וואַרשע (טאָג־מאָרגן־זשורנאַל, 15 פעברואַר 1969).

וועגן חילוק צווישן פּוילישן און אוקראַינישן (אויך רוסישן) האָבן מיר געוווּסט. האָבן מיר דאָס געוווּסט, אַז **טעלער**, וואָס מיר האָבן פון דייטשיש, וואָס האָט, עס ווייזט אויס, פון מיטלליטייניש, קלינגט אין דימיניטיוו פּויליש: **טאַליערקאַ** אָבער אוקראַיניש: **טאַרעלקאַ**, פּונקט ווי מיר האָבן געוווּסט, אַז אין מזרח־יידיש האָבן מיר **קראַפּיווע**, לויטן אוקראַינישן, און צענטראַל־יידיש האָט

פּאַקשיווע לויטן פּוילישן (האָט דאָך י. ל. פּרץ פּראַטעסטירט, וואָס שלום עליכם האָט נישט אָפּגעהיט זיין פּאַרעם און באמת שטאַמט דאָס פּוילישע פּאַקשיוואַ פון עלטערן קאַפּשיוואַ און דער איבערשטעל פון די טראָפן ציט זיך פון 15טן יאָר־הונדערט, אָבער פאַראַן אויך פּויליש אַ זעלטענע פאַרעם קראַפּיוואַ און אוקראַיניש גייט טאַקע kponubá. אָבער דער ענין באַדנער — באַנדער איז אַ קאַפּ פאַר־וויקלטער: דער יסוד פון וואָרט איז אַ דייטשישער, און מיר האָבן היינט־צו־טאָג Büttner פאַר באַדנער אָדער בעדנער, און Bütte פאַר אַ קיבל און ענלעך סיי סלאַוויש סיי יידיש: באַדניע, פּוטניע (פּיטניע) וכדומה.

ד.

און איצט צום אויפטייל צווישן דעם אָפּשטאַמיקן עלטערן באַדנער און דעם שפּעטערן באַדנער — וואָס שייך דער ערשטער פאַרעם האָט דער קראָקעווער מאיר ווינער: ״די פורמאַנעס, שמידג, בעדנאַרעס, טעסליערס, רימערס״ (״כלב אשכנזי״, 1934, ז׳ 12). און דער מאַרקולעשטער (בעסאַראַבער) מאיר חרץ שרייבט: ״ביים באַדנער שטייט אַרויסגעשטעלט אַ פאַס / ביים שניידער שטייט אַרויסגע־שטעלט אַ ראָק״ (״אין פרעמדן גן־עדן״, תשל״ד, ז׳ 20). ווייטער דער מאַרמאַ־ראַשער וואָלף טאַמבור, אין אַ רייסטער דאַרטיקע לשונות: ״באַדנער — אין מאַרמאַרעש ניצט מען דאָס וואָרט אַנשטאָט אַ באַנדער, אַ פעסל־מאַכער. באַנדערן — מייסטרעווען. אויף אַ בעל־מלאכה וואָס קאָן נישט גוט זיין מלאכה, זאָגט מען אויך לגנאי, אַז ער איז אַ באַדנער (״יידישע שפּראַך״, 1974, העפט 1—3). אַזוי אויך אין אוצר פון דעם אין וויניצע געבוירענעם אָבער אין וואַרשע ווווי־נענדיקן איגנאַץ בערנשטיין און זיין שותף, דעם זבאַראַזשער בנימין וואָלף זעגל: ס׳ 1435: אַז מען זוכט אַ בעדנער געפינט מען אַ גלעזער, און אין פירוש זייערן: באַדנער (באַנדער) פּויליש bedniarz רוסיש באָנדאַר, און דער דערקלער דערצו: אַז מען דאַרף האָבן בייטיק אַ זאַך, טרעפט מען געוויינטלעך פּונקט דעם היפוך. אויך זיין פאַרצייכענען דעם נעגאַטיוון אָפּשאַץ: באַדנער (באַנדער) אַ רויער גראָבער מענטש. ענלעך דער סערעטער (בוקעווינער) ישראל פורמאַן אין זיין אוצר, סי׳ 158: ער איז נישט קיין באַדנער, משמע: ער פאַרשטייט, ער קען וואָס ער האָט איבערגענומען, אַרנטלעך דורכפירן וכדומה. דער בעל־האוצר האַלט, אַז אפשר נעמט זיך דער זאָג דערפון, וואָס ביי אַ באַדנער טרעפט זיך, אַז דורך אַ צו שטאַרקן אַרויפשלאָגן די רייפן זעצט ער אַרויס דעם דנאָ, און באַשטאַרקט עס מיט אַ דייטשישער פראַזע. אָבער אַזוינס לאָזט זיך זאָגן אויף יעדער מלאכה, לויט אירע סכנות. אָבער סי׳ 159 האָבן מיר אַ נעגאַטיוון וואַריאַנט, בדרך שאלה: ער איז דען אַ בעדנער? און לויטן באַמערק דאָרט, ווערט דער זאָג באַנוצט, אַז עמעצער האָט אַ ספק וועגן דער קוואַליטעט פון דעם, וועגן וועלכן עס רעדט זיך. דוכט זיך, אַז דאָס איז אויך חל אויפן פריערדיקן וואַריאַנט.

ה.

וואָס שייך ווייטער דער אַנדערער פאָרעם, באַנדער, וואָס ווערט, דאַכט זיך, באַטראַכט פאַר דער נאָרמאַטיווער — נחום סטוטשקאָוו האָט בלויז זי אין זוכ־צעטל, אין טעקסט ווייטער סי׳ 115: באַנדער, בענדער, רייפמאַכער, רייפער, באַנדעריי. צום אויסשפרייט פון דער דאָזיקער פאָרעם זע, אַ שטייגער, דעם ווילנער אליקום צונזער: ״אָבער די וואָס טראָגן אַרום באַב / זי קלייבט אַ גראָשן צו אַ גראָשן ציגייף / מאַכט אויך דעם הינטן גראָב / און טוט אָן פון אַ באַנדער אַ רייף״ (אויסגאַב מרדכי שעכטער, באַנד 1, ז״ז 77—80). דער באַנדער איז דאָ דרך משל, ווייל די כוונה איז דאָ אַ קרינאָלינע (רייף־ראָק). און זע ביים ווילנער חיים גראַדע: ״אַ באַנדער האָט מיט נייע רייפן אַרומגענומען אַן אַלט פעסל״ (״צמח אַטלאַס״, 1968, באַנד 2, ז׳ 395). ווייטער דער לעטגאַלער עוזר בלאָשטיין: ״איך בין היינט אַ מענש, לייטען גלייך. פריער, אַז איך האָב געוועלט קויפען אַ שטאָדט אין מזרח וואַנד, האָב ר׳ שמערעלע ניט געוועלט זיצען נעבען מיר, וואָס איז? מיינער אַ פעטער איז אַמאָל געווען אַ באַנדער. דאָס איז זיינע דאגות... איך וויל קויפען אור זרוע... לאָזט מען מיך ניט צו, וואָס איז? מיין זיידע איז געווען אַ שוסטער...״ (״דער ביטטערער טראָפּפען״, וואַרשע, תרנ״ד, 6). יינגערע דוגמות אין צפון־יידיש: בער גרין אין אַ געזעמל בעלי־מלאכות: ״ווו זענען די שוסטער, שניידער, בלעכער, בעדער, וואַסער־פירער, קצבים, חזנים, ווו די באַנדער, שלאָסער, רבנים, קירזשנער, למדנים, קבבנים״ (״אייביק גרין״, 1965, ז׳ 175).

און פון צפון צום דרום, ווו דער באָנדאַר אין יידיש איז געבוירן געוואָרן — דער פעריעסלאַווער שלום עליכם: ״דער מלך זאָגט די הגדה הויך אויף אַ קול — גייט גלייך און זעצט עברי, ווי אַ באָנדער, אָבער מיט אַ ניגון״ (״דער מלך מיט דער מלכה״). דעסגלייכן ״עס איז נאָר געווען שטאָף פאַר די לצים אויף אָפּצו־לאַכן. ווי אַזוי אַ ייד אַ סימבירניק זאָגט עברי, זעצט ווי אַ באָנדער״ (מע הוליעט, רבינו יונה). געוויינטלעך הייסט עס: זעצן ווי אַ בעקער, אָבער ווי מיר האָבן שוין געזען, איז באָנדער אַ שם־דבר פאַר אַ גראָביאַן, אַ הדיוט. ווייטער דער בערדיטשעווער דער נסתר האָט, פון איין זייט: ״קולות אויך פון די וואָס האָבן געהאָט זייערע סחורות אויף דער ערד ליגן, ווי טעפּערס, באָנדער, סטעלמאַכערס און רימער״ (״משפחה מאשבער״, 1948, באַנד 1, ז׳ 243), און פון דער אַנדערער זייט: ״אָט דאָרט האָט געוווינט אויך ברכה — ברכה די באָנדערקע, ווי מ׳פלעג זי רופן, נישט ווייל איר מאַן איז געווען אַ באָנדער, נאָר דאָס איז אַ שאַנדנאָמען, וואָס שטאַמט פון איר שענדלעכער פרנסה, און וואָס דעם אייגנטלעכן באַטייט פון דעם וואָרט ווילן מיר איבער געוויסע טעמים דאָ ניט דערקלערן״ (דאָרט, באַנד 2, ז. 54).

הייסט עס, אַז אויב האָט מען ביי אונדז, אין בראָד, באַנוצט באַנדאַזש, אין זינען פון באַדנאַר, איז עס געווען קעגן דער דעמאַרקאַציע־ליניע, ווייל ביי אונדז וואָלט באַדנאַר גיכער מחייב געווען באַדנאַזש. אָבער מיר האָבן אַן ענלעכן אַריינ־

דראַנג פון קאָנסאַנאַנטן־אומבייט אויך אין פויליש — אין אוקראַיִנישן פֿאָלקס־
ליד איז זייער פאַרשפּרייט דער מאָטיוו פון דער **באַנדאַריוונאַ**, אַ שיינע טאָכטער
פון אַ **באַנדער**, וואָס דער אַלמאַכטיקער פּריץ, מיקאַלאַי באַזילי **פּאָטאָצקי** (זיינע
אכזריותדיקע קאַפּריסן באַשרייבט ש״י עגנון אין זיין בוך ״עיר ומלואה״), האָט
זיך איר אויפגעצוווּנגען און ווען זי איז אַנטלאָפן פון אים, האָט ער זי דערשאָסן.
אַזעלכע לידער וועגן איר זענען פאַראַן פויליש און אויך דאָ הייסט זי:
**באַנדאַרוּוונאַ**.

ווי מיר האָבן געזען, איז **באַדנער** און **באַנדער** אַ סינאָנים פון גראָבקייט און
עם־הארצות — ווי ווייט דאָס איז געגאַנגען, אַז מען האָט דערמיט געבאַדיעט
משה לייב **ליליענבלום**, וואָס זיין פאָטער איז געווען אַ פאַסבינדער, און אַ שפּאָט־
ליד אויף אים (מ. טראַצקי אין ״יעווּרעיסקאַיאַ סטאַרינאַ״, 1915, ז׳ 18) הויבט
זיך אָן: ״הער דו **גראָבער באַנדער** / וואָס איך וועל דיר זאָגן / קענסט זיך גיין
צום **זשאַנדאַר** / אויב דו ווילסט אויף מיר קלאָגן״. באמת, איז ליליענבלומס
פאָטער, ר׳ צבי חבתן, געווען אַ תלמיד חכם. ענלעכס האָבן מיר אויך ביי די
פּאָליאַקן — דעם מכשף און אַלכעמיקער **טוואַרדאָווסקי**, ביי וועלכן פּאָוסט
זאָל האָבן געלערנט, האָבן אַ טייל געהאַלטן פאַר אַן אַדעליקן און אַ טייל פאַר
אַ **באַדנערס** אַ זון. יוליאַן **קזשיזשאַנאָווסקי** אין זיין בוך וועגן די פּוילישע
פאָלקס־מעשיות, סי׳ 1866, ברענגט וועגן איינעם, וואָס מען האָט געוואָלט מבזה
זיין, האָט מען אים געפרעגט, ווער זיין טאַטע איז געווען, האָט ער געענטפערט:
**אַ בעדנער, וואָס שטעלט אַ רייף די פינפטע קליעפּקע**. דער פּוילישער שרייבער
אַלעקסאַנדער **מאַרגענבעסער** אין זיין סאַטירישער פּאָעמע וועגן דעם פאַרטיידיקן
פון **סאַקאַלאָוו** (1875), ווענדט זיך צו דער מוזע פון די **בעדנערס**, זי זאָל אין
ערשטן ליד העלפן דעם פּאָעט, **אַנצושלאָגן** אויף דער לירע די **בעסטע רייפן**,
זאָל דאָס קול שטאַרק אַ קלונג טאָן איבער דער וועלט, זאָלן די ווייטסטע פעל־
קער זיך דערוויסן, אַז די סאַקאַלאָווער **בעדנערישע שטובן** האָבן **אַרויסגעגעבן**
אַ מאַן...

און מיר וועלן פאַרענדיקן מיט צוויי היימישע דוגמות — ישראל **מה־יפית**
שרייבט וועגן אַ באַוווּסטן שרייבער: ״די רעדאַקטאָרן זענען **באַנדאַרעס**, פאַר־
שטייען ניט וואָס גוט איז און וואַרפן זיינע שאַפונגען אין קאָרב״ (שריפטן, ז׳ 36).
משמע זיי זענען עם־הארצים. און נאָך שמ״ר אין זיינס אַ מעשה־ביכל (״אַ גט
מיט אַ חתונה״, ווילנע, 1884) רופט אָן דעם פּאָזיטיוון גיבור, אַ שניידערס אַ זון
וואָס איז געוואָרן ראַבינער — **נאַדילזאָן**, דעם נעגאַטיוון גיבור ווייטער —
**באַנדערמאַן**.

און גאָר צום לעצט — אַ ווינק צום אָנהייב, כדי צו באַמערקן, אַז כאָטש
**פּענזשע, פּענזע, פּענדע** ווייזן זיך אויס קלאַנגלעך נאָענט צו **באַנדאַזש, באַנדאַר**,
און סעמאַנטיש ענלעך, אין די צוויי דערמאָנטע זאָגן, זענען זיי גרונטיק באַזונ־
דערע ווערטער. אָבער **פּענזע** וכו׳ פאָדערט אַ פּרק פאַר זיך.

בנימין מאַכלין

# פרצעס חסידות

## (פראַגמענט פון אַ גרעסערער אַרבעט)

י. ל. פרצעס קינסטלערישע אינטערפרעטאַציע פון חסידיזם איז געוויס ניט געווען קיין אידעאַליזאַציע פון די דעמאָלטיקע דראָזשקאָווע רביים, די באַרימטע "איניקלעך". דאָס באַווייזט זיין "ליולקע־ציבעק" און אַנדערע קלענערע און גרעסערע שאַפונגען פון דער סעריע "חסידיש".

פרץ איז מיט זיין "חסידות" נישט געוואָרן קיין בעל־תשובה, ווי עס מיינט די אָפיציעלע סאָוועטיש־יידישע ליטעראַטור־קריטיק, אַז מיט זיין "חסידיש" האָט פרץ זיך אָפּגעקערט פון זיין פּראָגרעסיוון קריטישן רעאַליזם צו רעאַקציאָנערער ראָמאַנטיק.

פרצעס חסידות איז אַ געזעענער אינעם "נעכטן", קינסטלערישער אמת פונעם "היינט". אין חסידות, אַ געלייטערטע אין די ריינסטע קוואַלן פון מענטשלעכן גייסט, האָט פרץ אַנטפּלעקט אַ פאַרגייערין פון היינטצייטיקן רעוואָלוציאָנערן גייסט . . .

"דער קאַמף אום דאַזיין" צווישן מענטש און נאַטור איז אין פרצעס שאַפן קודם כל אַ קאַמף פונעם יחיד צו ענדערן זיין אייגענע נאַטור, אונטערטעניקן די גשמיות. "זאָל דער חומר וויסן, אַז ער איז קיין פריץ נישט, אַז נישט ער האָט צו שאַפן, אַז ער איז נאָר אַ טפל." (תורה, אַ חסידישער מאַנאַלאָג). אין חסידישן מאָנאָלאָג רעדט זיך וועגן צום יום כיפור, וואָס מע טוט לשם מצוה. אָבער די תעניתים און די סיגופים פון די טאָג־טעגלעכע הונגעריקע "מקובלים" זענען נישט קיין מצוה. די מקובלים באַמיען זיך ברענגען נוצן דורך זייער הונגער. "זאָלן זיך כאַטש עפענען אַלע טויערן פון דער וועלט מיט סודות, רוחות און מלאכים" ("מקובלים"). אַזאַ מין גראַנגל מיט דער אייגענער נאַטור, איז איבערנאַטירלעך פאַרן מענטשן. די מקובלים באַווייזן אָבער, אַז אין שוואַכן גוף לעבט אַ שטאַרקער ווילן און אַ שטאַרקער גייסט.

### רחמנא ליבא בעי

די אידייען־טרעגער פון די יידישע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען האָבן אין קאַמף פאַר סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייונג געמוזט דערגרייכן מאָראַלישע דערהויבנקייט פון די אונטערדריקטע, דערנידעריקטע, אויסערלעך און אינערלעך, מאַסן.

כדי די אידייע, די נשמה פון דער באַוועגונג, זאָל זיי ווערן אייגן איז נישט גענוג טעאָריע. דאָס דאַרף זיין אַ געפיל פונעם האַרצן. די באַוועגונג פון דער יחידישער נשמה איז נישט אידענטיש מיט דער באַוועגונג פון דער געזעלשאַפטלעכער אידייע. די נשמה פון דעם יחיד איז פרייער אין איר באַוועגונג. דאָס "האַרץ פון דער וועלט" ביי פרצן, ווי ביי ר' נחמן בראַסלאַווער, לעבט פריי אין אירע עמאָציעס פון בענקשאַפט, ווילן און פאַרלאַנג. דאָס האַרץ פון אַ בשר ודם איז איינער פון די וועגן וועלכע פירן "צו זיין ליבן נאָמען, וואָס איז די נשמה פון דער וועלט און דער תוך פון דער וועלט" ("שטומע נשמות"). ביי די

ל״ו צדיקים, וואָס אָן זיי וואָלט די וועלט קיין קיום נישט געהאַט״, איז דער עיקר דאָס האַרץ.

ניט אין מיסטישע קבלה־ספרים, ניט אין חב״דישן ״תניא״ געפינט פּרץ די חסידישע ״תורה שבלב״. ער געפינט זי אין דעם ניגון, וואָס זינגט זיך אַליין, גאָר ״אָן ווערטער״, אַ ריינער ניגון, ״גאָר אָן אַ קול״, אינעווייניק ״אין האַרץ, אין די געדערעם״ (״מקובלים״). דער ניגון קען זיין דער אויסדרוק פון אינ־נערלעכער פרייהייט. יעדער איז פריי אַריינצולייגן אין ניגון זיין טרויער און פרייד, זיינע ספיקות און גלויבן, זיין יאוש און האָפענונג. דער ניגון לאָזט פאַר־נאַנדער די פאַרזשאַווערטע קייטן פון רבנישע דינים און רביישע תורה, באַ־פרייט פון אויסגעדאַרטער רוטינע.

אין זיין בריוו צו בעטהאָווען האָט דער דייטשער פּאָעט קעפּנער געשריבן: ״די ווערטער זענען געשמידט אין קייטן, אָבער צום גליק זענען די קלאַנגען נאָך פריי״ (ראָמאַן ראָלאַן — בעטהאָווען). ביי דעם געניאַלן טויבן בעטהאָווען, ווי ביים יונגן מקובל, האָט זיך דער ניגון געזונגען אינעווייניק אין האַרצן. ״די מוזיק איז אַן אַנטפּלעקונג, אַ הע־כערע פון חכמה און פילאָסאָפיע״ (בעט־האָווען). דער חסידישער ניגון ביי פּרצן ווי בעטהאָווענס מוזיק דאַרף פירן ״צו פרייד דורך ליידן״.

נאָך דעם אויסגעזונגענעם ניגון פונעם יונגן מקובל קען מען ערשט פילן די שאַרפע ביטערע איראָניע פון באַנטשע שווייג. אפשר איז דער יונגער מקובל גאָר אַ גילגול פון ״באַנטשע שווייג״ און, ווען מ׳זאָל אים שטעלן פאַרן בית־דין של מעלה, וואָלט ער אפשר בעטן די שיסל מיט גריץ... קומט מען דאָך פאַר־נעם ״עלמא דפשוט״, פון דער אמתער וועלט ״ביי נאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ ״דערלעבן וואָס מ׳האָט נישט דערלעבט״. דער יונגער מקובל וועט ניט קומען אַהער, ער איז געבליבן אַ זינגערל אין פמליא של מעלה...

דאָס חסידות דערהערט פּרץ אין ״קאַ־פּיטל תהילים״ פון יוחנן וואַסערטרעגער, וועלכער וועקט אויף די אויסגעמאָלענע אויפן ארון קודש כלי זמר פון דוד המלכס הללויה... צי וועקט זיך נישט צו תחיה דעם פאָלקס תנ״כישע דער־הויבנקייט? צי איז נישט דאָס פידעלע ווי די מיטאָלאָגישע עאָלס האַרפע? אין רעש פון מלחמות און רעוואָלוציעס אָנ־הייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט פּרץ דערהערט די סטרונע פון אַ פידל, אָבער אַזוי שטיל, אַז ״נאָר דאָס אויער פון דער נשמה הערט״. יוחנן דעם וואַסער־טרעגער קומט באַגעגענען דוד המלך מיט זיין פידעלע. פּרצעס אויער דערהערט די שטילע סטרונע. פּרצעס אויג דערזעט דעם מלך מיט זיין פידעלע.

דער גילגול פון חסידות ביי פּרצן האָט, ווי פדהצורס ״הכנסת כלה״, אין ״גילגול פון אַ ניגון״ באַקומען אַ תקון — גע־קומען צום שורש.

**דער מנהיג און דער המון**

ווי צייטיק ס׳זאָל ניט זיין דער פּסי־כישער פּראָצעס, וואָס רופט אַרויס די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, מוז זי האָבן איר פירער און באַגייסטערער. ביי די אומות עולם ווערן פיל רעליגיעזע באַ־וועגונגען אָנגערופן מיט די נעמען פון זייערע פירער (ווי: בודיסטן, מאַכמע־דאַנער, לוטעראַנער, הוסיטן, קאַלווי־ניסטן אדג״ל). דאָס זענען אַלץ באַווע־גונגען מיט אַן עקאָנאָמיש־פּאָליטישן אונטערשלאַק. ביי יידן איז קיין מאָל ניט געווען אַנטוויקלט דער פּערזאָנען־קולט. די שבתי־צביניקעס, די פראַנ־קיסטן, כאָטש זיי האָבן געהאַט אַ גע־וויסן דערפאָלג ביי דער מאַסע, וואָס האָט געלעכצט נאָך דערלייזונג, האָבן זיי ווי סעקטעס זיך נישט געקענט איינ־האַלטן אין פאָלק און זיי זענען ווי ווילד־פלייש אויסגעריסן געוואָרן.

ביי יידן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין זעלבשטענדיק פּאָליטיש לעבן אוי־סער די קהילה־ראַמען, האָט חסידות אַלס

דעמאָקראַטישע באַוועגונג נישט געהאַט קיין פּאָליטישע צילן און פאָדערונגען און האָט געטראָגן אַ ריין־גייסטיקן מאָראַליש־רעליגיעזן כאַראַקטער. כאָטש חסידות האָט געהאַט אירע פירער און באַגייסטערער. ס׳זענען געווען חסידישע שיטות, חסידישע הויפן, אָבער די באַוועגונג האָט נישט געטראָגן קיין שום נאָמען פון קיינעם פון אירע מנהיגים. דער צדיק און זיין שיטה איז געוואָרן דער פירנדיקער כוח אין דער באַוועגונג. נישט פערזאָנען־קולט, נאָר צדיקים־קולט איז געוואָרן אַן אָרגאַנישער באַשטאַנד־טייל, אַן עיקר־יסוד פון חסידות.

דער רבי, דער פאַרמיטלער צווישן מענטש און גאָט, האָט געדאַרפט געבן דעם חסיד כוח בייצושטיין דעם יצר הרע פון גשמיות. דער חסיד פאַרשטייט, אַז "דאָס איז טאָקע די כוונה פון "עשה לך רב", צי "נתנה ראש", "אָרעמע שעפּעלעך, הייסט עס, זוכט אייך אויס אַ פּאַסטעך, איר זאָלט נישט בלאָנדזשען אויף טאָל און בערג און די חיות רעות זאָלן אייך נישט אויפעסן" ("ער, זכרונה לברכה, און זיינע מקורבים")...

"קומען זיך טאָקע צוזאַמען צום רבין קאַלטע נשמות, געפרוירענע נשמות, יידן מיט ליכט אין די בוזעמס, נאָר זיי ברענען נישט, זיי לייכטן נישט. מע קומט פאַרעצבעט, פאַרחושכט, נאָר מע קומט צום צדיק, מע קומט נאָך תיקון, נאָך ליכט... דער רבי מיט זיין תורה צינדט אָן די ליכט... "פון מתים בל יחיו ווערן ברענענדיקע לייכטנדיקע נשמות... און בר־מננס — שרפים ואופנים, און ליכטיק ווערט און שמחה, צהלה, דיצה, אהבה ואחוה ורעות"... ("תורה"). אַ ייד האָט פאַרגעסן דעם גלות, די צרות, די יסורים די גרעסטע, מען האָט זיך אַליין פאַרגעסן; אַלע נשמות האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין פלאַם מיט זיין זכרונו־לברכהס נשמה! איי, ווי מען האָט זיך געפרייט" ("משנת חסידים").

אָבער צום רבין ציט נישט נאָר דאָס געהויבענע רוחניות. "עס קומט אַ ייד, צי אַ יידענע, און כאַפּט אָן ביי אַ פּאָלע און שלעפּט אַראָפּ פון די עולמות העליונים, אַן עצה דאַרף ער: וועגן פּרנסה, וועגן אַ שידוך פאַר אַ בוגרת, אַ רפואה פאַר אַ מקשה לילד, צי אַזוי אויף אַ מחלה שלא תבוא. און גיי זאָג אָפּ אַ יידן! ("התגלות אָדער די מעשה פון ציגנבאָק").

אויך דער צדיק אַליין איז ניט הוילע רוחניות; ער שטייט מיט די פיס אויף דער ערד. די הערצער, מיט וועלכע דער ציגנבאָק דערגרייכט עד לב השמים און רייסט אויס פון מילך־וועג אַן אבן־טוב אויף פּרנסה פאַר יידן, די הערנער, דעם צדיקס גדלות, זענען אויסגעוואַקסן פון גשמיותדיקן חורבה־גראָז, אויפגעגאַנגענעם אויף פאַרגאָסן יידיש בלוט. דאָס הייליקע גראָז אויף דער הייליקער חורבה — דער גלות — די רעאַלע לעבנסגעשיכטע פונעם פאָלק — אַ חורבה פאַר אים איז די ערד, פון וועלכער ער איז פאַרטריבן און באַרויבט, מוז ער זיך ציען צו הימלען, צעבייטן אַ טייערן שטיקל רוחניות אויף גשמיות. דער רבי רייסט שטיקער פונעם רוחניותדיקן הימל און וואַרפט אויף דער גשמיותדיקער ערד — דער רבי מוז זאָרגן אויף פּרנסה פאַרן כלל ישראל. דאָס רוחניות — דאָס גייסטיקע לעבן פונעם פאָלק — ווערט אַ מאַטעריעלער פאַקטאָר. די אידייע פון חסידות ווערט אַ מאַטעריעלער כוח, ווען זי ווערט די נשמה פונעם כלל. דער כוח פונעם צדיק און פון זיין תורה ליגט אין דער מאַסע חסידים. דער ביאַלער רבי באַווייזט דעם בריסקער רב זיין תורה — די כתות זינגענדיקע חסידים אַרום זיין גאַנעקל ("צווישן צוויי בערג"). דער מתנגדישער בריסקער רב לאָזט נישט, דאָס חסידישע פייער זאָל צעשמעלצן די אייזערנע מתנגדישע רייפן. שניידנדיק קאַלט דערמאָנט ער: "צייט צו דאַווענען מנחה"... עס קומט די שקיעה פון חסידישן צויבער, — די טראַגעדיע פון

דער "גאָלדענער קייט".

ר' שלמהלע הייבט אויף אַ בונט קעגן דער קאַלטער מתנגדישער מנחה. ער וויל איינהאַלטן דעם חסידישן צויבער נישט כדי צו צעבייטן אויף קליינגעלט דעם הימלישן אבן־טוב, נאָר כדי צו מאַכן פון חסידות אַ שטויסקראַפט צו ברענגען די גאולה . . . ר' שלמהלע האָט אויפגע־הויבן די פאָן פון באַנייטן קעמפערישן חסידיזם. מעגלעך, אַז דורך ר' שלמהלען רעדט פּרצעס נעאָחסידיזם . . . דער בעש"ט בדורו, ר' שלמהלע בדורו . . .

ר' שלמהלע וויל באַפליגלען זיינע חסידים, דערוואַרעמען די "געפרווירענע נשמהלעך"; ער וויל פון די "איינגע־שרומפּענע קליינינקע יידעלעך" שאַפן זיין נייע חבריא קדישא: "מיר, שבת־דיקע, מיר נשמה־יתרהדיקע יידן", וואָס וועלן גיין איבער די חורבות פון דער וואָכעדיקער וועלט אין אַן אייביקן שבת, אָן דאגות פרנסה, "נישט געאַקערט / נאָך דעם שווערן גלות, וואָס דער מלך נישט געזייט / נישט געבויט און נישט פאַריכט / נישט געהאַנדלט, נישט גע־וואַנדלט . . .".

ר' שלמהלע וויל, זיינע "קליינינקע יידעלעך" זאָלן זיין גרויסע, גרויסע יידן, שבת־יום־טובדיקע יידן. עס זאָלן "די נשמות פלאַקערן, מיט זיי וויל ער זינ־געגדיק און טאַנצנדיק קומען צום כסא־הכבוד, גרויסע שטאָלצע יידן "נישט צו בעטלען נאָר צו זאָגן אים: "לענגער וואַרטן נישט געקענט!".

קיינער איז נישט געגאַנגען מיט אים. זיין זון פּנחס האָט חרוב געמאַכט זיין אילוזאָרישע וועלט פון אייביקן שבת. נישט מנחם און נישט משה קענען נישט אויפשטעלן "דאָס אַמאָליקע, דאָס שטראַ־לנדיקע זיסע". ניטאָ די "בונטע שטראַלן פון אמונה, פון בטחון, פון גלויבן" אין רבין. דאָס אַלץ איז שוין אַן אילוזיע.

דער קול פון מנהיג הדור, פון אמתן גבור, ווערט פאַרשטומט מיט איין וואָרט "שווינדלער!", וואָס עמעץ האָט גע־רופן!".

י. ל. פּרץ דערלאָזט אָבער נישט קיין יאוש. מיר קומען אין זיין "ווונדער־לאַנד", אין רעזידענץ פון שלמה דעם זיבנאונצוואַנציקסטן, אין "גלויבשטיין". נאָך דעם שווערן גלות, וואָס דער מלך האָט אָפּגעריכט צוזאַמען מיט זיין בת־מלכה, האָפט מען, אַז ער וועט מאַכן אַ גערעכטן שלום צווישן די צוויי מינים מענטשן: צווישן די "קליינע נשמות מיט גרויסע גופים" און "קליינע גופים מיט גרויסע נשמות". מע האָפט, אַז דבורה, די אמתע בת־מלכה, וועט מאַכן הפקר די טייערע אוצרות גאָלד און בריליאַנטן, דאָס גאָלד זאָל דעם ווערט פאַרלירן, עס זאָל אויפהערן שנאה קנאה . . . ("דריי חופות").

אין שווערע צייטן פון יאוש האָט י. ל. פּרץ געחלומט, אַז אין מיטן דער צייט פון בלוטיקן מבול וועט זיך ערשט באַ־ווייזן דער אמתער משיח . . . "יעדער וועט אים דערקענען. ער וועט נישט האָבן קיין חיילות, ער וועט נישט רייטן אויף קיין פערד און אַ שווערד וועט אים נישט הענגען אויף די לענדן" . . . משיח וועט האָבן פליגל און אַלע וועלן דערנאָך באַקומען פליגל . . . פּלוצלונג וועט געבוירן ווערן אַ קינד מיט פליגל, דערנאָך אַ צווייטס, אַ דריטס, און אַזוי וועט עס שוין גיין כסדר . . . ביז עס וועט אַרויסקומען אַ גאַנצער דור מיט פליגל, אַ דור, וואָס וועט זיך נישט מער וועלן וואַלגערן אין דער בלאָטע . . ." ("משיחס צייטן").

דאָ זענען אָנגעוואָרפן נעמען פון פּרצעס ווערק אָן זייער פּעריאָדיזאַציע. "אין מוקדם ומאוחר" ביי פּרצן. ניט וויכטיק צו זוכן ביי פּרצן באַשטימטע פּעריאָדן פאַר זיין ראַדיקאַליזם, קאָנ־סערוואַטיזם, רעאַליזם און ראָמאַנטיק. פּרץ האָט מיטגעלעבט מיט זיין צייט און זיך קעגנגעשטעלט זיין צייט. וויכ־

* די דאָזיקע און אַלע ווייטער גע־בראַכטע פערזן זענען פון פּרצעס "די גאָלדענע קייט".

טיק זענען פּרצעס אידייען, וועלכע האָבן אַן אייביקן ווערט, פּרץ האָט געבונטעט־וועט קעגן גשמיות, וואָס פאַרשקלאַפּט די נשמה, און קעגן אַזאַ מין רוחניות, וואָס פאַרשקלאַפּט דעם גוף. סיי אין די סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערע יום־טוב בלעטלעך, סיי אין "חסידיש" איז די הויפּט־אידייע — דער מענטש און זיין מאָראַל. די גאולה פון דער וועלט פאָדערט די מאָראַלישע רעוואָלוציע פונעם מענטשן — אַ פראַגע פון צייטן און דורות. צענדליקער פּרצעס שאַפונגען ריידן וועגן "נשמות", "הערצער", "פליגל", "וועלט" און "מענטש". פיל באַנוצט פּרץ אין זיינע ווערק "ליכט", און "זון", "שטראַלן" און "פלאַמען". דאָס זענען אַלץ אייביקייטן, מיט וועלכע עס לעבט די מענטשהייט.

צייטן און דורות זענען שוין אַריבער, און עס שטייט נאָך אַלץ דער זינדיקער, אַ געשמידטער און דער שלאָסער פּיילט נאָך אַלץ די קייט. מענטשן האַלטן אַלץ אין איין זוכן דעם "אייביקן" פרידן אין "ערגעץ־לאַנד". "אַ בענקעניש צו ערגעץ־לאַנד, צום הויכן באַרג אין ערגעץ־לאַנד ; צום פרידן־לאַנד, מיט דער שטראַלן־שפּראַך, דער איינציק־מענטשלעכער — אַ בענקשאַפט־פּיין, אַ בענקשאַפט ריין ! ("דער אייביקער פרידן אין ערגעץ־לאַנד").

אין 1908, אין דער סאַמע פינצטערסטער צייט פון רעאַקציע, נאָך דער מפּלה פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע, האָט י. ל. פּרץ דורך דעם זינדיקן ("אין פאָליש אויף דער קייט") אַרויסגעזאָגט זיין האַרץ : "אידייען — / פינצטערע וועלטן צו שטורמען ; / חלומות — / נייע, זונשטראַלנדיקע. / מיט געזאַנג באַגאַסענע / בליענדיקע וועלטן צו באַשאַפן . . .

י. ל. פּרץ און דער נצחון פון גייסט — צי איז דען דאָס ניט אַ דיסאָנאַנס היינט, נאָך זעכציק אכזריות־יאָרן — צוויי וועלט־מלחמות און בלוט־מבול, וואָס האָט אויפגעשווידערט אונדזער קליין וועלט־פאָלק, ווען מיר שטייען נאָך אַלץ אין ביטערן געראַנגל מיט אַ גאַנצער וועלט פאַר אונדזער קיום.

פאַר אונדז יידן, מיט אַ גייסט, געלייטערטן אין די שייטערהויפנס פון גאַז־קאַמערן, אַרומגערינגלט מיט שנאת חינם, קען פּרץ און זיין שעפערישער דראַנג צום נצחון פון גייסט זיין אַ קוואַל פון מוט און האָפענונג.

### באַמערקונגען

1. בולטער האָט פּרץ באַוויזן די טראַגעדיע פון צדיקיזם אין זיין דראַמע "חורבן בית הצדיק" — דעם פאַרוואַריאַנט פון זיין "די גאָלדענע קייט" ; כאָטש "חורבן בית צדיק" איז געשאַפן געוואָרן פריער, קען מען די דראַמע באַטראַכטן ווי אַ המשך פון "דער גאָלדענער קייט".

2. יונתן — דער לעצטער "רינג" פון דער "קייט" — וואַקלט זיך. מיטן ספקות־וואָרעם אין האַרצן ווערט ער רבי ; אין איינעם אַ וואַריאַנט פון "דער גאָלדענער קייט" גיט יונתן זיין הסכמה שווייגנדיק, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אין די אַנדערע וואַריאַנטן רייסן זיך אַרויס פלוצעם אַנטשלאָסן יונתנס לעצטע ווערטער : "איך בין".

3. די ירידה פונעם צדיקיזם באַווייזט פּרץ איינצייטיק מיט דער געהויבנקייט פונעם צדיק גופא ; ר' שלמהלע איז געהויבן מיט זיין געטריישאַפט און טיפער אמונה אין דער גאולה־אידייע, יונתן — מיט זיין אַנטשלאָסנקייט און מוט צו אַנטבלויזן דעם אמת. וועגן זיך אַלס רינג, און צערייסן די אילוזאָרישע "גאָלדענע קייט". דאָ אַנטפּלעקט פּרץ דעם עטיש־מאָראַלישן תמצית פון חסידות — דעם פול מיט טראַגיזם געראַנגל פאַרן נצחון פון גייסט.

4. אין הינטערגרונט פונעם צדיקס טראַגעדיע איז די אומבאַהאָלפענע מאַסע חסידים, וואָס פאַרלירן די זיסע אילוזיע אין זייער ביטערן לעבן.

שלמה רויטמאַן

# מיט מוטערלעכע אויגן

ביי רחל בוימוואַל איז דאָס לעבן געבויט פון דינסטע געוועבן, און וואָס דינער אַלץ שטאַרקער, וואָס לופטיקער אַלץ טיפער דער לעבנס־אָטעם, וואָס טרוימערישער, אַלץ וואָרהאַפטיקער און וואָס עס איז שוין, דאַכט זיך, אַן אַ תוכן, איז דווקא יסודותדיקער, און וואָס דורכזיכטיק־לייכטער דאָס פעדערל איז, אַלץ געטרייער וואָרעמט עס, און וואָס עס האָט שוין גאָר קיין האָפט ניט, אַלץ ערדיש־מעכטיקער, וואָגיקער איז עס — און פּרוּווט, זאָגט אונדז ווי די דיכטערן מיט איר בילדעריש לשון — קוילען אַ זונען־העזעלע; עס איז דאָך בפירוש גאַרנישט, אָבער איינצייטיק — אַלץ: ליכט, וואַרעם, היימלעכקייט, שיינקייט פון דער וועלט.

אַט דערפאַר קען בוימוואַל זיך איינשטעלן און שטייען אויפן ראַנד פון ״גאַרנישט״, ניט מורא האָבנדיק אַראָפּצופאַלן אין אָפּגרונט פון ליידיקייט, נאָר זיגעריש שמייכלען און גיבן איך צו וויסן, אַז ״פון גאַרנישט נעמט זיך שטריקן דער פאַרטאָג״; און ניט נאָר די צייט, נאָר אויך די שיין איז ״פון אַלצדינג, און ניט נאָר די צייט, נאָר אויך די שיין איז ״פון אַלצדינג געהעפט און פון גאָר־נישט געמאַכט״ (187), און אויך אַזוי דער חומר, דאָס מאַטעריעלע — ״פון גאַרנישט האָט זיך אויסגעשיילט:

די שטילקייט שרייט, דער זייגער הילכט...

און אומבאַקאַנטע חפצים מערן זיך און מערן... (192),

און שוין במילא אויך אַזוי דאָס רוחניותדיקע — ״געהיימנישפולע ווערטער, איר האָט די קראַפט זיין גאַרנישט, און אַלץ״ (180). דאָס דרייסטע בילד פון ״גאַר־נישט״ איז אין גאַנצן אי פּאַראַדאָקס אי פאַלקסטימלעך, עס אַנטהאַלט אין זיך דאָס הפכדיקע און איז ליריש־איראָניש פאַרשאַרפט אין דער זייט פון די דער־וואַקסענע, וועלכע זאָגן אָפט אַוועקמאַכנדיק אויף אַ קינד — ״עס איז דאָך נאָך אַ גאַרנישט״, זיי זענען בלינד.

״ווייל גרויסע וואַקסן דאָך ניט, ווי אויף הייוון,

און זענען צופיל שוין אויף זיך אַליין אַ מבין...״ (197).

מע דאַרף, זאָגט אונדז בוימוואַל, קענען דערזען אינעם גאַרנישט דעם גאָר, נאָר צוליב דעם מוז מען געבענטשט זיין מיט אַ זעקסטן חוש און דווקא ניט מיט קיין מיסטישן, נאָר מיט יענעם סאַמע נאַטירלעכן, וואָס נעמט אַריין אין זיך אַלע אונדזערע פינף חושים — און דאָס איז דער פאַרליבטער געפיל פון קינד און מאַמע צו וועלט און לעבן, ווו אַלץ איז פאַרבונדן און צוגענאַפּלט איינס צום אַנדערן טאַקע ווי אַן אייפעלע צו אַ מוטער. אַלץ איז אין אייביקן אָנהייב, די

זון אין דעם שטראַל, די זאַנג אינעם זאָמען, דער ים אין דער כוואַליע, דער באַרג אינעם זעמדעלע, דאָס פעלד אינעם גרעזעלע, די ליד אינעם קלאַנג, די מענטשהייט אינעם קינד, דאָס לעבן אינעם אַטעמצוג, אַלץ איז אין געבאָרן ווערן, אין אָנהייב — אפילו דער סוף ("אַ געשעעניש", "אויסגעפיקט זיך", "דער ערשטער שנאָל אין נאָז" א.א.).

טאַקע מיט דעם דערקלערט זיך, פאַרוואָס עס נעמט די אויבערהאַנט אין בוימוואַלס פּאָעטיש־בילדערישן סטיל דאָס סינעקדאָכאַל־מעטאָנימישע. אַלס בולטער ביישפּיל אין דעם זינען קען דינען די בילד פון דער באָבעס געקעסטלט קלייד אין די לידער "די באָבע און דער זיידע", "ווי אַ רויך אַ ווייסער". די אַלטיטשקע בייזערט זיך אויף איר, דעם פאַרשייטן אייניקל, און דאַן

"צעקנייטשסט די קעסטעלעך מיין באָבע אויף איר קלייד
און זאָגט צו מיר מיט שטרענגקייט, אַז מע טאָר ניט".

אָבער אָט דאָס קעסטעלע אויף דעם קלייד קען נאָך מער זיין מילד האַרציק, און ווער סע איז מסוגל באמת ליב צו האָבן, דער קען אָט דאָס צויבער־קעסטעלע עפענען און דערזען דאָרטן עפּעס מער ווי גאָלד און בריליאַנטן, ער קען דערשטויינט ווערן פון דעם אוצר, וואָס עס האָבן געזאַמלט דורות — דאָס איז די שעפערישע נשמה־יתרה, דאָס געזאַנג פון פאָלק; און זי, די דיכטערין — דער באָבעס פאַרליבטער יורש קען עס טאָן, ווייל "פון יענע קעסטעלעך, וואָס אויף מיין באָבעס קלייד,
"דער פערזנבוי פון מיין געזאַנג זיך קעסטלט".

איז עס דען ניט קיין וווּנדערלעכער און אין דער זעלבער צייט נאַטירלעכער שפּרונג פונעם גאַרנישט צום עכטן גאַר. אמת, מיר האָבן דאָ אַ קעסטעלע, וואָס איז אַנגעמאָלט ניט אַנדערש ווו ווי אויף דער באָבעס קלייד, און דען ניט פון איר קומען אַלע מעשהלעך און לידעלעך אויף דער וועלט, ווייל ווי אַנדערש קען מען באַזינגען דאָס שטרייפעלע, פּינטעלע, הערעלע, קנייטשעלע, מאַנעלע, שטויבעלע, ברויזעלע, ברעקעלע...". און דאָס איז ניט דער פאַרבאָרגענער היעראָגליפישער כתב פון דער נאַטור, ווי עס האָבן אים געלייענט די ראָמאַנטיקער, פאַרקערט, אָט דער שריפט העלפט אייך געפינען דעם וועג צו דעם ליבן "גאַרנישט", וואָס איז אַלץ, און לייענען אים קען אפילו די בעריכע, וואָס זוכט אירע בערעלעך אין וואַלד, ווו עס שלאָפן שוין פאַרשידענע חיהלעך "אַ הריווקע צו אַ הריווקע", "אַ שטרייף צו אַ שטרייף", "אַ פלעק צו אַ פלעק", "אַן אויער צו אויער" — זעט זי, אַז דאָס זענען ניט אירע, ביז זי געפינט ניט "אַ ווײַדעלע צו אַ ווײַדעלע". אָט אַזוי קען מען געפינען אייגנס לויט ליבע סימנים, מע דאַרף נאָר איין קלייניקייט — זיין אַ מאַמע. איז טאַקע דאָס סינעקדאָכאַל־מעטאָנימישע אַ בילדערישער אויסדרוק פון אַ באַשטימטן קוק אויף דער וועלט — און דאָס איז דער קוק פון מוטערלעכע אויגן.

פאַר דער בוימוואַל בלייבט אפילו די פאַרפלויגענע קינדהייט אונדזער גאַנץ פאַרמעגן, ווייל עס איז ניטאָ קיין מער אוממיטלבאַרס, מער פאַרטרוילעכס, מער

ערלעך־ריינס, ווי די וועלט, וועלכע מיר האָבן געירשנט פון דער קינדהייט. בוימוואָל גייט ניט צו צו דער קינדהייט ניט סענטימענטאַל און ניט, אַזוי צו זאָגן, אוטיליטאַריש, זאָל זיין אפילו, ווען זי האָט צו טאָן מיט דעם זיטלעך־צירלעכן, וואָס עס נעמען איבער אָדער דאַרפן איבערנעמען די דערוואַקסענעביים קינד, פאַר איר איז דאָס קינדערישע אין דער נאַטור אַ סוווערענע וועלט אַן און פאַר זיך, וואָס פון איר גייען אונדזערע אָנהייבן, אַנטוויקלונגען, אָבער וועלכע מיר קענען ניט איבערשטייגן אין איר ווונדערלעכער, זיך ניט איבער־חזרנדיקער פאַרפולקומקייט, שלימותדיקייט, האַרמאָנישקייט.

אַביימעלע איז ניט קיין קליינער בוים,
וואָס ווינציקער פאַרנעמט ער אָרט און רוים...
איך האָב פון קינדהייט אָן נאָך פאַרגעדענקט,
אַ ביימעלע איז פריילעך, און אַ בוים איז שטרענג.
אַ וואָלקנדל איז ניט קיין וואָלקן, וואָס איז קליין,
אַ וואָלקנדל האָט גאָר אַן אַנדער חן,
אַ זילבער־ליכטיקס, און די גרויס אַ שפּאַן —
אין סאַמע העלע טעג איז עס פאַראַן.

אַזאַ איז ער — דער חילוק צווישן דערוואַקסענעם און קינד ווי צווישן אַ פריילעך געמיט און צעבראָכן הארץ, ווי צווישן דעם ליכטיקן און כמורנעם טאָג. און ווילסטו אַריינגיין אין אָט אַזאַ וועלט פון נאַטור־האַרמאָניע, טאָ דערפיל די שייכות צו איר, ווייל אַלץ איז געקנופּט און געבונדן, און גאָרניט טאָר ניט אָפּגעריסן ווערן מיט ברוטאַלער קראַפט איינס פון צווייטן:

„ביין אָפּטיילן האָט קיין מאָל ניט קיין זין
די פיש — פון וואַסער, פון דער קווייט — די בין.
אין דער נאַטור איז איינס אָן צווייטן גאָרנישט ווערט."

אָט די פאַנטעיסטיש פאָעטישע וועלט־עמפּפינדונג איז אויך דורכאויס אַ מוטערלעכע. אמת איז אַז אַ מוטער דאָס איז דער קוואַל פון קינדהייט, נאָר צי איז זי דען אויך נישט קיין דערוואַקסענע, וואָס מוז נאָך דעם, ווי זי אַנטווײנט דאָס קינד, זיך אָפּפרעמדן פון זיין שוין אייגענער סודותדיקער וועלט. די צווישנ־באַציונג פון מוטער און קינד איז סיי ליידנשאַפטלעך סיי דראַמאַטיש אין איר ליריק, אָבער מע דאַרף גוט פאַרשטיין, אַז מאַמע און קינד בילדן פאַר דער בוימוואָל איין לעבנס־קרייז, אַ מין זיך דרייענדיקן קאַראַהאָד, ווו דאָס דער־וואַקסענע טוישט זיך מיטן קינדישן און דאָס קינדישע מיט דערוואַקסנקייט:

„מיין גרויס קינד אין דעם גרויסן בעט
שלאָף, עס זינגט דיר אַ ניגון
דיין קליינע מאַמע. עס איז שוין שפּעט,
נאָר קיינער קומט זי ניט וויגן."

און דערפאַר פילט בוימוואָל אַזוי טיף אָרגאַניש דאָס לעבן אַלס שפּיל — איינער פון אירע לירישע לייטמאָטיוון — „אויב איך בין אַ מאַמע, מיינסטו

אַז מיר ווילט זיך גאַרניט שטיפן". מע דאַרף וויסן, אַז גראַד די גרינטלעכע, קוואַליקע און וואָרצלדיקע אָנהייבן פון לעבן זענען אומבאַרעכנט, ד.ה. שפּילעוו־דיק, ווייל וואָס איז קינדהייט אויסער שפּיל, און וואָס איז ערנסטער פאַר די אָנהייבן פון לעבן ווי קינדהייט; וואָס איז ליבע אָן שפּיל (מיר שפּילן דען ניט קיין ליבע?), און וואָס איז ערנסטער פאַר די אָנהייבן פון לעבן ווי ליבע. אָבער מיט אונטערשטרייכן, אַז דאָס לעבן איז אַן ערנסטע שפּיל באַגרענעצט זיך ניט איר פּאָעטישע וועלט־אָנשויונג; זי גייט ווייטער, פאַר איר איז דאָס לעבן פול נאַר אין זיין פרייער שפּיל, אָן פרייהייט ווערט די וועלט צעבראָכן. מיט דעם איז אויך פאַרבינדן ביי דער בוימוואַל די פּראָבלעם פון דערקענטעניש. אין איר מעשהלע "אַ סוד" שטרייכט זי אונטער אַז מיט גראָבן כוח וועסטו איבער דער נאַטור ניט הערשן, אירע סודות ניט אַנטפּלעקן, ווייל די מאַמע־נאַטור איז שע־מעוודיק אין איר געבורט און דער עיקר — זי האָט פיינט, ווען מען פאַרגוואַל־דעוועט זי; פריי זענען די שעפערישע כוחות. פון דאַנען גייען די פרייהייט־ליבנדיקע מאָטיוון, וואָס ברויזן אויף אין איר ליד און מעשהלע מיט מורדיש־פּראָטעסטירנדיקע קרעפטן קעגן דעם דעספּאָטישן אויטאָריטעט פון וואַנען עס זאָל ניט גיין ("אָפּשפּיגלונג", "דער משפט איבערן מלאך" א.א.). די דיכטערין ווייסט, אַז מוטערלעכקייט איז אָפן ווי די ליבע, און דערפאַר הייבן אָן פאַר איר צו עקזיסטירן אַלס רעאַלקייט אויך יענע דערשיינונגען, מיט וועלכע עס שוואַנ־גערט נאָך די וועלט, "און איך דערפיל דעם נאָך ניט געבוירענעם רעגן". אַזוי כאַוועט זי אויס אין איר נשמה און ליד אַ לעבנסליכטיקע, הומאַניסטיש שטאַנד־האַפטיקע וועלטעמפּינדונג. אָבער בוימוואַלס גרויסע לעבנס־דערפאַרונג זאָגט איר אונטער, אַז די וועלט איז דורכאויס געוועבט פון ווידעראַנאַנדן, אַז אומ־ענדלעך איז איר סתירהדיקייט, אַז אירע ווידערשפּרוכן זענען אויף מעסער־שטעך ביז צו פאַרוווּנדיקן אונדז דאָס האַרץ —

"די וועלט איז שטיל און צעברויזט  
נאָכגעביק און שטרענג,  
אומענדלעך פריי איז די וועלט,  
די וועלט איז משונה ענג."

און אַזוי איז אויך די דערקענטעניש פון וועלט, מענטש, לעבן, ליבע —  
"וואָס טוט שטאַרקער וויי — ס'איז שווער באַשליסן —  
דאָס דערוויסן זיך, צי דאָס ניט וויסן."

דאָס ניט וויסן איז דער מקור פון טראַגעדיעס, אָבער וויסן באַטייט דאָך פאַרבאַוווסטזיניקן זיי, וואָס איז צוויי מאָל ביטער. רחל בוימוואַל, ווי אירע חברים־דיכטער, לעבט אין אַן עפּאָכע, וואָס טיילט זיך אויס מיט אינטענ־סיווער טראַגיש־היסטאָרישער דינאַמיק, לעבט אונטער אַ מין האָגל פון גע־שעענישן, ענדערונגען, איבערבראָכן, איבערקערענישן, סאָציאַלע עקספּערימענטן, רעוואָלוציעס, מלחמות, נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפעס און ווידערגעבורטן. ס'איז די צייט פון זיך יאָגן נאָכן בלויען פויגל און בלייבן מיטן שוואַרצן ראָב־פעדער

פון שווערסטע אנטוישונגען; נאָר ניט צופעליק איז דאָך איר צענטראַלער ליריי־שער העלד דאָס קינד און די קינדהייט, ניט אומזיסט איז זי די זינגערן פון יענער ליבע, וואָס בעט דעם געליבטן:

״זעץ זיך צו צו מיר, ווי צו אַ מאַמען,
לאָז זיך צוטוליען, ווי צו אַ טאַטן.״

און אוודאי נישט אומזיסט איז זי די דיכטערן פון אַ פאָלק, וואָס הייבט שטענדיק — און באַזונדערס איצט — אָן אַלץ אין זיין געשיכטע אויף ס׳נייי. אין דער פאָעמע ״דאָס מיידעלע״ מעלדעט בוימוואַל, אַז זי געהער צו אַ דור, וואָס האָט דורכגעלעבט צוויי מלחמות, און נאָך וויכטיקער אין דעם פאַל איז, וואָס ריזיקע היסטאָרישע אויפטרייסלונגען פון עפּאָכאַלן מאַסשטאַב ברעכט זי איבער דורך דער ביאָגראַפיע פון ״אַ פינפיאָריקן מענטשן״. און דער העלד פון צייט איז זי אַליין — דאָס קליינינקע בלויאויגיק און בלאָנדהאָריק מיידעלע, וואָס די וועלט האָט אַ שליידער געטאָן אויף געפערלעך־אומרויקע בלוטיקע וועגן פון בירגערקריג צוזאַמען מיט דערוואַקסענע, וועלכע פּרוּוון זיך אויף טיפוס־צוגן אַנטלויפן פון דעניקינצעס און אַנדערע באַנדעס און פּאָרן, ניט וויסנדיק, זייער אומגליק אַנטקעגן.

אין איר פאָעמע שטויסט די דיכטערן צונויף די האַרמאָנישע נאַטור און נאַיווקייט פון קינד מיט דער אכזריותדיקער דיסהאַרמאָניע פון דער געזעלשאַפט. אמת, די געזעלשאַפטלעכע קאָנפליקטן זענען דאָ געשילדערט אין זייער מענטש־לעכער קאָמפּליצירטקייט אַזוי, אַז די פּאָליטישע געשעענישן וואַקסן אַריבער אין דעם אייביקן קאַמף צווישן דעם גוטן און שלעכטן און ווערן אַזוי אַרום דער־הויבן צו אַן עטיש־מאָראַלישן פּראָבלעם. פאַר אונדז שטייט דאָ אויף אַ גאַלעריע געשטאַלטן, ווי צ.ב., דעם מיידעלעס פאָטער — אַ יידישער דראַמאַטורג און רע־זשיסער, וואָס ווערט געהרגעט אין וועג בעת אַ פּאָגראָם פון די ווייס־פּאָליאַקן. זיינער אַ שילער, אַ יונגער בחור, וואָס פאַרבייט איר אַ טאַטן, די מוטער א.א. אָבער די הויפּטפיגור, איז דאָס מיידעלע — באמת אַן אומפאַרגעסלעכע טיפּישע און קאָנקרעט־אינדיווידואַליזירטע פיגור.

ליריק איז לויט איר ווען פילאָסאָפיש און פאַראַלגעמיינערונג איז איר נאַטור; וואָס שייך דעם אינדיווידואַליזירנדיקן עלעמענט, איז ער אין איר מער פאַרבאָרגן איידער אין פּראָזע. מע קען זאָגן, אַז אין ריינער ליריק בלייבט דער טרעגער פון יחידיש־אינדיווידועלן בעיקר די פּאָעטישע פּערזענלעכקייט, וואָס שניידט איין מיט איר טעמפּעראַמענט אייגענע טיפע שטריכן אין דער פאַראַל־געמיינערונג און מאַכט דערקענבאַר דאָס טיפּישע, גיט אים צו אַ באַשטימט געזיכט. דאָרט ווו דאָס לירישע גיסט זיך צונויף מיטן עפּישן עלעמענט ווערט די פּראָבלעם פון אינדיווידואַליזירונג פאַרלייכטערט, ווייל אַ ליריש־עפּישע גע־שטאַלט איז אין אַ באַשטימטער מאָס אָביעקטיוויזירט, און לאָזט זיך ברייטער מאָלן. און טאַקע, אין דער פּאָעמע ״דאָס מיידעלע״ מאָלט זיך אויס פאַר אונדז אַ געשטאַלט, וואָס רירט און פאַרכאַפּט מיט איר אמתדיקייט, פולבלוטיקייט. אויף

אונדזערע אויגן פאַרמירט זיך דער באַוווסטזיין, די פסיכיק, דער כאַראַקטער פון אַ יידיש קינד אונטער דער שטאַרקער ווירקונג פון טראַגישע צייט־געשעענישן.

דאָס מיידעלע איז דאָ גראַד אין דעם עלטער פון ערשטע דורכלויכטן אין איר מוח׳ל, פון ערשטע זון־שפּראָצן אין איר באַוווסטזיין:

״דער סוד פון אַלע סודות, סוד פון ווערן,
געהיימע טיפעניש פון ערשטן קלעם,
אויף שטענדיק ווערט דאָ עפּעס אויסגעהעלט
ווי איינער זאָגט — אַהאַ, אָט דאָס הייסט וועלט.״

שרעקלעך און דאָך צוציענדיק, ניי, פריש איז פאַר איר אָט די וועלט; ווי גליקלעך־זיס איז צו לויפן איבערן פעלד מיטן טאַטן און אין דער זעלבער צייט שטייען שוין אויף פאַר איר ווי פאַר אַ גרויסן פראַגעס פון לעבן און טויט, פון גוטן און שלעכטן מענטש. און אין דעם באַשטייט טאַקע די ספּעציפיק פון וועלט־באַנעם פונעם יידישן קינד. ווי אין אַלע צייטן וויל זיך אַ קינד שפּילן, מאַכט זי אַ ליאַלקע פון אַ האַנטוך, און ווען די דערוואַקסענע נעמען מיט אים ווישן געפּעס גלייבט זי,

״אַז באַנדיטן איר טעכטערל האָבן פאַרשניטן —
אַ שפּיל אַזאַ, וואָס זיך פאַרגינט
אַן אַנגעליטן יידיש קינד.״

און דאָך ווייזט אויך דאָ בוימוואַל די קינדישע פאַרטרוילעכקייט פאַר מענטש און לעבן. פון איר קינדהייט אַן וועט זי טראָגן מיט זיך פאַרלוירענע אילוזיעס און דאָך מוטערלעך שטאַלץ טראָגן דעם שווערן עול פון לעבן, ווי איר סוקע־וואַטע־געבויגענער בוים זיינע פּירות (״דער באַרנבוים״). איר געדענקט מסתמא לאַמאַרטינס ליד, דער ״טאָל״, ווו ער שילדערט דעם מענטשנס לעבן ווי אַ שטע־געלע, וואָס פאַלט אין נידער, ווערט דין ווי אַ פאַדעם ביז דער טויט שניידט עס איבער; ביי דער בוימוואַל פאַרקערט:

״דאָס שטעגעלע דאָס שמאַלינקע אין זונענגאָלד אין בלענדיקן —
זיך דרייט און דרייט פאַוואַלינקע און וויל זיך גאַרניט ענדיקן.״

מיט אָט אַזאַ שטעגעלע פירט זי אונדז אַריין אין דער ליכטיקער וועלט פון מעשהלעך.

בוימוואַלס ״מעשהלעך פאַר קליין און גרויס״ זענען לויט זייער פאָרם אַנאַ־ליטיש, לויטן זשאַנער און סטיל — סינטעטיש. איר טרעפט דאָ מעשהלעך שטייגערישע, אַנימאַליסטישע, דיאַלאָגישע, פילאָסאָפישע, לירישע, הומאָריסטישע, סאַטירישע מיטאַלאָגישע און אויך אַנדערע. דאָס מעשהלע איז בעיקר געוואָרן דער באַליבטער זשאַנער ביי די ראָמאַנטיקער פון ליודוויג טיקן דורך האָפמאַנען צו אַנדערסענען, און אין דער יידישער ליטעראַטור — פון פּרצן ביז דעם נסתר. און ביי אַלע איז דאָס מעשהלע אין דער אָדער אַנדער מאָס ראָמאַנטיש־סימ־באָליסטיש. פאַרשטייט זיך, אַז בוימוואַל האָט געעירשנט ניט ווייניק פון אירע פאַרגייער, אָבער אירע מעשהלעך זענען איבערהויפּט רעאַליסטיש און ממש

דורכגעזאַפּט מיט איראָניע, וועלכע איז, ווייזט אויס, באַוווּסטזיניק קעגנגעשטעלט יענער ראָמאַנטישער איראָניע, וואָס האָט געשטרעבט דערווייזן, אַז דאָס מעשהלע איז אייגנטלעך די איינציקע אידעאַלע רעאַליטעט און ניט דאָס לעבן גופא. אין איר געשיכטעלע אַ "פעסל וואַסער" שטרעבט די בוימוואַל, דוכט זיך, ענדגילטיק אונטערצורייסן די וואָרצלען פון אַלטן מעשה־זשאַנער. זי דערציילט אונדז דאָ, ווי דער באָבעס אַ פאַרלוירענער פינגערהוט ווערט אַ פעסל וואַסער פאַר די פליגעלעך און זשוקעלעך — אַ מין מחיהדיק מעשהדיק וועלטעלע, נאָר אַט געפינט די אַלטיטשקע איר פינגערהוט, און אויס מיטן אויסגעדאַכטן פעסל וואַסער און אויס מיטן מעשהלע אַליין. פון שטענדיק אָן איז די באָבעצי געווען די טרע־גערין פון דעם מעשהלע, דאָ ווערט זי די צעשטערערן פון דעם. אין "אַמאָל איז געווען אַ העלפאַנד" ברעכט די איראָניע דורך דעם ראָמאַנטישן מעשה־זשאַנער אויף אַזוי פיל, אַז דורך אַלע זיינע שפּאַלטן רייסט זיך אַריין דאָס לעבן מיט אַלע זיינע פּראָבלעמען און פּאַסירונגען. בוימוואַל שמעלצט אַריין אין מעשהלע אויך דעם משל, ווייל זי באַהאַלט ניט אויס, אַז זי וויל אַלס קינסטלער לערנען דעם מענטשן זיין בעסער, ווען זי פירט דעם משל אַרויס אַלס זעלבשטענדיקן זשאַנער פון מעשהלע ווערט ער דורכויס סאַטיריש. אירע מעשה־לעך זענען פּאָעטיש, ליריש, פול מיט לעבנס־חכמה. אַ באַזונדער אַרט פאַרנעמען ביי איר מיטאָלאָגישע מעשהלעך. בוימוואַל שאַפט נאַטור־פילאָזאָפישע מיטן.

ווייסט זי אָבער, אַז די צייט פאַר מיטאָלאָגיע איז לאַנג פאַרגאַנגען. דערפאַר באַציט זי זיך צו איר מיט איראָניש, ס'הייסט זי פאַרוואַנדלט דעם מיט, אין וועלכן דער פּרעהיסטאָרישער מענטש האָט געזען אַ פאַרגעטערטע ווירק־לעכקייט, פּראָסט אין אַ שיין מעשהלע. זי וועט אייך פאַרציילן וועגן דעם, אַז די זון און די לבנה האָבן אַ שלעכטע ראיה, זענען איינזייטיק, פאַרקערט, דאָס ווינטעלע זעט אַ גאַנצע וועלט. פיל פון אירע ניט מיטאָלאָגישע מעשהלעך זענען געווענדט קעגן שמאַלקעפּיקייט, סוביעקטיוויסטיש־באַגרענעצטע באַציונג צום לעבן. זי וועט אייך פאַרציילן אין אַ נאַיוו־אוממיטלבאַרן טאָן און איינצייטיק מילד, שפּילעוודיק און שאַרפזיניק, פאַרוואָס האָט די אוגערקע באַקומען פּומפּער־לעך, פאַרוואָס וואַקסן שוואָמען נאָך אַ רעגן. און אין דער זעלבער צייט, אויס־נוצנדיק אַט די מיטאָלאָגישע פאָרם, שאַפט זי באמת פּרעציאָניש מיט פּראָבלעמען אָנגעגליטע מעשהלעך, ווי צ.ב. וועגן דעם ריטשקעלע, וואָס האָט זיך, ווי אַ נאַרציס, איינגעליבט אין זיך און אויסגעטרוקנט געוואָרן, וועגן דעם מלאך, וואָס האָט געוואָלט העלפן מענטשן, נאָר מיט זיין אָנוועזנהייט אין גיהנום זיי נאָר פאַרפירט; די מעשה מיטן קרעבס, וואָס איז צו זיין שרעק פאַרטראַגן געוואָרן אין דעם איבערמאַרגן אויף פרעמדע פליגלען. דאָס מעשהלע ווי די ליד פון אַט דעם שניט, איז ביי דער בוימוואַל אַ כוח, וואָס העלפט איר אויף אַ קליינעם שטח שאַפן טיפּישע סאַטירישע כאַראַקטערן, ווי צ.ב. "נישט דאָס נישט יענץ", "איך בין ניט איך" א.א. פאַרכאַפנדק שיין איז דער ראָמאַנטישער מיט אין אַ "ים געשיכטע", ווו די רייכע פיש, וואָס זענען באַדעקט מיט גאָלדענע מטבעות, פירן

אַן אייביקע מלחמה מיט די מעוועס פאַר הערשן איבערן ים, נאָר זיינע כוואַליעס בלייבן שטענדיק פריי — דאָס איז באמת אַן אַפּאָפעאָד, פון דער מענטשלעכער פרייהייט.

דער אַנאַליז פון בוימוואָלס מעשהלעך ווייזט, אַז אַט דער זשאַנער איז ביי איר פריי פון טרוקענער דידאַקטיק, ווי עס מיינען אייניקע. ווי ביי יעדן עכטן קינסטלער קען אויך ביי איר טרעפן, אַז די אידיי וואַקסט אַריבער דאָס בילד, און דעמלט שטאַרצט אַ טייל פון איר אַרויס הויל־טענדענציעז און טרוקן („דער הונט, די קאַץ און די מייז"). אָבער אינטערעסאַנט איז, אַז דאָס קער כלל זיך ניט אַן צום מעשהלע, נאָר גיכער צום פּראָזע־משל. רחל בוימוואָל לאָקט אונדז און פאַרכאַפּט מיט יענער לאַקאַנישקייט פון מעשהלע, וואָס איז דערפירט ביז אַ סענטענץ, וועלכע שפּילט ממש מיט אַלע וואַרעמע פאַרבן פון לעבן און פּאָעזיע.

רחל בוימוואָל האָט אַ לעבן געקעמפט פאַר זיין איינגעוואָרצלט אין אַן אייגענעם באָדן, און געוועזן איז איר גרונט די פאָלקס־נשמה, דער געזאַנג. נאָר אַ דאַנק דעם איז זי דורכגעגאַנגען אונדזער גרויסן בראָך אַ גייסטיק און שעפע־ריש ניט איינגעבראָכענע, געקומען אַלס אַ דיכטער זיין דער ריכטער איבער נאַציסטישע מערדער; זי איז אָבער אויך געקומען אַלס זינגערן פון אונדזער נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט. אין איר ליד „דאָס פּוך־בלימל" זינגט זי:

„פון אַלע זוימען אפשר וועט געלינגען
בלויז איינעם אין דער ערד אַריינצודרינגען,
אַז אַלץ אויף ס'ביי זאָל אָנגעהויבן ווערן.
דער זעלבער גורל קען צו מיר אויך קערן—"...

און קיין מאָל איז פאַר איר, וואָס האָט צוזאַמען מיט איר פאָלק, ווי אַט דאָס לופטבלימל, זיך געטראָגן דורך צייטן און רוימען, ניט שפּעט זיך איינצו־וואָרצלען נאָך אַ לעבן אין פרעמדע שטעט אונטער פרעמדע געטער אין איר אייגענער ערד פון ירושלים. אומעטום האָט זי געלאָזט אַ שטיק האַרץ אויף דערנער — און אויב אַזוי איז דאָך באמת קרוב אַן אַנגעווייטיקט האַרץ פאַר דער אַנגעווייטיקטער הייליקער שטאָט, און ווער, אויב ניט די דיכטערין, וואָס קוקט אַזוי געטריי מיט מוטערלעכע אויגן אויף דעם לעבן, וועט אויסשטרעקן איר האַנט און איר ליד פאַר דער יונגער אויסגעבענקטער היים, וואָס שטעלט דער־וויל אירע ערשטע טריט און „דאַרף נאָר איינס — אַ מאַמע".

---

* רחל בוימוואָל: אויסגעבענקט. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, תשל"ב, 1972.
** רחל בוימוואָל: אַמאָל איז געווען אַ העלפאַנד. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב תשל"ג — 1973.

אברהם ציקערט

# אַ וואָגיק בוך

״וואָרט איין, וואָרט אויס״, אַ זאַמלונג פון עסייען, געשריבענע אין משך פון פערציק יאָר — פון שמואל שחריה.

ס׳וואָלט אייגנטלעך מער פּאַסיק זיין, ווען דער ליטעראַרישער שטייגער וואָלט דערלויבט, אַנשטאָט אַן אייגענע אָפּ־האַנדלונג איבערצודרוקן דעם טרעפלעכן אַריינפיר פון פּראָפעסאָר סאָל ליפּצין, וואָס נעמט אַרום די ביאָגראַפיעס פון מחבר גופא, פון זיינע עסייען און גיט אויך גלייכצייטיק אַ בכבודיקע אָפּהאַנ־דלונג וועגן בוך גופא. פון דער אַנדערער זייט אָבער איז אפשר טאַקע בעסער וואָס אַזאַ נוסח איז נישט פּאַראַנען, ווייל דאָס ווערק איז ווערט ווייט מער ווי איין אָפּ־האַנדלונג און דער אַריינפיר איז כמעט אַן אינטעגראַלער טייל. פּאַרעפנטלעכן דעם אַריינפיר אויסער די ראַמען פון בוך וואָלט געווען כמעט ווי אַרויסנעמען אים פון אייגנטלעכן אינהאַלט.

דאָס בוך איז וואָגיק, וואָגיק — תרתי משמע: אַרום 470 זייטן צעטיילט אין 38 קאַפּיטלעך. דער צוטיפּשטעל פון די קאַפּיטלעך גיט אַ רייכע און ברייטע אָפּ־שפּיגלונג איבער פאַרשידענע קולטור־אַספּעקטן אין יידישן לעבן — בעיקר אָבער נישט בלויז אין מזרח־אייראָפּעי־ישן שטייגער אין לויף פון די לעצטע 150 יאָר. היות דער מחבר פון די עסייען האָט אַ לעבן לאַנג געאַרבעט אויפן גע־ביט פון וואָרט, איז קלאָר — אַז די זאַמלונג איז נישט סתם כדי ס׳זאָל זיין אויפן מאַרק פון יידישן בוך נאָך אַ ספר, נאָר כדי אָפּצופרישן און פון דאָס נייע איבער צו לערנען אַ ביסעלע פונעם אינהאַלט פון יידישן לעבן אַזוי ווי עס איז פאַרמירט געוואָרן אין משך פון דער תקופה וואָס דאָס בוך נעמט אַרום.

אין אַ צייט, ווען ס׳איז שווער צו פאַר־לאַנגען פון אַ יחיד ער זאָל זיך צייט נעמען יאָרן צו שטודירן יסודותדיק דעם נישט ווייטן עבר פון דער יידישער גע־שיכטע, איז שחריהס בוך — אַ קאָנ־דענסאַציע פון דעם קערנדיקסטן טייל פון יידישן גייסט, וואָס האָט געאַרבעט, געשאַפן און באַווירקט דעם יידישן מהות אין אייראָפּע — אין די לעצטע עט־לעכע דורות.

די ערשטע טייל עסייען איז געווידמעט דער טעמאַטיק פון ציוניזם, אָנהייבנדיק מיט ד״ר מאַקס נאָרדוי. כמעט ווי דער אונטערטיטול פון דאָזיקן טייל איז די שורה וואָס דער מחבר גיט באַלד צום ערשטן קאַפּיטל: ״פון קאָנווענציאָנעלע ליגנס צום ציוניזם״. דער טייל נעמט אַרום, נישט דווקא אין אַ כראָניקאַלער פאָרם, די דריי געשטאַלטן העס, הערצל און נאָרדוי. דער סטיל איז — לייכט צום לייענען, כאָטש וואָגיק אין אינ־האַלט. ס׳איז — ווי אַן עכאָ פון אַ צייט, וואָס זעט אויס צו האָבן עקזיסטירט נישט מיט עטלעכע צענדליק יאָרן צוריק נאָר מיט אַ תקופה פון וועלכער ס׳איז כמעט גאָרנישט פאַרבליבן אינעם גייס־טיקן היינט. ס׳וואָלט אפילו שווער גע־ווען צו געפינען פּאַראַלעלן צום גע־דאַנקען־גאַנג, וואָס האָט אַזוי שטאַרק באַווירקט און זיך אויסגעווירקט אין די טעג פון חובבי ציון און די ערשטע יאָרן פון הערצלס רעאָרגאַניזירטן ציוניזם, וואָס האָט דערפירט צום אויפקום פון מדינת ישראל. שוין בימי התנאים גע־

פינען מיר אַ מאמר, אַז משה רבינו וואָלט נישט דערקענט זיין תורה אין מויל פון די שעפער פון תלמוד. דאָס זעלבע לאָזט זיך זען אין פאַרווירקלעכטן ציוניזם וואָס ווערט באַהאַנדלט אין די עטלעכע קאַפּיטלעך פון שחריהס בוך. אויב דער יסוד פון נאַרדויס געדאַנקען־גאַנג איז מאַסגעבנדיק לגבי עטיק, שלום, יחיד און געזעלשאַפט און זיינע אויספירן זענען אַמאָל געווען ווי סימנים אויפן וועג פון אונדזער גאַנג צום אחרית הימים און צום אור לגויים, איז שוין היינט שווער צו זאָגן צי מיר זענען ערגעץ־ווו אין גאַנצן אַראָפּ פון דרך הישר, אָדער מיר זענען ערגעץ־ווו פאַר־לאָפן אַזוי ווייט אַוועק, אַז מען וואָלט אַזש געדאַרפט גיין — אויף צוריק.

דאָס זעלבע איז אויך מער ווי אָנגע־דייט אין דעם אויספיר איבער הערצלס לעבנס־אַרבעט. ס׳איז, דאַכט זיך מיר, ווערט איבערחזרן כאָטש אַ טייל פון דעם אַריינפיר צום 6טן קאַפּיטל ציטירט פון הערצלס "אונדזער האָפענונג" "...דער ציוניזם, ווי איך פאַרשטיי אים, אַנט־האַלט ניט בלויז די שטרעבונג צו אַ רעכטלעך־געזיכערטער היים פאַר אונ־דזער אָרעם פאָלק. נאָר אויך די שטרע־בונג צו מאָראַלישער און גייסטיקער שליחות". שחריה האָט באַוויזן אין זיינע עסייען, געשריבענע מיט עטלעכע צענ־דליק יאָרן צוריק, אויפצוכאַפּן דעם אָרי־גינעלן קלאַנג, די נישט געפעלשטע האָפ־נונג, דעם נאַאיוון כמעט גלויבן, וואָס איז געוואָרן דער שטאַרקער כוח פון יידישן פאָלק אויף זיין וועג צוריק אַ היים דער תהום פון דעם דעמאָלט־דיקן גלויבן סיי אין זיך אַליין און סיי אין דער משפחה פון פעלקער אויף דער וועלט ביזן היינטיקן געפיל פון נאַציאָנאַלער סכנה פאַרן פיזישן און גייסטיקן קיום איז כמעט אַ תהום וואָס לאָזט זיך נישט אַריבערשפּאַנען. ווידער אַמאָל לאָזן די קאַפּיטלעך איבער אַן אומרויק געפיל, אַז אפשר דאַרפן מיר, אָנשטאָט גיין פאָרויס זיך אויסדרייען און גיין אַ ביסעלע אויף צוריק. ס׳וואָלט זיך אויך געוואָלט עטוואָס אַנאַליזירן דעם בריוו־אויסטויש צווישן הערצלען און נאַרדוי וועגן ציווילע געזעצן אין דעם יידנשטאַט, ווי הערצל האָט פאָרויסגעזען און ווי עס איז היינט. אָבער דאָס קען שוין זיין צופיל פאַרפירעריש...

ברייט איז דער פאַרנעם פונעם בוך אויפן געביט פון ליטעראַטור אין יידיש. דאָ איז ווידער שחריה אָריגינעל אין זיין אָפּקלייב — דאָס ערשטע קאַפּיטל פון אונדזער ליטעראַטור אין יידיש איז געווידמעט דער פאַרטיידיקונג פון שלום אַשן, אָדער אפשר ריכטיקער אַ קאָנטער־אַטאַקע אויף די אַטאַקירער, אויף די אָנגרייפער, וואָס וואָגן אַרונטעררייסן שלום אַשן — דורך טעמאַטיק. אָט זאָגט שחריה באַלד אין די ערשטע 40 שורות, "אפשר טאָקע איז דער מאַן פון נצרת — דער מאַן פון נצרת און נישט די קאַטוילישע וועלט וואָס איז ספק קריסט־לעך ספק אַנטי־קריסטלעך — געווען מיט די פאַרניכטערס." טאָמער איז דאָס ווי־ניק — איז שחריה נישט קיין פּחדן און נישט קיין פוילער און דרינגט נאָך טי־פער אַריין אין ליטעראַרישן שלאַכט־פעלד כדי צו פאַרטיידיקן די רעכט פון אַ קינסטלערישן אמת, אין זיין אַטאַקע איבער די קריטיקער פון שלום אַשן רעדט שחריה וועגן דער "פּאָלעמיק", וואָס ליבערמאַן פירט מיט שלום אַשן און קומט צום אומברחמנותדיקן אויספיר: "...אין 'איסט ריווער'... גיט שלום אַש אַ טיפּ פון אַ יידן וואָס הייסט שמו־לעוויטש. דער דאָזיקער ייד איז נישט קיין 'שיינער ייד'. געפעלט עס נישט דעם קריטיקער: הלמאַי האָט שלום אַש געפינען 'שיינע גויות' (איבערהויפּט: מאַרי), און איינער פון זיינע יידן איז דווקא אַ גאָטספאַרכטיקער ייד, אָבער לא עלינו אַ פּאַסקודניאַק... הימל עפן זיך." ס׳ווילט זיך ביז גאָר דערמאָנען דעם אָריגינעלן אויספיר פון שחריהס ענטפער וועגן עלילת־דם וואָס דער העלד פון אַשס בוך פאַן וויאַדאָמסקי זאָגט, אַז ער

גלויבט אַז יידן ניצן בלויז אויף מצות. לויט ליבערמאַנען איז שלום אַש דורך דעם געוואָרן אַן "אחר", קומט אָבער שחריה און ווייזט אויף גראָד דעם היפך; דער יצר הרע פון שרייבער רעדט אונ־טער צו ציטירן שחריהס אויספיר, אָבער די לאָגיק מאָנט, אַז דער לייענער זאָל זיך מטריח זיין צום בוך גופא. ס'איז ווערט די מי. (זייטן 137—140).

שחריה איז אַ גוטער אָבסערוואַטאָר. אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן א. מ. פוקס רירט ער אַן פאַרשידענע אַספּעקטן פון מחברס שאַפונג. אָבער ענדיקן ענדיקט ער מיט דער רירנדיקער דראַמאַטישער דערציילונג וועגן... אַ פערד וואָס האָט נישט געהאַט קיין היים. דאָס פערד הייסט "בילמע" און די נויט פון באַלע־באָס יאָגט אים צו זוכן אַן אַנדערן באַ־לעבאָס. דאָס פערד האָט אַ בילמע אויפן לינקן אויג און דאָס איז גענוג צו חתמע־נען זיין גזר צו בלייבן אָן אַ היים, אפילו זיינע "ראָסן"־ברידער פערד ווילן אים נישט האָבן צווישן זיך. אָט זענען די לעצטע שורות פון שחריהס אויספיר:

בילמע האָט שווער געקעמפט פאַר זיין קיום — אָבער די וועלף האָבן אים גובר געווען, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין היים... די דערציילונג איז טאַקע פון א. מ. פוקס, אָבער די קורצע, שאַרפע אָבסערוואַציע־שטריכן פון שחריה זענען דאָס פראַזשעקטאָר־ליכט צו דער בינע אויף וועלכע די דראַמע שפילט זיך אָפּ.

כדי ריכטיק אָפּצושאַצן דעם ווערט פון "וואָרט איין, וואָרט אויס", וואָלט כדאי געווען צו געבן דעם בוך (און דעם מחבר) אַ ברייטערע עסיי. אָבער עסייען וואָס זאָלן זיך אַראָפּלאָזן צו דער יסו־דותדיקער טיפקייט פון בוך און זיך אויפהייבן צו זיין גאַר גרויסער הויך פאַר־לאַנגען צייט (אָט זענען דאָך די 38 קאַ־פּיטלעך אַן אָפּקלייב פון איבער 40 יאָר שעפערישע אַרבעט). די איצטיקע אָפּ־שאַצונג איז ווי אַן אַריינפיר — אַ הק־דמה, וואָס זאָל אָנרעגן דעם נייגער פון לייענער צו באַקענען זיך מיטן בוך גופא, ווייל פון "וואָרט איין, וואָרט אויס" איז דאָ וואָס צו לערנען און פון וואָס הנאה צו האָבן.

## מאיר קוטשינסקי ז"ל

במשך פון לאַנגע יאָרן איז ער גע־שטאַנען בראש פון אַ גרופּע ענטוזיאַסטן יידישע שרייבער און קולטור־טוער אין סאַן פּאַולאָ, ווו ער האָט אויסגעפונען צייט אי צו לייענען, אי צו שרייבן ערנסטע עסייען וועגן געלייענטן, אי צו אַרבעטן אין זיין מלבושים־געשעפט פון פרנסה וועגן אי צו שרייבן דערציילונגען וועגן בראַזיליאַנישן יידישן לעבן, אי צו פאָרן אויף זיצונגען און אַרויסטרעטונגען אי איינצואָרדענען ליטעראַרישע אָוונטן און אָרגאַניזירן בוך־קאָמיטעטן אויף אַרויס־געבן ביכער פון יידישע שרייבער.

פון זיין בוך "נוסח בראַזיל", וואָס אפרים אויערבאַך ע"ה האָט באַצייכנט בשעתו מיט צוויי ווערטער "וואָרעמער רעאַליזם", איז צו זען, אַז אויך אויפן געביט פון קינסטלערישער ליטעראַטור האָט ער זיך אויסגעקליבן אַ שווערן וועג, דעם וועג פון אויפאַקערן די בתולה־ערד פון בראַזיליאַנישן יידישן שטייגער.

"נוסח בראַזיל" איז געווידמעט זיין ערשטער פרוי, "אסתרן — זי זאָל מיר פאַרגעבן, וואָס בעת אירע יסורים האָב איך געשריבן די דאָזיקע בלעטער". אים האָט זיך געדאַכט, אַז אויך דער אומגליק מיט זיין טאָכטער האָט ער פאַרקוקט צו־ליב זיין שרייבערישער שליחות.

אין זיין לעצטער בריוו צו מיר מיטן סאַן פּאַולער פּאָסט־שטעמפּל 23/9/76 שרייבט ער ביים סוף: "לאָמיר הערן נאָר גוטס. כ'מיין פון אייך, ווייל פון מיר, פון מיר — — — אייער בלבב ונפש מאיר קוטשינסקי".

ווען איך האָב דעם בריוו באַקומען און געלייענט, האָב איך ניט געאַנט, אַז איך האָב שוין ניט וועמען צו ענטפערן.

**מאיר חריק**

# לזכרון...

ז. ברכות ז״ל

## נעכט ביי וואַדי עמוד

אַ פינצטערע נאַכט, אַזאַ וואָס איז זעלטן צו טרעפן אין ארץ־ישראל. מען האָט געקענט אָנטאַפּן מיט דער האַנט דעם חושך. אַ שפּאַן פאַר זיך האָט מען ניט געזען. אַ העלע טונקלקייט דאָרט אין דער הייך, ווו די וואָלקנס האָבן זיך געטראָפן מיט אַ ווילדן אימפּעט.

דער ווינט פון וואַדי פעדזשאַס האָט בייז געברומט אין די הייזער, גע־קלאַפּט מיט די טירלעך, וויינענדיק געשאָקלט די שטעכערס הינטער דער קאָלאָניע און פאַרלוירן געגאַנגען אין די שטיינערנע בערג, צונויפגעגאָסן זיך מיט דער נאַכט. עס האָט אויסגעזען, אַז באַלד פון יענעם חושך וועט זיך אַרויס־רוקן אַ האַנט, שווער זיך אַראָפּלאָזן אויף די קאָלאָניסטישע הייזקעס, וועט זיי צודריקן.

אין דעם אַראַבישן דאָרף האָבן הינט געוויינט. די פעלדער, איין שטיק שוואַרצקייט, ווערן פאַרלוירן און געפינען מיט יעדן טראָט. מען האָט מורא איבערשטעלן אַ פוס, אַריינפאַלן אין אַ גרוב. אַזאַ געפיל האָט געהאַט סענדער דער וועכטער אין איינער פון די יידישע קאָלאָניעס אין אונטערשטן גליל, שאַרב־דיק זיך האָרט ביי דער וואַנט. ביי דעם לעצטן הויז האָט ער זיך פאַרהאַלטן, געזעצט זיך אויף דעם איבערגעקערטן אָקער וואָס איז דאָרט געלעגן.

אַן אויסגעצייכנטע נאַכט פאַר אַראַבער — האָט ער אַ בורטשע געטאָן אונטער דער קעפיע. דערהערט אַ קלאַפּ פון שטיינדל, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, זיך איינגעהערט. דער ווינט האָט זיך געקריגט מיט די שטעכערס.

— ווער קען וויסן וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען — האָט ער ווייטער גע־טראַכט — אַ קאָלאָניע אַ קליינע. צוויי ציילן הייזער אויפן שיפּוע פון באַרג. איבערן וואַדי, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, ליגט דאָס אַראַבישע דאָרף פון שבט... מיט די אַראַבער לעבט מען ניט בשלום. זיי, די אַראַבער, זענען גע־ווינט געוועזן, אַז זיי זענען די בעלי־בתים אין דער קאָלאָניע. מיטן קומען פון יידישע וועכטער האָט זיך עס געביטן. אַן אַראַבער קען שוין ניט אַרומגיין פראַנק

און פריי אין דער נאַכט אין קאָלאָניע. ווער האָט אים געשיקט און צו וועמען גייט ער.

די גאַנצע געגנט האָט דערפון געוווּסט. און דאָס איז געוואָרן אויסגענוצט דורך גנבים און רויבער, באַזונדערס, פון דעם געוועזענעם אַראַבישן וועכטער אַבוּ יוסוף. עס האָט געטראָפן, אין אַ נאַכט האָבן אַראַבער געפּרוּווט באַפאַלן אַ וועכטער און צונעמען ביי אים זיין ביקס, און אויף מאָרגן האָבן די אַראַבישע אַרבעטער, וועלכע אַרבעטן ביי די קאָלאָניסטן, נאָכגעפרעגט זיך וואָס איז געשען און מיט אַזאַ אָפענעם חוזק און חוצפה, אַז איינער פון די וועכטער האָט ניט אויסגעהאַלטן און צעשלאָגן איינעם פון די אַראַבישע אַרבעטער. עס האָט גע־טראָפן אַז דער איינער איז געווען פון אַבו־יוסופס משפחה.

— מאַסקאַבי, מאַסקאַבי, ביך, ביך — האָבן די אַרבעטער געדראָט. און ווייטער דערמאָנט ער זיך, ווען ניט שלמהס אַסילע, וואָלטן נאָך היינט ניט געווען יידישע וועכטער אין דער קאָלאָניע.

— שלמהס אַסילע? — אין יעדער קאָלאָניע זענען פאַראַן איינצלנע קאָלאָ־ניסטן מיט וועמען די אַראַבער זענען פריינטלעך, האָבן דרך־ארץ. די קאָלאָניסטן ווערן פאַררעכנט פאַר ווילע־יונגען "דזעדאַ". אַזאַ איינער איז אויך געווען שלמה. ער האָט געהאַט פריינד צווישן די אָנגעזעענסטע אַראַבישע שייכס אין דער געגנט, אויסגעבונדן מיט די רייכסטע אַראַבישע משפחות, אפילו געהאַט אַן אַראַבישע אַסילע אין שותפות. זיי האָבן אים געגלייבט, זיי האָבן געלאָזן ער זאָל האַלטן די אַסילע ביי זיך אין הויף. נאָר אַן אַכטל פון דער שקאַפע האָט באַטראָפן הונדערט נאַפּאָלעאָן.

עס האָט געטראָפן, אַז אין דער פרי איז ער אַרויס געבן דער אַסילע עסן, טרינ־קען, האָט ער די שקאַפע ניט געטראָפן. מען האָט זי צוגענומען. פאַר שלמהן איז דאָס געווען די גרעסטע שאַנדע. דער אַראַבישער וועכטער אַבו יוסוף איז יענע נאַכט ניט געווען אין דער קאָלאָניע. שלמה האָט פאַרשטאַנען. די גנבה פון אַן אייגענעם מענטשן. די קאָלאָניסטן האָבן ניט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס ער זיצט אין הויז און גייט ניט אַרויס זוכן די שקאַפע. די אַראַבער האָבן געוואַרט וואָס וועט זיין. זיי האָבן ניט געוווּסט, אַז שלמה האָט שוין אויסגעפונען. די שקאַפע האָט צוגענומען אַבו יוסוף.

אַ פאָר טעג שפּעטער האָט זיך אַבו יוסוף באַוויזן אין דער קאָלאָניע, ווי זיין שטייגער צוגעפאָרן צו שלמהן, וועלכער האָט אים באַגעגנט מיטן ביקס אין האַנט, געהייסן גלייך ברענגען די שקאַפע, ווען ניט... ער האָט ניט געדאַרפט פאַרענדיקן. אַבו יוסוף האָט געוווּסט, שלמה וועט האַלטן וואָרט. ער האָט גלייך פאַרלאָזן די קאָלאָניע. יענע נעכט האָבן די קאָלאָניסטן אַליין געהיטן די קאָלאָ־ניע. גלייך איז געוואָרן אומרויק. אַבו יוסוף האָט געוואָלט אָנלערנען די קאָלאָניסטן.

יעדע נאַכט האָט ער געפּרוּווט אונטערשיקן זיינע פריינד שרעקן די קאָלאָניסטן, געפּרוּווט פאַרטרייבן די טשערעדע, אפילו געפּרוּווט אונטערצינדן דעם באַיאַדער;

אויך אויף די וועגן איז געוואָרן ניט רויק, ניט זיכער. שלמהן האָט מען ניט אַנגערירט. די קאָלאָניסטן האָבן געפאָדערט שלמה זאָל עפּעס טאָן. שלמה האָט זיי געבעטן זיי זאָלן האָבן געדולד. דאָס זענען אַראַבישע שטיק. מען וויל אים אַנלערנען. אָבער די קאָלאָניסטן האָבן ניט געוואָלט הערן, געבראַכט טערקישע כאַיאַלן. איז געוואָרן נאָך ערגער.

די כאַיאַלן האָט מען געדאַרפט געבן פון דעם בעסטן. אַלע טאָג הינער, רייכערן, עסן פון דעם בעסטן. ווען ניט האָבן זיי גענומען אַליין. זיי זענען ניט אַרויס פון הויז. די אומרויקייט האָט דאָך ניט אויפגעהערט. קוים מיט צרות איז מען פון זיי פטור געוואָרן. סענדער האָט זיך פאַרגעסן, ווו ער געפינט זיך, האָט זיך צעלאַכט אויפן קול, אָבער גלייך אָפּגעהאַקט. און ווידער זעט ער פאַר זיך — די קאָלאָניסטן האָבן נאָך שטאַרקער געפאָדערט פון שלמהן מען זאָל צוריקברענגען אַבו יוסוף; אָבער שלמה, אַן זייער וויסן, האָט שוין פאַרהאַנדלט מיט סענדערן. ער זאָל אַננעמען די שמירה פון דער קאָלאָניע.

דער ווינט ווערט שטילער. די נאַכט — ליכטיקער. ווי אַ ווייסלעכע שלאַנג איז דער וועג געלאָפן פון די הייזער. אין וואָדי עמוד איז פינצטער. איבער די בערג — אַ טונקעלע ליכטיקייט צעשפּרייט. סענדער האָט זיך צוגעשפּאַרט, ניט באַוועגט זיך.

— שלאָפסט, וואָס איז מיט דיר? האָט סענדער דערפילט ווי מען טרייסלט אים — האָסט פיבער? — ער האָט זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט און דערקענט זאב וועלכער האָט באַמערקט: — אַבו דאוד האָט מיך געוואָרנט מיר זאָלן זיך היטן. איך האָב אים געשענקט מיין ״שעבריע״ (האַלב־אומגעבויגן מעסער).



דער פרימאָרגן! מען האָט ניט געקענט גלייבן, אַז די פאַריקע נאַכט איז געווען אַזאַ פינצטערע. די זון האָט פּשוט געריסן די פענצטער. אין די בערג צעשפּרייט אַ בלאָע פריילעכקייט. די פעלדער, ווי זיי וואָלטן געזונגען אין אומ־ענדלעכער פאַרשיכורונג, געאָטעמט צום הימל. פון זיין בעטל, אויפשטייענדיק פון שלאָף, האָט סענדער ניט געקענט איבערטראָגן זייער ניט־צוגעקליבענעם צימער און איז אַרויסגעשפּרונגען פון פענצטער, דערזען, ווי יואל ראַנגלט זיך מיט דעם שוואַרצן קעלבל. געוואָלט עס אַריינשלעפּן אין הויף. דאַכט זיך, עס איז שוין ביי אים אין די הענט — טוט אָבער דאָס קעלבל אַ דריי מיט זיין קאַנטיק קעפּל, אַ וואָרף מיט די הינטערשטע פיסלעך און מיט אַ קעלבערנער התפעלות הייבט עס אָן אַרומטאַנצן אין גאַס.

— וואַרט, איך וועל דיר העלפן — איז סענדער צוגעלאָפן, אָנגעכאַפּט דאָס קעלבל פאַר זיין קורצן עקל און אַריינגעשלעפּט אין הויף. דעם גאַנצן טאָג האָט זיך סענדער זייער גוט געפילט. ער ווייסט אַליין ניט פאַרוואָס. אפילו ווען ער האָט צוגעקליבן זייער צימער. ער האָט ניט געקענט איינזיצן אין הויז, האָט זיך אַרומגעדרייט אין גאַס. און ווען ער איז געקומען עסן, שוין פאַר נאַכט, האָט זאב באַוואונדערט זיין פּנים.

— וואָס איז מיט דיר. וואלא ליאזים?

די נאַכט פאַלט צו. די טשערעדעס זענען שוין געקומען פון פעלד. דער "טבור" האָט זיך געטונקלט אונטער די קרומע זונענשטראַלן, וועלכע זענען געפאַלן פון גלבוע. די ווייסע שטיינערנע צוים, וואָס רינגלט אַרום דעם קלויסטער אויפן באַרג, האָט אין דער טונקלקייט פון דער אַנקומענדיקער נאַכט אויסגעזען ווי אַ בלאַסער שמייכל פון אַ זקן וואָס האָט פאַנאַנדערגעעפנט זיין מויל און געוויזן די ווייסע יאַסלעס.

פערד האָבן קוים געשלעפּט דעם שווערן וואָגן אין דער שוואַרצער קלעפּי־קער ערד. אַ יונג איז רייטנדיק דורכגעלאָפן די גאַס, באַשפּריצנדיק אַלעמען.

סענדער, ווען ער איז אַרויס פון הויז, האָט עס אַנגעקוקט מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן. צוויי צייטן האָט סענדער ליב, דעם פאַרנאַכט און דעם פאַרטאָג. ער האָט ליב געהאַט דעם טומל אין גאַס אין די פאַרנאַכטן, און די שטילקייטן פון פאַרטאָגן. מיט אַ באַזודער צופרידנקייט האָט ער פאַרוואָרפן די אַבאַיע אויפן לינקן אקסל, אַ ברעג האָט זיך געשלעפּט אין דער בלאָטע. ער האָט ניט באַ־מערקט און איז אַוועק מיט דער גאַס.

ביי שאַפּיראָס הויז האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און גערופן:

— יואל!

יואל האָט זיך געוויזן אין פענצטער — פאַרטריבן דאָס קעלבל?

די נאַכט איז שוין אַראָפּגעפאַלן פון תבור. ווי אַ טונקעלער פויגל האָט זי צעשפּרייט אירע פליגלען איבער דער קאָלאָניע, וועלכע האָט נאָך געקאַכט מיט דעם טאָגיקן אימפּעט. איינצלנע אויסגעשרייען, אַן אַראַביש ליד פון אַ קאָ־לאָניסטישן הויף, דאָס רעווען פון די בהמות, האָט ניט צוגעלאָזן, געטריבן די נאַכט, וועלכע האָט זיך אַלץ נידעריקער און נידעריקער אַראָפּגעלאָזן און אַלץ שווייגן געמאַכט. אַ הונט האָט פון צייט צו צייט אומרויק אויפגעבילט, דער־פילנדיק דעם הונגעריקן שאַקאַל, וואָס האָט זיך שוין געשלייכט צו דער קאָלאָניע פון זיין באַהעלטעניש.

סענדער און יואל זענען געגאַנגען מיט די אָנגעלייגטע שטיינער האַרט ביי די הייזער, אויסמיידנדיק די בלאָטע. ביי דער שול אונטער דער גרויסער סידרע, האָבן זיי זיך צוגעזעצט. ביי דעם לערער אין הויז האָט זיך צעוויינט אַ קינד.

— ניט גרינג. ווינטער — האָט ער פאַרשפּרייט זיין אַבאַיע. פון אונטער דער סידרע האָט ער געזען דעם גאַנצן וועג, אָבער זיי האָט מען ניט געקענט זען. די נאָענטע שטערן אין הימל האָבן שוין באַדעקט דעם תבור און פאַרגנבעט זיך הינטער דעם אַראַבישן דאָרף. דער ווינט האָט געשאָקלט די ביימער ביי די הייזער אַזוי, ווי ער וואָלט זיי עפּעס דערציילט פון יענע ניט באַוווסטע געגנטן און ערטער פון וואַנען ער קומט איצט. די ביימער האָבן עס אויסגעהערט און באַוווּנדערט צוגעשאָקלט איינער דעם צווייטן מיט זייערע קעפּ.

— שטענדיק וועגן וועכטער — האָט אים יואל פאַרגעוואָרפן — זינט איך קען דיך האָסטו ניט קיין אַנדער זאַך. מען זאָגט, דו ביסט געווען אַ סטודענט. איך

פאַרשטיי ניט. היינט איז ביי אונדז געווען דער לערער, האָט ער אונדז דערציילט, אַז ער האָט געלייענט אין די צייטונגען...

— דער לערער האָט אַ גראָב ווייב און זעקס קינדער — האָט ער זי איבער־געשלאָגן מיט פּלוצעמדיקער רוגזה.

יואל האָט זיך נעענטער צוגערוקט.

— עס איז גוט צו זיצן מיט דיר. — און סענדער, אַזוי ווי ער האָט ניט געהערט:

— וואָס האָב איך פון דעם, וואָס דער לערער האָט געלייענט אין די צייטונגען. איך ווייס ניט פאַר וואָס עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז דאָ, אין ארץ־ישראל, איז אַלץ איבעריק. מיר זענען געקומען און מיר זענען אויך איבעריק עהככ... האָט ער אָפּגעהאַקט און צוגעגעבן:

— זאָג מיר, יואל, פאַר וואָס פילט מען זיך אַזוי פרעמד? פרעמדע זענען מיר. איך פיל זיך אַזוי ווי איך בין איינער אַליין. איך האָב ניט קיינעם. עלנט. איך גלייב אַז מיר אַלע פילן זיך דאָ אַזוי. פאַר וואָס? ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און, ווי ניט דערוואַרטנדיק קיין ענטפער, האָט ער גערעדט:

— ״זגורט״ — זענען מיר ניט געקומען העלפן בויען. טאָמער וועט פאַר אונדז אויך משיח קומען — וואָס איז געוואָרן? — און ווי ער זאָל זיך פאַר־וואַרפן וואָס ער רעדט, האָט ער אָפּגעהאַקט — קום, יואל, עס איז שפּעט. דאַרפסט גיין אין שטוב. אין וועג האָט ער זי געבעטן: — אַנטשולדיק, יואל.



דער ארץ־ישראל ווינטער, אייניקע טעג. עס האָט געגאָסן ווי פון אַן עמער. דער הימל באַדעקט מיט שווערע וואָלקנס, וועלכע קומען אָן מיט דער נאַכט און פאַרשווינדן מיט דער זון. אייניקע נעכט האָט נאָך גערעגנט. עס האָט געוויזן אויף אַ גוטן יאָר. די קאָלאָניע פאַראַרבעט. דער צווייטער גרויסער רעגן. מען דאַרף זיך צואיילן מיטן אַקערן און זייען. עס איז פריילעך און גרין. די פעלדער, זומער פאַרברענטע פון זון, האָבן זיך געגרינט אין ווייך־ליידנשאַפטלעכן צודעק פון סאַמעטגראָז. די אַרומיקע בערג האָבן געשוויבלט און געגריבלט מיט די אַרויסגעטריבענע טשערעדעס און פרויען, וועלכע האָבן געקליבן פאַרשידענע גראָזן ניט נאָר צו קאָכן, נאָר אויך פאַר רפואות. די נעכט אויף דער שמירה. מען ווערט אויסגעווייקט און עס איז ניטאָ ווו אויסטריקענען. מען קען נאָך אָנהייבן פיבערן. די פייכטקייט דרינגט דורך די ביינער. אין די נעכט זענען די וועכטער אומגעגאַנגען פאַרנוייז. סענדער האָט מיטגענומען מאירן, וועלכער איז ערשט געקומען פון יהודה; ער האָט געבראַכט חוה־שרהן, וועלכע וועט פאַר־בלייבן מיט די וועכטערס, זייער באַלעבאָסטע פאַר אַ פּאָר טעג. די וועכטער האָבן זייער שטאַרק געליטן, וואָס זיי האָבן ניט געהאַט קיין באַלעבאָסטע.

חיה שרה קען מען. זי איז נאָך געקומען מיט די ״האַמעליער״, ווען יידישע אַרבעטער האָט מען געקענט ציילן אויף די פינגער. פון שיף איז זי גלייך אַוועק אַרבעטן מיטן ״פּיאַש״ צוגלייך מיט די מענער. ווען די צאָל אַרבעטער האָט זיך

פאַרגרעסערט, באַזונדערס מיט אַנטלאָפענע פון דעם רוסיש־יאַפּאַנישן קריג, און מען האָט געעפנט אַן אַרבעטער־קיך, איז חיה־שרה געווען די, וואָס האָט דאָרט אַנגעפירט מיט דער גאַנצער אַרבעט. האָט זיך עפּעס געטראָפן מיט אַן אַרבעטער, קראַנק געוואָרן, אָדער עפּעס אַנדערש, האָט שוין חיה־שרה אַלץ פאַרזאָרגט. אפילו די אַראַבישע אַרבעטער און פאַרקויפער אין מאַרק האָבן זי געקענט און שטענדיק פאַרקויפט ביליקער, געגעבן אַ בעסערע מאָס. ווען זי האָט דערהערט וועגן די וועכטער איז זי גלייך געקומען צו פאָרן.

— ווי קומסטו איצט אין גליל — האָט זיך סענדער באַהאַלטן הינטער דער וואַנט פון דעם רעגן — איך ווייס ניט — האָט מאיר אַ בורטשע געטאָן אַזוי ווי ער האָט געוואָלט אויסמיידן דעם ענטפער.

— אין מיטן ווינטער — האָט זיך סענדער ניט אויפגעהערט צו וווּנדערן.

— איז ניט אַלץ איינס, ווינטער אָדער זומער? — האָט זיך אויך מאיר צוגעשאַרט צו דער וואַנט, — ווינטער איז נאָך בעסער ווי זומער, אַלץ גרינט אַ פאַרגעניגן; און אַנגעמענדיק סענדערן, האָט ער אים אַריינגעקוקט אין פּנים: פון ווען אַן האָסטו דאָס אַנגעהויבן אָט די פראַגן: בעסער דערצייל וואָס עס טוט זיך ביי אייך.

— עס איז ניטאָ וואָס צו דערציילן — האָט אים סענדער נאָכגעקוקט. די לעצטע צייט איז געוואָרן אומרויק. ששש — האָט סענדער אַנגעכאַפּט מאירן ער זאָל שווייגן. די גומע האָט אייניקע מאָל אויסגעשריען:

— אַ וועכטער און קען זיך ניט פאַנאַנדערקלייבן אין דער נאַכט — האָט מאיר געשפּאַסט און אויך זיך איינגעהערט: — דאָס איז ניט קיין מענטש, דאָס איז אַ חיה אין די שטיינער. קום עסן — האָט מאיר גערופן — איך בין זייער הונגעריק. חיה־שרה האָט צוגעגרייט אַ „מדזשעדראַ".

— מאַך ניט אַזאַ טומל — האָט זיך סענדער געבעטן.

— לאָז אָפּ — האָט מאיר פאַרגעוואָרפן, דער וועג איז מיינער, די נאַכט איז מיינע, וואָס ביסטו אַזוי אומרויק?

— גיי אַליין. איך וועל דאָ בלייבן — איז ער אַוועק מיט דער וואַנט און ביים סוף האָט ער זיך געטראָפן מיט גלעדי און חיה־שרהן, וועלכע האָט גלייך געפרעגט: — ווו איז מאיר?

— ער איז געגאַנגען אין שטוב.

חיה־שרה: — פאַר וואָס זאָלסטו אויך ניט גיין, — האָט ער זיך צוגעזאָגט און צוגעגעבן — ווען וועלן שוין די שייכס איבערנעמען שלמהס אסילע?

— איך גלייב, אַז דו דאַרפסט זיך אָפּרוען — האָט חיה־שרה קורץ באַמערקט. די ביקס האָט זי איבערגעלייגט אין דער צווייטער האַנט. און סענדער:

— וואָס הערט זיך, ווו ביסטו געווען די גאַנצע צייט?

אין יהודה, ווי שטענדיק. מען אַרבעט, מען פיבערט, און די קאָלאָניסטן ווי פריער. דאָס איינציקע, וואָס איז צוגעקומען נאָכן באַיקאָט איז, וואָס איצט

זאָגט מען ניט, אַז מיר פאָרן אום שבת, נאָר אַז מיר ווילן זיי מאַכן פאַר אויס ציוניסטן.

— מיר ווילן מער מיט אַ בישליק, מיר זאָלן קענען בויען דאָס לאַנד. זיי ווילן אונדז געבן ווינציקער מיט צוויי בישליקעס זיי זאָלן קאָנען בויען דאָס לאַנד, אַזוי זאָגן זיי. פרעמדע, צופעליקע זענען מיר פאַר זיי. פאַר וואָס קענען מיר זיך ניט צונויפריידן — האָט סענדער געפרעגט אין דער נאַכט.

— וואָס איז דאָ געוואָרן? — האָט חיה־שרה אַ פרעג געטאָן.

— די אַלטע מעשה ביי די קאָלאָניסטן. אבו־יוסוף איז זיי נעענטער; פאַר וואָס? דאָס הייב איך ניט אָן צו פאַרשטיין. זיי אַלע זענען דאָך געקומען בויען דאָס לאַנד, זאָל זיין אפילו מיט דער הילף פון צדקה.

— זיי האָבן צופיל געליטן. זענען צופיל אָנגעשראָקן; ווילן לעבן אָן מורא, סיי מצד די אַראַבער, סיי מצד די "געבער".

— אָבער וואָס האָט עס מיט אונדז, האָט סענדער געפרעגט מיט ווייטאָג.

— מיט אונדז האָט עס אויך אַזוי פיל, אויף וויפל זיי קענען אונדז ניט פאַרשטיין. פאַר וואָס פילן זיי זיך אַזוי גוט און היימיש מיט די אַנטלאָפענע סאָלדאַטן פון דעם יאַפּאַניש־רוסישן קריג?

— פאַר וואָס?

— ווייל די אַנטלאָפענע סאָלדאַטן זענען אָן שום אידעאַלן. זיי ווילן דאָ אַרבעטן, לעבן אָן טראַכטונגען וועגן חיבת־ציון און משיח, — האָט זי זיך צו־געשטעלט, ווי עס זאָל איר האָבן געוואָרן שווער צו ריידן. אין דער צייט זענען אויך צוגעקומען זאב, גלעדי און מאיר זאָגן סענדערן:

— גיי אין הויז אַריין — ער האָט זיך ניט געמאַכט הערנדיק.

דער עמוד־השחר האָט זיך געוויזן פון הינטער די בערג. דער פרימאָרגן־ווינט האָט געצווונגען זיך שטאַרקער איינוויקלען אין דער אַבאַיע. עס איז נאָך געווען פינצטער, אָבער מען האָט שוין פונאַנדערגעשיידט זאַכן. אַ האָן האָט זיך ווילעריש צעזונגען אין אַ הויף. פון אַנדערע האָט מען אים געענטפערט. אַ גראָ־קייט האָט זיך שוין אָנגעהויבן צעשפרייטן איבער די הייזער.

— באַלד וועלן מיר אַלע קומען — האָט מאיר געשפּאַנט מיט דער לענג פון דער וואַנט איינער אַליין. שווייגנדיק האָבן אים די איבעריקע נאָכגעקוקט און האָבן זיך צעטיילט. זאב מיט גלעדי און סענדער מיט חיה־שרהן זענען זיך צעגאַנגען אין פאַרשידענע זייטן. אין אייניקע הייזער האָט זיך שוין באַוויזן ליכט.

ניט געקוקט אויף דעם וואָס דער פרימאָרגן איז געווען אַ שיינער, די זון האָט זיך געשפּיגלט אין די רעגן־טראָפּנס אויף דיביימער, און דאָך ביי שאַפּיראָן אין הויז געווען ניט פריילעך.

שאַפּיראָ איז פון די ערשטע קאָלאָניסטן אין ארץ־ישראל. ער האָט זיך גע־רעכנט פאַר איינעם פון די דערפאָלגרייכע קאָלאָניסטן פון יענער צייט, געהאַט בהמות, צוויי פאַר פערד, אַ פאַר פריידעס, צוויי וואָגנס, שעפסן מיט אַן אַראַבער.

ער איז אויך געווען פון די ערשטע קאָלאָניסטן אין גליל, וואָס האָבן געפּרוּווט פאַרפלאַנצן מאַנדלען.

די משפחה איז ניט קיין גרויסע. דער עלטערער זון איז אין אַמעריקע. יבנאל, דער קלענערער, אַרבעט מיטן טאַטן; יואל העלפט דער מוטער אין הויז און די עלטערע, שרה, איז אויסגעגעבן געוואָרן אין דער אייגענער קאָלאָניע. שאַפּיראָ איז ברוגז: יבנאל איז ניט אַרויסגעפאָרן אַקערן און מען האָט געמוזט צודינגען נאָך אַן אַראַבער. די צייט שטייט ניט. ער בייזערט זיך:

— ווי איז עס געהערט געוואָרן אַז אין רעכטן ברען, ווען יעדער טאָג איז ווערט אַ מיליאָן! אַז מען וועט איצט ניט אַריינכאַפּן, וועלן מיר דאָך ניט האָבן קיין באַיאַדער, מיט אַ מאָל פאָרן! ווי וועל איך דיר נעמען געלט, פאַרקויפן די אָקסן?

— רחמיאל וועט מיר שיקן — האָט קורץ געענטפערט יבנאל.

— וואָס פעלט דיר דאָ, האָט אים נאָכגעקרימט שאַפּיראָ פאַרביסן. ווילסט פאָרן אין יפו? — פאַרסטו.

דער רעגן הערט ניט אויף. נאַס, גליטשיק, די פעלדער גרין און וואַסערדיק. די קאָלאָניסטן ליגן אין די הייזער. די פּאָר יידישע אַרבעטער האָבן זיך פאַר־קליבן צו די וועכטער.

סענדער פיבערט. דער פּנים געל. אַ צאָן אַן אַ צאָן טרעפט ניט. ער ליגט אונטער אַ באַרג זאַכן, זיך דערוואַרעמען.

— ס'איז מיר הייס — בעט ער, מען זאָל אַראָפּנעמען דעם באַרג זאַכן.

— טרינק דעם טיי — איז חיה־שרה צוגעקומען — טרינק, טרינק, האָט זי אים ניט געלאָזן זיך אויפזעצן. די איבעריקע זענען אויך צוגעקומען.

— פאַר היינט בין איך שוין געזונט — האָט ער געשמייכלט.

— נאָך ניט — האָט חיה־שרה צוגעטראָגן אַ פּאָר כינע־פּילס.

— שלמה איז שוין צוריק. נעכטן אָוונט האָט ער זיך אַזוי צעקריגט מיט די קאָלאָניסטן, אַ שרעק, דעם ספרדי האָט ער אַרויסגעטריבן פון שטוב.

— לאָזט צו רו — האָט חיה־שרה איבערגעשלאָגן — דערציילט בעסער ווי עס גייט אייך מיט דער אַרבעט.

דער אַרבעטער פון ניסן באַכאַר האָט זיך צעלאַכט. מיין באַלעבאָסטע וויל נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן, אַז איך בין ניט קיין אַראַבער.

— מיינער האָט נעכטן אָפּגעגעבן זיין פאַלכע צו די אַראַבער פאַר אַ פינפטל — האָט אַ צווייטער צוגעגעבן — איר וועט גיין מיט אונדז אויף שמירה? — האָט סענדער שפּאַסיק געפרעגט.

— איך ווייס ניט, אויב עס לוינט זיך אָפּגעבן דאָס לעבן פאַר זיי — האָט זיך אָביגדור אָפּגערופן. ער האָט געאַרבעט ביי אברהם־משהן, דאָס בעסטע אַרבעט — פאַרט אין קאָלאָניע. קאָלאָניסטן זענען זיי?

— כאַ, כאַ, כאַ — האָט זיך מאיר צעלאַכט — זאָג מיר, ברודער, וויפל יאָר ביסטו אין ארץ־ישראל?

— אַכט חדשים.

— אַכט חדשים — האָט זיך מאיר שפּאַסיק געוווּנדערט. — אַכט חדשים און די קאָלאָניסטן געפעלן דיר ניט. און וואָס נאָך ?

— פאַר וואָס זאָלן זיי מיר געפעלן ווערן — האָט זיך אַביגדור געבייזערט — זאָג מיר, מאיר, וואָס איז דער אונטערשיד צווישן די קאָלאָניסטן און אַרבעט־געבער ערגעץ אַנדערש ?

— וואָס איז מיט אים ? — האָבן זיך אַלע געוווּנדערט. זיי האָבן אים גע־קאָנט פאַר אַ שטילן בחורל. שטענדיק געשוויגן, און אַ גוטער אַרבעטער.

— ער איז געקומען מיט די ״ראַסטאָוּוער״ — האָט איינער שפּאַסיק אַריינ־געוואָרפן.

— וואָס איז דער אונטערשיד — האָט אביגדור פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט — בונדיסטן, ציוניסטן, פּועלי־ציון. מיר אַלע זענען אַרבעטער אין ארץ־ישראל. דאָס איז די הויפּטזאַך — האָט ער ווייטער געזאָגט — וואָס העלפט אייך אייער ציוניזם, אַז דאָס גרעסטע, וואָס מען קען פאַרדינען איז צוואַנציק פראַנק, אַ נאַ־פּאָלעאָן אַ חודש. ווי קען מען לעבן פאַר דעם. — איך ווייס ניט — האָט ער זיך פאַרטראַכט — איך האָב זיך ניט פאַרגעשטעלט. איך האָב געמיינט, אַז ארץ־ישראל איז אַ ניי לאַנד.

— וואָס האָסטו זיך פאָרגעשטעלט — האָט סענדער שוואַך געפרעגט.

— איך ווייס ניט — האָט אביגדור אָפּנהאַרציק נאָכגעטראַכט — עס איז דאָך ארץ־ישראל, וואָס איז דאָ וואָס צו ריידן — האָט ער אָפּגעהאַקט און אַרויס פון הויז.

אין די הייזער האָבן שוין לאָמפּן געברענט. די פענצטער פאַרהאָנגען. דער רעגן און ווינט האָבן ניט אויפגעהערט.

— איך ווייס ניט וואָס וועט ווערן פון דעם — האָט סענדער געפּרוווט אויפשטיין פון בעטל. ער איז צוריקגעפאַלן. חיה־שרה האָט אים איינגעדעקט.

— סענדער — האָט זיך חיה־שרה געזעצט לעבן אים. דאָס איז דאָך ניט די ערשטע קאָלאָניע, ניט די ערשטע קאָלאָניסטן, ניט די ערשטע אַראַבער. עס האָט דאָך געטראָפן ערגערע זאַכן.

— וואָס קען זיין ערגער ?

— עס וווּנדערט מיך, סענדער — האָט זי געזאָגט — עס וווּנדערט און איך פאַרשטיי ניט. איך געדענק, ווען דו ביסט דעם ערשטן מאָל געקומען אין פ. אַרבעטן און דאָן ביי דער ערשטער פאַרזאַמלונג ווען מאַרגאַליס האָט געשריען, אַז מען דאַרף די אַראַבער מיט שטעקנס פאַרטרייבן פון דער קאָלאָניע, האָסטו געענטפערט, אַז מיר מוזן זיך צופּאַסן צום נייעם לעבן וואָס איז אַזוי פרעמד פאַר אונדז. דו האָסט געזאָגט, מיר מוזן זיך לערנען ביי די אַראַבער, ווי צו אַר־בעטן. מיר מוזן זיך פירן, זיי זאָלן אונדז פאַרשטיין. און איצט, האָסטו אַליין זיך צוגעפּאַסט ? איך געדענק ווי היינט, מיט וואָס פאַר אַ פרייד דו ביסט געלאָפן

אנגעמען די שמירה. ווי דו האָסט זיך געפרייט מיט דיין "אגאל", מיט דיין "קעפיע". איך דערקען דיך ניט.

— איך ווייס ניט — האָט ער זיך אונטערגעהויבן, איך ווייס ניט, איך פיל, ווי איך בין ניט דער זעלבער. איך בין אַנדערש. די גאַנצע צייט האָב איך ניט געוואָלט טראַכטן. אַלץ, וואָס עס האָט ניט געהאַט קיין שייכות צו ארץ־ישראל, איז פאַר מיר געווען "פילאָסאָפיע". איך האָב געוואָלט פאַרגעסן דעם אַ מאָל. צו מיין משפחה האָב איך ניט געשריבן. אָפּגעריסן, און וואָס? נאָך דאָרט, אויף יענער זייט ים, האָט מען מיך גערופן "דער וואָס איז קיין מאָל ניט צופרידן". מען דאַרף זיך צופּאַסן — האָט ער זיך צעשמייכלט.

חיה־שרה האָט זיך אויפגעהויבן פון בענקל: — מיר זענען נאָר העלדן, ווען מען דאַרף שרייען. אָבער שטילע אַרבעט, לאַנגזאַם בויען, האָבן מיר ניט קיין אויסדויער. ווען עס קומט צו ליידן, געדולד, דאַן זענען מיר "מענטשן וואָס זענען קיין מאָל ניט צופרידן".



די טעג — מילד־ווינטערדיקע. די זון וואַרעמט מיט אַ ווייכע וואַרעמקייט. די פעלדער — גרין. דיביימער לאַכן אונטער דעם בלאָען הימל און יאָגן אָן אַ שטילע רויקע פרייד. עס ווילט זיך גיין אין די פעלדער און בערג. גיין אָן אַ צוועק, אָן אַ ציל, אָן אָן אָפּשטעל. גייען אין דער בלאָער ווייטקייט.

סענדער פילט זיך אַ ביסל בעסער. היינט האָט ער קיין פיבער אין גאַנצן ניט געהאַט. זיצט ער אונטער דעם גרויסן "דיומעס", וואָס שטייט הינטער דער קאָלאָניע לעבן זיין פענצטער און קוקט אויפן תבור.

די קאָלאָניסטן איילן זיך מיט דער אַרבעט. אַרויסענדיקן דאָס אַקערן און זייען אין די שיינע טעג. אייניקע האָבן שוין דעם גערשטן און ווייץ פאַרזייט. נאָר ביי שאַפּיראָן, וועלכער פלעגט שטענדיק פריער פון אַלעמען ענדיקן די אַרבעט, איז דעם ווינטער ניט אַזוי גוט. ער איז הינטערשטעליק אין אַקערן און זייען.

יבנאל גייט מער ניט אין פעלד. ער האָט טעלעגראַפירט דעם ברודער נאָך אַ שיפסקאַרטע.

— פאַר וואָס נעמסטו ניט נאָך אָן אַראַבער, פאַר וואָס? — רעדט צו שאַ־פּיראָן זיין ווייב. — דו וועסט נאָך פאַלן פון די פיס, וועסטו.

שאַפּיראָ שווייגט. ענטפערט ניט, פאַרביסן. זיין פּנים ווערט אַלץ טרויעריקער און אָפּגעצערטער.

און יואל, זיצנדיק אונטער דעם גרויסן "דיומעז" מיט סענדערן, קלאָגט זיך פאַר אים ווי שווער עס איז איצט צו זיין אין הויז.

— אַ רחמנות אויפן טאַטן — קלאָגט זיך יועל — גייט אויס ווי אַ ליכט.

סענדער געפינט ניט ווערטער צו טרייסטן יועלן. אַ מאָדנע גלייכגילטיקייט האָט אים באַהערשט. ער וווּנדערט זיך, צו וואָס דאָס אַלץ? אין דער אייגענער צייט — ער ווייס ניט פאַר וואָס — דערמאָנט ער זיך אין זיין לעבן דאָרט, פון

וואָנען ער איז געקומען, פון רוסלאַנד. די לעצטע צייט געשעט דאָס מיט אים. די לעצטע צייט האָט ער זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען אין זיין פריערדיקן לעבן איידער ער איז געקומען אין ארץ־ישראל. ער וווּנדערט זיך. אָט זיצט ער מיט יואלן, און וועגן וואָס טראַכט ער ? וועגן דעם ערשטן יאָר פון רוסלאַנד און וועגן דעם מיטינג פון די אַרבעטער פועלי־ציון אין וואַלד פון זיין שטעטל פאַר אויס־קלייבן אַ דעלעגאַט צו דער פאַרזאַמלונג אין האָמעל.

דער מיטינג איז אויפגעריסן געוואָרן. די פּאָליציי.

אין ארץ־ישראל. די שיף, מיט וועלכער ער איז געקומען, איז אָנגעקומען אין יפו פרייטיק אין דער פרי. ער האָט ניט געהאַט קיין צוואַנציק פראַנק, וואָס מען האָט געדאַרפט באַצאָלן פאַרן אַראָפּגיין. ביז שפּעט אין אָוונט איז ער גע־בליבן דער איינציקער אויף דער שיף, ביז חיים־ברוך האָט אַרויפגעבראַכט די צוואַנציק פונט (נאַפּאָלעאָן). ער געדענקט ווי איצט. ווי אַ קינד האָט ער זיך צעוויינט, ווען אַלע זענען אַראָפּ אין די קליינע שיפלעך פאָרן צום ברעג. אַ שרעקלעכע איינזאַמקייט, אַ גוואַלדיקער טרויער האָט אים דאַן באַהערשט, ווען ער איז געשטאַנען און זיי נאָכגעקוקט און איבער זיי צו די הייזער, וואָס זענען געלאָפן צעשראָקענע באַרג אַראָפּ, צום וואַסער. און יענער טרויער האַלט אים נאָך ביז היינט.

ער איז געקומען אַרבעטן אין דער קאָלאָניע. פינף בישליק אַ טאָג. דאָס ערשטע — ווער קאָן בעסער אַרבעטן: דער ייד אָדער דער אַראַבער, וועלכער האָט זיך באַצויגן מיט שפּאָט און פאַראַכטונג צום פרעמדן ? און די קאָלאָניסטן ? ניט פריינדלעך, געמישט מיט מורא. זיי האָבן ניט געוואָלט נעמען דעם יידישן אַרבעטער. זייער אַ קליינע צאָל אַרבעטער. קליידונג — אַ העמדל, לייוונטענע הויזן, הויכע אַראַבישע שיך מיט די פאַריסענע נעזער. עסן ? אַ גלאָז טיי, ברויט און זיתים אין דער פרי. אַ טעלער זופּ פאַר נאַכט, רעטעך און אַראַנדזשעס אין מיטן טאָג, ווען מען האָט געאַרבעט. פינף בישליק אַ טאָג.

די אַרבעטער און קאָלאָניסטן — האָט ער געוואָרפן אַ זייטיקן קוק צו יואלן, וועלכע איז געזעסן די גאַנצע צייט פאַרטראַכט.

— וואָס קומט דאָ פאָר ? די קאָלאָניסטן האָבן ניט ליב די אַרבעטער, די אַרבעטער, פון זייער זייט, באַציען זיך צו די קאָלאָניסטן מיט גאַל. וויל ער זיך אָפּגעבן אַ רעכענונג, אָבער אומזיסט. ער פאַרמאַכט די אויגן, טאָמער וועט דאָס אים אַרויסהעלפן. אַ ליידיקייט איז אין זיין מח. עס וויל זיך אים לייגן אויפן זאַמד ביי יואלס פיס, פאַרמאַכן די אויגן און שלאָפן, שלאָפן.

— דו פיבערסט — האָט אים יואל אָנגעכאַפּט.

— ניין, האָט ער זיך אויסגעגלייכט — איך האָב זיך פאַרטראַכט.

— וועגן וואָס ?

— איך ווייס ניט.

ער האָט געשוויגן. יועל האָט זיך געקלאָגט. דער טאַטע איז איצט אַזאַ מאָדנער — זענען זיינע אויגן פול געוואָרן מיט טרערן — ער האָט זיך צוגעבויגן

און געפרעגט — זאָג מיר, סענדער, פאַר וואָס, ווען דו זיצסט מיט מיר — אָדער דו לאַכסט פון מיר אָדער דו שרייסט אויף מיר.

— סענדער — האָט מען גערופן — גיי טרינקען טיי.

סענדער האָט געטראָפן די וועכטער גרייט צו פאַרלאָזן דאָס הויז. אביגדור איז אויך געווען מיט זיי. ער האָט ווידער געפיבערט. דעם טאָג איז ער ניט גע־גאַנגען אין פעלד.

— מיין "קעניגין פון הויז" קוקט אויף מיר אַזוי, ווי איך וואָלט איר געווען שולדיק אַ וועלט — האָט ער דערקלערט זיין קומען — זי קען מיר ניט שענקען וואָס איך וויל ניט מעלקן די ציגן מיט די בהמות.

חמעדי האָט היינט באַזוכט שאַפּיראָן. ער האָט געפאָדערט פון די קאָלאָניסטן מען זאָל פּטור ווערן פון די וועכטער.

— וואָס האָבן די קאָלאָניסטן געענטפערט ?

— גאָרנישט.

— פאַרפלוכט — האָט זיך סענדער אויסגעזידלט, און מען האָט ניט געקענט פאַרשטיין וועמען ער האָט געמיינט: חמעדין אָדער די הייסע זופּ, וואָס ער האָט געגעסן.

— עסט — האָט אויך חיה־שרה אָנגעגאָרטלט דעם רעוואָלווער.

— וווהין ? האָט זי מאיר אָנגעקוקט.

— היינט גיי איך מיט אייך.



אביגדור איז געבליבן אַליין, זיך געפילט ניט גוט. אַריינגעלייגט זיך אין סענדערס בעטל, דאָס פּנים געפלאַמט. געפּרוּווט איינגראָבן דעם שטערן אין קישן. דער קישן איז גלייך הייס געוואָרן.

— וואַסער — האָט ער זיך אַ הייב געטאָן. גלייך צוריק אומגעפאַלן. אין די שלייפן האָט געשפּאַרט. זיין מויל איז געווען צו קליין פאַר דער צונג.

אַ שוואַכקייט, אין די פּאָר מינוט, ווי די הענט און פיס וואָלטן אים געווען אָפּגענומען. ניט געקענט זיך רירן. דאָך האָט זיך אים איינגעגעבן אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די שיך. ער האָט געוווסט: אַ פּאָר שעה היץ, נאָך דעם — קעלט, און נאָך דעם — ניט קענען שטיין אויף די פיס. אַרבעטן מוז מען.

— מען דאַרף פאַרזאָרגן די פריידעס — האָט ער געפּרוּווט אַראָפּציען פון זיך זיין העמדל. ער איז אומגעפאַלן און געבליבן ליגן. זיינע אויגן האָבן גע־בלאָנדזשעט אין דער האַלב־טונקלקייט פון דעם לאַמטערן. זיינע חושים זענען פאַרשאַרפט געוואָרן. אָנגעצויגן ווי אַ סטרונע. אַלץ וואָס ער דערמאָנט זיך, וואָס ער זעט פאַר זיך, איז פיל בולטער, שאַרפער, דייטלעכער. אין יענע פּאָר שעה זעט ער פאַר זיך זאַכן, וואָס ער האָט עס אָנגענומען ווי אַ ווירקלעכקייט, אָבער ווען די היץ גייט דורך קאָן ער זיך ניט דערמאָנען. זיי ווייזן אויס ווי אַ חלום. ער ווייס ניט אויב דאָס האָט מיט אים געטראָפן, אָבער אין דער אייגענער צייט

זענען זיי אים ניט פרעמד. ער האָט זיי געזען ניט דעם ערשטן מאָל, אָבער דער־מאָנען זיך, אַז דאָס האָט געטראָפן, קאָן ער ניט.

אין דער שטאַרקער היץ פון פיבער האָט זיין געדאַנק געאַרבעט שנעל. דער גאַנצער גוף ווי אין אַ פייער. ער רעדט צו זיך אַליין אָדער עס ווייזט זיך אים אַז ער רעדט:

— צו וואָס? ווער האָט עס גערדאַרפט? וואָס איז מען געקומען? אין אייגע־נער צייט לאַכט ער פון זיין ניט גלויבן, ווייל ער ווייס: פאַר דעם וואָס גלייבט ניט איז דאָ ניט דאָס אָרט — ער וואַרפט זיך פאַר: און אַז מען האָט פיבער דאַרף מען שוין אויפהערן גלייבן. יעדער איינער האָט דאָ פיבער. הערן זיי אויף גלייבן? סענדער, מאיר, שוין אַן עלטערער, געהאַט פיבער ניט איין מאָל און ניט צוויי מאָל. דאָך...

ער לייגט זיך איבער אויף דער צווייטער זייט. די צונג איז ווי געשוואָלן.

וואַסער. אָבער אַ טרונק וועט זיין נאָך ערגער. וואַסער טאָר מען ניט טרינ־קען. פירט ער מיט דער געשוואָלענער צונג איבער די פאַרטריקנטע ליפּן:

וואָס וועט זיין דער סוף? פאַר וועמען איז דאָס אַלץ? — האָט ער זיך דערזען אין די ערשטע טעג, וואָס ער איז געקומען אַרבעטן אין דער קאָלאָניע — דאַרף מען זיך שלאָגן מיט די אַראַבער. גוטע פריינד וועט מען מיט זיי קיין מאָל ניט זיין, און אין צעהיצטן געדאַנק האָבן זיך געמאָלן בילדער, שווימען פאַרביי פּנימער, געשעעניִשן, צופאַלן. דער נעכטן געמישט מיטן היינט. דער פאַראיאָרן מיטן מאָרגן, ווירקלעכקייט מיט פאַנטאַזיע.

סענדער, מאיר, זאב, חיה־שרה, יואל, קאָלאָניסטן, אַראַבער, אַלע האָבן זיך געדרייט אין איין קאַראַהאָד.

— האָב איך וועגן עס איז געגלייבט? בין איך געקומען אַן אידעאַליסט? האָט ער זיך געוואָרפן אויפן בעטל. פלוצעם האָט ער זיך אַ הייב געטאָן, גע־פּרוּווט אַראָפּשטעלן אַ פוס, אויפשטיין, און איז צוריק אַריינגעפאַלן אין בעטל, דער קאָפּ אַראָפּגעהאָנגען פון דער צווייטער זייט. אַזוי האָבן אים געפונען די וועכטער. גאַנץ פרי האָט מען אים אָפּגעפירט אין שפּיטאָל אין טבריה.

---

דינסטיק אין דער פרי, דעם 25סטן יאַנואַר 1977 האָט זיך ביים הדסה־שפּיטאָל צונויפגענומען אַ גרויסער עולם — משפּחה־מיטגלידער, יידישע און העברעיִשע פען־מענטשן, קולטור־טוער און לייענער.

דאָס איז מען געקומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד און אַרויסבאַגלייטן צו אייביקער רו דעם נעסטאָר פון דער יידישער ישראל־ליטעראַטור — **ז. ברכות ז״ל.**

מיט ווערטער פון טיפסטן צער און טרויער, פון ליבשאַפט און באַוווּנדערונג פאַר דער גרויסער און ליכטיקער פערזענלעכקייט פון נפטר, זענען אַרויסגעטראָטן אויפן הספּד די שרייבער **זיאַמע טעלעסין, יוסף קערלער, עליע שעכטמאַן.**

אין נאָמען פון דער ירושלימער יידישער קולטור־געזעלשאַפט האָט גערעדט הרב תבורי.

אַן אל מלא רחמים האָט געמאַכט חזן י. מאַזאָוויעצקי.

הרב צבי תבורי

# איינגעזאַמלט צו זיין פאָלק

## (ביים פרישן קבר פון ז. ברכות)

מיט אַ יאָר צוריק האָט די ירושלימער יידישע קולטור־געזעלשאַפט געפייערט דעם 90סטן געבוירן־טאָג פון אונדזער ליבן יידישן שרייבער און טייערן מענטש ז. ברכות.

עס איז דאַן מיר צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד אים צו באַגריסן און אונטערטראָגן אים אַ מתנה פון אונדזער געזעלשאַפט אַלס צייכן פון אונדזער טיפער ליבשאַפט און פאַרערונג...

היינט איז מיר באַשערט מיט דערשיטערונג אויסצודריקן צער און טרויער פון אונדזער געזעלשאַפט, אירע חברים און פריינד, געזעגנענדיק זיך מיט ז. ברכות און באַגלייטנדיק אים צו זיין אייביקער רו, ווי אויך איבערגעבן אונדזער סימפּאַטיע און מיטגעפיל צו זיין ליבער פרוי אין אירע שווערע ליידן.

אין תלמוד בבלי מס׳ סנהדרין דף מ״ו ווערט דערציילט, אַז די חכמים האָבן געקלערט: פון וועמענס כבוד וועגן ווערט געמאַכט אַ הספד פאַר אַ פאַרשטאָרבענעם, איז עס פאַרן כבוד פון דעם פאַרשטאָרבענעם אָדער פאַרן כבוד פון זיינע לעבן־פאַרבליבענע, נאָענטע משפחה, חברים און פריינד? די חכמים קומען צום אויספיר, אַז די ווערטער פון טרויער — ווערן אַרויסגעבראַכט צוליבן כבוד צו דעם פאַרשטאָרבענעם! אָבער וואָס מיינט עס אַזוינס — כבוד צו אַ פאַרשטאָרבענעם? וואָס קענען אים שוין געבן אונדזערע לויב־געזאַנגען? מען קען עס נישט אַנדערש פאַרשטיין ווי אַ זכות פאַר דעם נפטר ווען זיינע ליבסטע און נאָענטסטע שטייענדיק ביי זיין פרישן קבר און הערנדיק ווי מע שאַצט זיין לעבן און שאַפן, זיינע מעשים און זיינע אויפטוען, לעבן זיי דורך שווערע מינוטן פון חשבון הנפש: וואָס איז דער אייגנטלעכער זין פון מענטשלעכן זיין? אפילו דער, וועלכער איז זוכה צו דערלעבן אַ טיפן עלטער גייט דאָך אויך אַוועק סוף כל סוף, ווי ער וואָלט גאָר קיין מאָל נישט געווען! זיין לעבן פאַרשווינדט ווי אַ שאָטן — און ניט ווי אַ שאָטן פון אַ בוים, נאָר ווי דער שאָטן פון אַ פאַרביי־פליענדיקן פויגל!...

אָבער דאָס אַלץ איז אמת ווען ס׳רעדט זיך וועגן אַ לעבן פאַרפולט מיט קליינטשיטן פון שטענדיק יאָגן זיך נאָך געלט און פאַרמעגן, פּאָזיציע און כבוד, אָבער ניט ווען ס׳ווערט גערעדט פון אַ לעבן ביז איבער די ראַנדן פאַרפולט מיט גייסטיקייט און ווערטפולע מעשים פון בויען און שאַפן פאַרן מענטש, פאַר דער געזעלשאַפט, פאַרן פאָלק, אַזאַ לעבן פאַרגייט ניט שפורלאָז, אַזאַ לעבן פאַרוואַנדלט זיך אין אַ טייל פון דער אייביקייט. אַזאַ גייסטיק לעבן האָט דורכגעמאַכט אונדזער ליבער פריינד ז. ברכות, עה״ש. ער איז אַוועק פון אונדז אין טיפן עלטער, זאַט אין מעשים, רייך אין שאַפונגען.

געבוירן אין רוסלאַנד אין אַ קליין שטעטל טשאַוווס, מאָהילעווער גוב. און געקראָגן אַ טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג צוגלייך מיט וועלטלעכער בילדונג.

געבוירן אין יאָר 1886 און דאָס ערשטע מאָל איז ער געקומען קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1903. אַ שטיין־האַקער איז ער דאָ געווען, אַ בוי־אַרבעטער, אַ שומר פון יידישע ווייַן־גערטנער. יאָ, ער האָט

געהאָלפֿן בויען דאָס יידישע היימלאַנד, פּלאַנצן אירע גערטנער און באַשיצן יידיש לעבן, יידישע אַרבעט און יידיש פֿאַרמעגן. קיין שום אַרבעט איז אים ניט צו שווער געווען. ער האָט געוווסט און אינסטינקטיוו געפילט דעם אמת פון די ווערטער פון דעם נעים זמירות ישראל: ״די מי פון דיינע הענט אַז דו עסט, — ווויל איז צו דיר און גוט איז צו דיר״, און ווי די יידישע חכמים טייטשן עס אויס: ״ווויל איז צו דיר אויף דער וועלט און גוט איז צו דיר אין דער צוקונפטיקער וועלט״.

ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ברכות זיך אָנגעשלאָסן אָן יידישן לעגיאָן און אַזוי אַרום געהאָלפֿן לייגן דעם פונדאַמענט פון דער יידישער מדינה. ברכות האָט געלעבט אין פאַר־שידענע צייטן אין פאַרשידענע גלותן, אין גאַנץ ביטערע און אין זיס־ביטערע גלותן, — אין רוסלאַנד, אין אַרגענטינע, אין פראַנקרייך און אין די פאַראייניקטע שטאַטן; און אין דער גאַנצער יידישער צעשפרייטונג זענען צעזייט זיינע ליטע־ראַרישע שאַפונגען — וואָגיקע ביכער און צאָלרייכע אַרטיקלען... פיל פון זיי זענען אויך איבערזעצט געוואָרן אין העברעיש. ער האָט געשריבן אונטער פאַרשידענע פסעוודאָנימען, איינער פון זיי איז געווען ״אַ פרעמדער״ כאָטש ער איז אין ערגעץ ניט געווען קיין פרעמ־דער. ווו ער איז געקומען איז ער באַלד געווען אַן אייגענער צווישן יידישע פֿאָלקס־מענטשן און יידישע אינטעלעקט־טואַלן, נייטיק און באַליבט ביי אַלעמען — ביי די לעגיאָנערן און חלוצים פון ארץ ישראל, ביי די אַמעריקאַנער אַר־בעטער, ביי די יידישע קאָלאָניסטן פון אַרגענטינע... זיין לאַנגן און שווערן לעבנס־וועג איז ער דאָך געגאַנגען שטיל און צניעותדיק, ער האָט זיך קיין מאָל ניט געשטופּט מיט די עלנבויגנס צום מזרח, כאָטש ער האָט באמת פאַרדינט אַ פּלאַץ אין סאַמע מזרח פון דער יידי־שער שרייבער־משפחה און פון דער גאַנ־צער יידישער שעפערישער געזעלשאַפט בכלל.

אין דער מסכתא מגילה ווערט דער־ציילט אַז די תלמידים פון רבי נחוניא בן הקנה האָבן געפרעגט זייער רעבן: מיט וואָס האָסטו זוכה געווען צו אַ לאַנג לעבן, און ער האָט זיי געענטפערט: ״איך האָב קיין מאָל ניט געזוכט קיין כבוד דורך דערנידעריקן מיינע חברים, און האָט מיך אַ מאָל אַ חבר באַליידיקט, בין איך ניט געגאַנגען שלאָפן, ביז איך האָב די עוולה ניט אויסגעריסן פון מיין האַרץ; אין געלט־זאַכן האָב איך אַלע מאָל געלאָזט מיינס איבערגיין״... דאָס זענען געווען די כאַראַקטער־שטריכן אויך פון ז. ברכות, און דערפאַר האָט ער זוכה געווען צו אַ טיפן עלטער און קומען צו אייביקער רו אין ארץ ישראל.

ז. ברכות איז ניט אָפּגעשטאָרבן; ער איז ״איינגעזאַמלט געוואָרן צו זיין פֿאָלק״.

ז. ברכות האָט אונדז באַשאָנקען מיט אַ סך ברכות. זאָל זיין אָנדענק זיין גע־בענטשט און זאָל זיין גייסט בלייבן פאַר־אייביקט אין לעבן פון זיין פֿאָלק.

ירושלים, ו׳ שבט תשל״ז

ל. אַליצקי ז״ל

# אַ נישט־אַרויסגעבראַכט וואָרט

**(ביים צווייטן פרייז־פאַרטייל אין לייוויק־הויז)**

אַ שרייבער איז פון דער נאַטור אַן איינזאַמער מענטש. ער באַאָבאַכטעט מענטשן, אָבער איז נישט מיט זיי. בלויז דער אַנאָנימער לייענער און דער קריטיקער לינדערן טיילוויז זיין איינזאַמקייט. אַ יידישער שרייבער איז דאָפּלט איינזאַם, ווייל דער קרייז פון זיינע לייענער איז אַ גאָר־גאָר באַגרענעצטער און די קריטיקער צו ציילן אויף דריי פינגער. אַ יידישער שרייבער אויף דער עלטער איז צוליב די זקנה־מיחושים דריי־פאַכיק איינזאַם. בין איך דעריבער האַרציק דאַנקבאַר דער פירערשאַפט פון אונדזערן פאַראיין און דער זשורי, וואָס האָבן מיר צוגעטיילט דעם ליטעראַרישן פּרייז און מיטן היינטיקן פייערלעכן ליטעראַרישן אָוונט רייסן זיי מיך אַרויס אויף עטלעכע שעה פון מיין גאָרער איינזאַמקייט. זייט מיר, טייערע חברים, האַרציק באַדאַנקט.

דאָ נישט לאַנג צוריק האָב איך צו מיינעם אַ חבר אַ שרייבער אין אויסלאַנד, וואָס האָט מיר מיטגעטיילט וועגן זיין באַקומענער ליטעראַרישער פּרעמיע, געשריבן:

״— — — צו וואָס זענען די פּרעמיעס פאַר אַ יידישן שרייבער געגליכן? צו די חלשות־טראָפּנס, וואָס ייִנגלעך און נשים פלעגן אַ שמעק טאָן אין אַ תענית־טאָג, ווען דער הונגער האָט זיך שוין שטאַרק געלאָזט פילן אונטערן האַרצלעפעלע: געזעטיקט האָבן זיי טאַקע נישט, אָבער דאָס חיות האָבן זיי דערכאַפּט, דערמינטערט די נשמה. אָבער אויך אין דעם פאַל איז דער נמשל נישט אין גאַנצן גלייך צום משל: די ייִנגלעך און די נשים האָבן געוווּסט, אַז כאָטש דער טאָג קריכט, וועט ער אָבער אָוועקקריכן, און אין דער היים וואַרט, געלויבט דער אייבערשטער, אַ סעודה; אָבער אויפן יידישן שרייבער וואָס פאַר אַ סעודה וואַרט?...״

דאַנק איך אייך האַרציק, די שוין דערמאָנטע און אייך אַלע פריינד, וואָס זענען אַנוועזנד אויפן היינטיקן אָוונט, פאַר אייערע ״חלשות־טראָפּנס״, וואָס דערמונטערן מיך ווייטער אַנצוגיין אין מיין איינזאַמקייט ביים שרייבטיש מיט מיין שרייבערישער אַרבעט. דער היינטיקער פייערלעכער אָוונט וועט מיר שטיין לעבעדיק פאַר די גייסטיקע אויגן און — איך וויל האָפן — אויך ביישטיין נישט אַריינצופאַלן אין פולשטענדיקן יאוש צוליבן ביטערן מצב פון יידיש בפרט און יידישער ליטעראַטור בכלל. בין איך דאָך בטבע אַן אָפּטימיסט. האָב איך דאָך אפילו נאָך דעם גרעסטן בראָך וואָס האָט אונדזער פאָלק געטראָפן אַרויסגעגעבן

אַ בוך מיטן נאָמען "דער מענטש וועט גוט זיין", בעת דער טרויער האָט זיך געבונטעוועט: ווו איז ער, דער מענטש, וואָס וועט גוט זיין? ער איז דאָך גאָר קיין מענטש נישט! אוי, ווען וועלן שוין יידן גוט זיין צו זייער אייגן לשון — יידיש האָנט-ביי-האָנט מיט עברית און מיט זייערע ליטעראַטורן? דער ייד איז דאָך דאָ!

לאָמיר גלייבן און האָפן, אַז אַזוי ווי עברית האָט אויפגעלעבט מיט אַזאַ גבורה, נאָך דעם ווי אירער אַ גרויסער משורר האָט געזונגען-געקלאָגט: "פאַר וועמען מי איך זיך?", אַזוי וועלן אויך יידיש און איר ליטעראַטור ווייטער שפּילן אַ גרויסע ראָל אינעם קולטור-לעבן פון אונדזער פאָלק. איז דאָך אויף עברית געזאָגט געוואָרן: "אפילו חרב חדה מונחת על צוארו של אָדם אל ימנע עצמו מן הרחמים" — אפילו ווען אַ שאַרפע שווערד ליגט אויפן האַלדז פון אַ מענטשן, זאָל ער זיך נישט מיאש זיין פון אַ גליקלעכן אויסגאַנג.

לאָמיר, יידישע שרייבער, דאָס איינקריצן זיך אין זכרון, און די האָפענונג זאָל דערוואַרעמען אונדזערע הערצער.

און איך פאַרענדיק לויטן נוסח פון די חסידים פון דעם צדיק און דיכטער אויף יידיש, רב נחמן בראַצלאַווער זכר צדיק לברכה:

גוואַלד, יידישע שרייבער, זייט זיך נישט מיאש!



יוסף העס: פּייסאַזש (אייל)

## יצחק קאַהאַן / מעלבורן

# יעקב פרידמאַנס אָרט אין דער יידישער פּאָעזיע

(צום דערשיינען פון זיינע געזאַמלטע דריי בענד) [1]

די געזאַמלטע אויסגאַבע פון יעקב פרידמאַנס לידער און פּאָעמעס שפּיגלט אָפּ כמעט דאָס גאַנצע שאַפן און דעם פּאָעטישן דרך פון אַן אייגנאַרטיקן דיכטער, וואָס איז אַ יחיד במינו אין דער יידישער דיכטונג.

ביים לייענען פרידמאַנס לידער און פּאָעמעס איז דאָ אַ מאָמענט, ווען דער מענטש לעבט דורך אַ דערהויבנקייט פון טיפער רעליגיעזיטעט, פון אַ דערהויבענער, הייליקער שטילקייט, וואָס גיט אים אַזאַ שלווה און גלייכגעוויכט

און ס'איז דאָ אַ שעה, אַזאַ זילבערנע
שעה אין דער נאַכט,
ווען אין יעדן הויז, אין יעדער מענטש־
לעכער היים,
דערהערט זיך דער פלאַטער פון פליגל
וואָס הייבן זיך אויף,
און ס'טיילט זיך די שכינה אָפּ און
הייבט זיך אַרויס פונעם ליים.
אין יענער שעה רינט אין אַלע שויבן
אַריין די זילבערנע לבנה־שיין
און שטעלט פונעם דיל ביזן באַלקן
לייטערס גאָלדענע אויף.
אין יענער שעה שטרעקן מענטשן פון
שלאָף די הענט צו לייטערס אַרויף,
און זיי שמייכלען ליכטיקע און זיי רעדן
פון חלום,
און עס אָטעמט פון די רייד פון זייערע
מיט ווייסן און ליכטיקן שלום.

מיט אייביק צעשטערנטער רו.
(ז' 102 — ב. 2)

גאָט־זוכעניש און גאָט־בענקשאַפט גייט אַדורך דער גאַנצער געשיכטע פון מענטש זינט דעם ביבלישן אדם הראשון. פרידמאַן האָט אין זיין גרעסערער פּאָעמע "אָדם" פאַרשפּיגלט דעם גאַנג פונעם מענטש, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט, ווי דער יסוד און סוד פון עקזיסטענץ און האָט קענען געלערנט, אַז גאָט איז פאַרקערפּערט אין דאָס יושרדיקע און שיינע פון דער וועלט. נישט סתם אין שיינקייט לשם שיינקייט, נאָר אין עטישער שיינקייט, אין דעם זין, רופט זיך זיין פּאָעזיע איבער מיט לייוויקס קרעדאָ. פרידמאַן, ווי לייוויק, האָט קיין מאָל נישט גענוצט לייכט קיין ווערטער, אָדער געשריבן וועגן זאַכן וואָס ער האָט נישט דורכגעלעבט דיכטעריש. זיין באַציונג צום פּאָעטישן וואָרט איז געווען פאַרבונדן מיט דער הנחה, אַז דער פּאָעט דאַרף ענטפערן פאַר יעדן וואָרט, וואָס ער ברענגט אַרויס, ער האָט דעריבער געגאַרט, אַז זיין פּאָעטיש וואָרט זאָל האָבן דעם קלאַנג, ווי דאָס אָנרירן אַ קלאַוויש פון אַן אָרגל און אָפּהילכן אײנעם געמיט פון לייענער מיט דער אָנרעגונג פון דער פּאָעטישער איבערלעבונג.

יעקב פרידמאַן האָט זיך אידענטיפיצירט מיט אַ ציבור מיט אַן עבר אין וועלכן ער איז געווען טיף פאַרוואָרצלט. זיינע לידער און פּאָעמעס ווייזן און דערציילן פון וואַנען זיינע פּאָעטישע וואָרצלען האָבן געצויגן יניקה. ווייסן מיר, אַז

[1] יעקב פרידמאַן, לידער און פּאָעמעס, באַנד איינס, באַנד צוויי און באַנד דריי, פאַרלאַג ישראל־בוך, תל־אביב, תשל"ד— 1974.

אַ בוים ווערט נישט געשאַצט לויט די וואָרצלען זיינע, נאָר לויט די פּרוכטן, וואָס ער ברענגט אַרויס. דער זון פון מילניצער רבין וואָס האָט געצויגן זיין גזע פון ריזשינער, האָט אויסגעזוונגען זיין המשך־געפיל אין פיל לידער, אין וועלכע עס באַווייזן זיך זיינע גייסטיקע און ביאַלאָגישע וואָרצלען, וואָס פאַר־קניפּן און באַהעפטן זיך ערגעץ־ווו אין זיינע פערזן. רוחניות און קדושה, מיס־טיק און פילאָזאָפיע, באַהויכט מיט דער פשטות, וואָס איז ראַפינירט און תמי־מותדיק.

אין זיין גרעסערער פּאָעמע "פיר בריוו צו דער קאַנטעס פון לינץ", שרייבט פרידמאַן, אַז ער איז שוין געווען גרייט צו איר צו גיין, נאָר דאַן האָט זיך באַ־וויזן פאַר זיינע אויגן די געשטאַלט פון זיין מוטער און ער האָט דערהערט איר שטים: — "... ציינד אָן די ליכט, / ס'איז יום הקדוש היינט"... און ביי דער וואַנט / האָב איך דערזען מיין זיידנס ווייס געוואַנט / זיין ווייסן קיטל מיט וועלכן זיבן דורות זיידעס פלעגן / יום הקדוש צו כל־נדרי זיך באַקליידן... כ'האָב אויפגעציטערט און אויסגע־שטרעקט מיין האַנט / און אָנגעטאָן אויף זיך דאָס הייליקע געוואַנט. און דעמאָלט האָב איך זיך אַליין דער־זען / צווישן ווייס־פאַרשנייטע בערגער שטיין — אַ גרויסער שטאָלצער ייד... יאָרטויזנטער אַזוי, / און אַזוי אַרום אויף שפּיצן אין אוונטיקן בלוי / שוועבן הייליק־ווייסע, שטילע, / אַלע זיידעס מיינע צו דער נעילה־תפילה. און איך, דער יונגסטער צווישן זיי — / לעבן גאָט אין ווייסן שניי... / סאַראַ היי־ליק־ווייסע רו / אין געבערג ס'איז אָט־אָ־דאָ. / ס'שפּילט די שטילקייט אויס ס'ליד / פון טויזנטיאָריק אַלטן ייד, / וואָס פאַרלוירן האָט זיין גלויבן אינעם מענטשן / און צו בערג אַוועק די איינ־זאַמקייט צו בענטשן. (ב. 2 — ז' 179).

"ביי אַ געוויסן עלטער קומט אונדז אַנטקעגן די נשמה פון קינד און יינגל, וואָס מיר זענען אַמאָל געווען און די נשמות פון די טויטע פון וועלכע מיר שטאַמען. די נשמות שענקען אונדז מיט פולע הענט זייערע אוצרות און זייערע אומגליקן. — האָט מאַרסעל פּרוסט געשריבן ערגעץ־ווו אין זיינע ווערק. מיר זעען עס אַזוי בולט ביי יעקב פריד־מאַנען, וועלכער איז אַוועק פון דער וועלט פון דער זעלבער פיזישער שלאַפ־קייט, פון וועלכער זיין טאַטע איז אויך אַוועקגעריסן געוואָרן, נישט זייענדיק נאָך אין טיפן עלטער.

דערמאָנט ער אָפט זיינע אבות פון רביאישן הויף, בעת ער איז נאָך אַ קינד געווען און מיט זיין דורכ־דרינגענדיקן בליק זיך צוגעקוקט צו אַלץ, וואָס קומט פאָר אַרום און אין דעם "הויף". עס טויכט אויף אין זיין זכרון און געמיט די היימישע לאַנדשאַפט פון זיינע קינדער־יאָרן. ער טראַכט צו אַ נאָמען לאַלאַלאַ "קלאַמפּערשט פון אַ לאַשעקל", וועלכער איז געווען איינגע־שפּאַנט אין זיין קליינעם שליטן, בעת זיינע קינדעריאָרן. ער זוכט צוריק אויפ־צושטעלן די שיינע שטעט און טראַקטן, וועלכע קומען צו אים אין חלום פון יע־נער גוטער און שיינער צייט, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין בלאָנד יינגעלע. איצט, בעט ער זיך ביים לאַשיקל:

"...הוי, לאַלאַלאַ, געשווינד, ברענג פון זיידנס גערטנער אַהער דאָס בלאָנדע יינגעלע, / וואָס געפירט אין שליטן האָסט אַמאָל צווישן פאַרשנייטע סאָסנע־ביימער, / פאַרגעס אויך נישט: אין זיידנס אַלטער סוכה, צווישן בראָכוואַרג, ליגט דאָס וויגעלע, / דאָס שפּילפערד און דער בויקאַסטן פון פורפור־רויטע שטיינער. — — — נאָר דערצייל נישט קיי־נעם, אַז דער אַלטער לידער־שמידער גייט זיך שפּילן ווידער / זיי ווייסן נישט די "גרויסע", אַז אַ חוץ שפּיל איז גאָרנישט נישט פאַראַנען, / חוץ קינדערשפּיל, חלום־שפּיל און שפּיל פון לידער! (ב. 1 — ז"ז 63—64).

בענקשאַפט־לידער ווערן באַגלייט מיט

לידער פון טיפער יידישער מחשבה און מיט אַ רעליגיעזיטעט, וואָס דערהייבט דעם חומר צו רוחניותדיקייט: פּיי־זאַזשן פון סביבות, צייטן; און פילאָ־זאָפישע מעדיטאַציעס מיט אויסגעבריי־טערטע דימענסיעס פון לעבנס־געשטאַל־טיקונג, וואָס איז עפּיש־ליריש, זאָגע־ריש און זינגעוודיק.

יעקב פרידמאַן איז דער דיכטער פון אחריות, וואָס דער מין מענטש האָט פאַר אַלע זאַכן אין דער וועלט. ער איז דער בעל חלומות פון גרויסן, אייביקן שבת פאַר אַלע וועלטן (זע זיין לידער־בוך "שבת"). ער איז דער זעער, זאָגער און זינגער, וועלכע באַהעפטן זיך אין זיין שאַפן, ווי אַ חוט המשולש, און ער מאַכט זייער אָפט זיין חשבון הנפש מיט זיך און מיט דעם יידישן גאָט. ער האָט, בפרט נאָכן גרויסן יידישן חורבן, אַ סך טענות צו אים, אָבער נאָך אַלע טענות און ברוגזן רופט ער: לאָמיר שלום מאַכן:

לאָמיר שלום מאַכן, אַלטער יידישער גאָט, / מיר קענען נישט לעבן איינער אָן דעם אַנדערן. / איך שטיי הונגעריק ביי די טויערן פון שטאָט, / און דו האָסט פולע שייערן מיט יונגן ברויט און אַלטן גנאָד. / צו וואָס זשע זאָל איך ווייטער וואַנדערן?

ער באַהאַלט נישט אויס, אַז ער איז געגאַנגען אין דער פרעמד צו זען, וואָס טוט זיך ביי לייטן... ער איז אָפּגע־האַרציק זיך מודה "מיין רייטוואָגן איז באַהאָנגען מיט זילבער און גאָלד, / גע־לקחנט ביי ווילד־פרעמדע טויערן...". אָבער דאָס וואָס ער האָט געפונען און געזען (אין דער נישט־יידישער וועלט) איז ווייט פון דעם, וואָס ער האָט גע־טרוימט: "צי האָב איך דאָס דען גע־מיינט און אַזוי דען געוואָלט, / בעת איך האָב צעבראָכן דיינע אַלטע מויערן?" און ווען ער מאַכט דעם סך־הכל פון די אַלע קלוגע ווערטער וואָס ער האָט גע־הערט — קענען זיי דען מאַכן אָן איינ־דרוק אין אונדזער היינטיקער וועלט, וואָס זעט אויס ווי אין אַ "לצנישן קאָ־פויער"?

וואָס שייך דעם יידישן אומקום אין די היטלער־יאָרן, בלייבט דער חשבון אַ ניט געדעקטער... אין דער אָפּטיי־לונג "לידער פון טראַנסניסטריע" איז דאָ פרידמאַנס אַ פּאָעמע — "דער מקובל פון סטרי", דאָס איז וועגן זיין אייגע־נעם ברודער, וועמען די דייטשן האָבן געצווונגען פאַרן טויט צו אַ מה־יפית־טאַנץ. ער האָט גענומען אַ ספר אין די אָרעמס, ווי יידן טאַנצן מיט הקפות שמחת תורה, און אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל און בעת דער דייטש האָט צו אים געשריגן: "ייד, העי, פאַר־שאָלטענער ייד / טאַנץ אונדז דעם טאַנץ פון די בערן — — — גאַפט צום הימל דער רב: ווילסט דווקא אַזוי? / אַז ס'איז דיין רצון אַזוי מיין באַשעפער!...

דער מילניצער רב נעמט אָן באהבה דעם אויבערשטנס ווילן און אַזוי טוט אויך דער רב מיט זיין געהאָנגענעם זון דורך די דייטשן אין דער כל־נדרי־נאַכט. ער נעמט אַראָפּ זיין זון פון דער תליה און איז מיט אים מקדש השם, זאָגנדיק צום רבונו של עולם: ...משיג זיין דיינע דרכים, באַשעפער... / דיין רחמים ווו איז ער, דיין דין? / צי דרייען זיך סתם דיינע וועלטן / אין אייביקן חשכות אָרום?"

"מיך אַרט נישט מיין גוף און מיין לעבן, / די פיר איילן פלייש וואָס איך בין, / מיך אַרט וואָס איך זע נישט דיין רחמים, / דיין רחמים, באַשעפער, דיין דין".

אויך אין זיינע חורבן־מאָטיוון האָט יעקב פרידמאַן געלייגט גרויס אַכט אויף קינסטלערישער דיסציפּלין, וואָס מיינט אין לעצטן סך־הכל: ענגשאַפט, אָן אַרומגעצוימטע וואָרט־ענגשאַפט, וואָס זאָל שאַפן אַ קינסטלעריש־באַקוועמע ברייטקייט. ער ראַנגלט זיך אינערלעך מיט זיין דורותדיקער ירושה פון "לא תרצח" און "נקמת דם". פרעגט ער דע־ריבער אין זיין פּאָעמע "הנא חקרן" וועגן

**טויב און שפּאַרבער,** אויב די טויב זוכט נקמה צו נעמען צי ווערט זי דערפּאַר אַ שפּאַרבער? און וואָס הייסט "מען טאָר נישט? וואָס איז דער מיין: / איז דען ייד באַשאַפן פון דורות / צו שענקען זיין הויט און געביין / אויף פּאַרמעט פּאַר הייליקע תורות?"

אָט די קשיות זענען דאָך נישט בלויז נוגע לגבי די היטלעריסטישע רוצחים. זיי זענען אויך אין גבול פון דער מדי־נה־פּראָבלעמאַטיק. דער דיכטער לאָזט זיין חנא חקרן, דעם וועלט־באַגליקער זען, ווי "אַ טויב מיט אַ תורה אין פּלי / פליט גלייך אין פּיסק פון פאַרצוקער. . ." און ער פרעגט: "עד מתי? . . . איך וויל נישט מער, הערט! / און זיין גוף צי־טערט אין ווילדן געלעכטער: / איך בין מוחל דעם כבוד אויף בלוטיקער ערד, / אייביק זיין הייליק גערעכטער."

די פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן אין טראַנסניסטריע, 1942—1943, אָבער חנא חקרן שטעלט די זעלבע פראַגעס אויך היינט, און וואָס ענטפערט דער דיכטער אויף זיי? ער ענטפערט מיט תיקו און דאָס בלייבט אויך גילטיק היינט.

ווי יעדער עכטער קינסטלער, האָט אויך פרידמאַן געראַנגלט זיך מיטן וואָרט. מענדעלע פלעגט דערציילן: ווי שווער עס קומט אים אָן דאָס שרייבן. נישט איין מאָל פלעגט ער במשך פון לאַנגע שעהן נישט באַוויזן אָנצושרייבן מער ווי עטלעכע שורות ("...זוכנדיק אַזוי אַן אויסדרוק, אַ וואָרט, דערזע איך פּלוצלונג אַ פאַרשעמט ווערטעלע, אַ באַ־שיידנס, אַ קליינס, אַ צאַרטס, אַ ציטער־דיקס. עס פּילט זיך שלעכט צווישן אַזאַ עולם מיט גבירים — — — קום נאָר אַהער קליינינקער, נאָר דיך דאַרף איך האָבן, נאָר דיך . . .").

לאָמיר הערן, וואָס אונדזער דיכטער האָט צו זאָגן וועגן ווערטער:

"אַ מאָל באַהאַלטן זיך ווערטער ווי שעמעוודיקע כלות / און שמייכלען צניעותדיק פון צווישן די צווייגן אַפּיר. / איך בין דער חתן, איך וואַרט ביי דער גרינער גאָרטן־טיר. / מיין פליט שווימט אויף די בלויע טייכישע כוואַליעס. / — — — קומט, רוף איך, קומט טאַנצן אויף מיין גילדענער פליט. / גלעטן זיי די צעפּ און לויפן דורכן גראָז שטילער־הייט, / די צניעותדיקע ווערטער־כלות... / און איך נעם זיך אין גאָרטן יאָגן נאָך זיי".

אין אַן אַנדער ליד דערציילט אונדז דער פּאָעט, אַז פּאָעזיע דאַרף האָבן אַמאָל די פּראָסטע געזונטע פּראָזע־ווערטער "בת־מלכות האָבן ליב אַ מאָל צו פאַרבלאָנ־דזשען אין די וואָכעדיקע קיכן / און צוזאַמען מיט די דינסטן, אין ערדענע שיסלען, צו טונקען ראָזעווע ברויט . . . / אויף שוואַרץ־ערד פון פּראָסטן מעל שטראַלט נאָך בלויער צעבלויט / דאָס בלויע בלוט דאָס קעניגלעכע, און צווישן קנאָבל־געראָכן / שמעקט נאָך פירשט־לעכער די ווייסע ליליען־הויט . . ." (פּאָ־עזיע, ב. 1 — ז' 49).

און אָט באַקלאָגט זיך גאָר ווי־דער דער דיכטער, אַז די אַלע ווער־טער, וואָס זענען אַמאָל געווען "רויזן־גערטנער" זענען היינט שוין "ווערטער־קברים" . . . אַלץ וואָס ווערט אָפּט באַ־נוצט ווערט אָפּגעריבן, פאַרוועלקט. עס ווערט אָפּגעבליאַקעוועט דער גלאַנץ פון ווערטער וואָס ווערן "שאַבלאָן־שאַבלאָ־נאַ". דעריבער דאַרף מען געדענקען, אַז "צווישן וואָרט / און וואָרט / שווייגט דאָס איבערוואָרטיקע" פונקט ווי "צווישן אָרט / און אָרט / לעבט דאָס איבער־אָרטיקע".

האָט ער אַ טענה צו די פּאַראַ־פּסיכאָ־לאָגן, וואָס ווילן אַלץ דערקלערן און אָנרופן ביים נאָמען . . . פאַר וואָס איז ער אַזוי שטאַרק קעגן דעם? דעם ענט־פער גיט אונדז דער פּאָעט אין אַן אַנ־דער ליד ("לערנט דער פּאָעט"), אין וועלכן ער דערקלערט: "נאָמען" איז שטייג, אין וועלכער די זאַכן ווערן קראַנק און פאַרגעסן דעם שכל פון פליען. / "נאָמען" איז וואָזאָנען־טיגל,

אין וועלכן די געוויקסן פאַרגעסן דעם תענוג פון בליען... לאָמיר זיין דאָס גרויסע געשעטערן, וואָס שאָלט צום באַשעפער, נאָר ברענגט נישט זיין נאָמען אויף ליפּן". דאָס ליד פאַרענדיקט זיך, ווי דער פּאָעט שטייט אונטער דעם ערשטן רעגן פון "יונגן פרישן וואָרט" און אין דער פלייצעניש פון קלאַנגען און טראָפּן, זוכט ער אין דער טיף פון נחס תיבה" פאַרלעך פון עפּעס, וואָס דאַרף זיך אַליין נאָך אַ מאָל באַשאַפן"...

יעקב פרידמאַן האָט געזוכט זיך אויסצוהיטן פון שאַבלאָן־ווערטער. ער האָט אין וואָרט געוואָלט "דערפילן דעם גערוך און דעם טעם". ביי אים זענען ווערטער, ווי פּירות אויפגעגאַנגען, אָבער מער נאָך האָלט ער פון רייד נישט דערזאָגטע, וואָס זענען טיפער פון זאָגן.

דערפאַר האָט ער טאַקע דערגרייכט, אַז דאָס אָרט וואָס ער באַזינגט מאַכט דיך פילן די לופט פון דעם פלאַץ, דעם אָטעם פון לעבן אין דעם נאַטור־פייסאַזש.

אין די דריי אויפגעזאַמלטע בענד קענטיקט זיך די פּאָעטישע פּערזענלעכקייט. דער דיכטער האָט געלייגט אַכט, אַז אין אַ ריי לידער זאָל זיין אַ ביסל מער שאַטנדיקייט, אַ ביסל מער פאַרטונקלטקייט אין דעם נאַראַטיוון אופן. און וואָס מער מען לייענט זיך אַריין אין זיין פּאָעזיע אַלץ שטאַרקער שפּירט מען, ווי ער האָט אויפגענומען די וועלט מיט אַזאַ דין־געוועבטער מעלאָדישער תפילהדיקייט און צייטנווייז — תהילימדיקייט. זיין נאַטור־געמעל פאַרמאָגט אַן אַנגעצילטקייט מיט אוניווערסאַלע און פאַנטעאיסטישע האָריזאָנטן און די יידישע פּאָעזיע ווערט דאָך דורך דעם דערהויבן צו וועלטלעכע הייכן.

מען זעט בולט, אַז אויך דעם יידישן וויי־געשריי האָט ער איינגעוויקלט אין שטילקייט, און די יידישע מחשבה באַהויכט מיטן האַרצקלאַפּ פון געפיל און אין געפיל אַריינגעגעבן דעם אויפבליץ פון געדאַנק.

זיין גרויסן געזאַנג צו דער שיינקייט פון יצירה, האָט ער אָנגעהויבן נאָך אין 1934 מיט זיין פּאָעמע "אדם". עס איז אי וועגן אָדם הראשון און וועגן אַלמענטשלעכן און אַלוועלטלעכן אָדם אין זיין בראשית וועגן "ער האָט די אויגן אויפגעמאַכט און צום ערשטן מאָל די וועלט דערזען, / ער האָט די אויערן אויפגעשפּיצט און צום ערשטן מאָל די וועלט דערהערט — / האָט אַ פרייד אַ זעץ געטאָן אין זיין בלוט און ער האָט אַרומגענומען די ערד. / און דעמאָלט האָט ער דערפילט דאָס ליכטיקע געזאַנג, וואָס פליסט אין די אָדערן פון דער וועלט / אין דער ערד און אין דער בלויער לופט, אין ים און אין יעדן גרעזל און שטיין. / און ס'האָט אים געדוכט, אַז ער קען דעם באַטייט פון אַט דעם זינגען פאַרשטיין..." (ב' 2 — ז' 9).

די נאַטור איז דאָ נישט קיין פאַרציקנדיקע, נאָר אַ געבענטשטע מיט מנוחהדיקייט און קאָסמישער מוזיקאַלישקייט. און דער מענטש ווערט גלייך פון בראשית אַ גאָט־זוכער. ער זוכט דעם באַשאַפער פון דער יצירה. ווער איז ער? און ווער זענען מיר, די בלעטער אויף זיין קרוין? "און ווער האָט אונדז אָפּגעריסן און צו וואָס?" דער מענטש האָט געוואָלט באַגרייפן דעם זין פון דעם אַלעם, "געוואָלט דערשפּירן דעם דופק פון דעם, וואָס סע טוט זיך אַרום אים..."

ער האָט געזוכט דעם סוד פון לעבן, אָבער נישט געפונען. ער האָט געזוכט גאָט און אים "געזען אין גאָלד פון זונאויפגאַנג / און (אים) געהערט אין פאַרכישופטן געזאַנג / פון נאַכט־פייגל און לבנה־שיין אין וואַלד". די פּאָעמע פאַרמאָגט אַן עפּישע גאַנצקייט אין דער קאָנסטרוקציע און געמעל.

וואָס שייך דעם מענטש, פאַרקערפּערט דער אַלטער פּאָעטער ועמוס דעם פרומגלו־ביקן, וואָס זאָגט אַז אַלץ "וואָס קומט פון גאָט איז גוט און האָט זיין מיין, /

מיט פאַרמאַכטע אויגן דאַרף מען צו אים גיין, / און וויל איז צו דעם וואָס קען עס פאַרשטיין".

און דער אַלטער חכם נחמיה פאַר־קערפערט דעם מענטש מיט ספקות, וועלכער שטייט פאַר אַ בלינדער וואַנט איינגעהילט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט און ער טראַכט: "ס'איז אַזאַ נאַכט, אַזאַ אומענדלעכע נאַכט, / און מיר אַלע זענען אין דער פינצטער־ניש ווי אין תפיסות פאַרמאַכט — — — תוהו־ובוהו רוישט אין די אייביקייטן בלינד און טויב, / אַריבער לעבן, אַרי־בער טויט... — — — און דער כאַאָס שווייגט: נישטאָ קיין אויג וואָס קוקט מיט ליבע צי מיט האַס אויף אַט דעם אַלעמען... (ב. 2 — ז"ז 24—25).

אַ פּאָעמע איז אַ באַזונדערע וועלט מיט אירע אייגענע געזעצן פון זאָגן און זינ־גען. אָבער אין דער גרויסער פּאָעמע פון דעם דאַן יונגן פּאָעט איז שוין פאַר־שפּיגלט דאָס תוכיקע פון דו און איך.

עס האָט אויך די מעלה, וואָס עס לאָזט עפּעס איבער פאַרן דמיון פון לייענער. אין "אָדם" איז יעקב פריד־מאַנס פּאָעטישע דיקציע נאָך נישט תמיד דיסציפּלינירט אין אויסדרוק, ווי מיר זעען עס אין זיינע שפּעטערדיקע פּאָע־מעס און לידער, מחמת זיין פּאָעטישע רייפקייט האָט ער דערגרייכט, ווען ער האָט געקענט פאַרבינדן דאָס זאָגן און זינגען און ביידע צונויפגיסן אין אַ גאַנצ־קייט.

עס קומט דעריבער אויס, אַז די לידער וועלכע ער האָט געשריבן אין האַרבסט פון זיין לעבן זענען פּאָעטיש רייכער, ווי די, וואָס ער האָט געשריבן אין זיין פרילינג. אָבער אויך אין דער נאַטור קענטיקט זיך דאָס זעלבע. די האַרבסט־פאַרבן זענען פיל רייכער ווי די פרי־לינגס־קאָלירן, ווי די נאַטור וואָלט גע־זוכט צו געבן אַ מער בולטן אויסדרוק דאָס וואָס פאַרשווינדט, צו מאַכן עס אומשטערבלעך, צי שפּיגלט זיך דאָס אויך נישט אָפּ ביים מענטש?...

יעקב פרידמאַן האָט געמאָלן מיט אַן עפּישער רויקייט די מאָטיוון פון פאַר־גיין און טויט. עס איז אָבער אַ טויט, וואָס געהערט נאָך צום לעבן, אַן תרעו־מות צום גורל און צו די וועגן און אומ־וועגן פון לעבן, מיט אַזאַ סטאָיציזם האָט דער דיכטער אויפגענומען דעם גזר־דין פון זיין נישט דערלעבטן לעבן... ער טאַפּט אַרום מיט זיין פּאָעטישן אויג דעם באַטייט און זין פון דעם אַלעם מיט וועלכן דער בן־אָדם גייט דורך איבער דער ערד און דער טויט־מאָטיוו איז דאָך דער סוף כל האדם. אָבער דאָס קענען אַזוי רויִק דורכלייכטן און עס טייל מאָל באַגלייטן מיט אַ האַרפּע און פלייט געשפּיל מיט זיין אויסקלאַנג און אָפּקלאַנג — דאָס איז צו באַוווּנדערן!

יעקב פרידמאַן איז באַשאַנקען געוואָרן מיט אַן אויג צו דערזען פּסיכיש פון אַ באַשטימטער טיף, צו קענען אַרויסהייבן דאָס פּשוט־טעגלעכע פון דער טאָג־טעג־לעכער גראָקייט און אַריינגעבן אין דעם אַ נייעם באַטייט. טראַקטן פון היימישע לאַנדשאַפטן האָט ער אויסגעוועבט מיט בלויע טריט. לייענסט זיינע נאַטור־לי־דער און דערשפּירסט זיין הלל גדול:

די בערג באַהעפטן זיך מיט רוים / און איבער זיי שטייג איך זינגענדיק אין / גאָלדענעם באַגינען. — — — אַ, סאַראַ וווּנדערלעכע שייכות צווישן אַלע זאַכן אין דער וועלט, — — — צי פילסטו די גאָלדענע סטענגעס, וואָס דער זון־אויפגאַנג וויקלט אַרום אונדז, / און פאַרוויקלט רוים מיט ערד און דעם גייער מיט די וועגן? / מיר זענען איין זינ־גענדיקער, טויזנט־גלידערדיקער גוף... / דו הערסט, דורך די אָדערן אונדזערע, די רוישנדיקע בלוטן פליסן? / מיר זענען בעכערס גאָלדענע און איך פיל דאָס לעבן / פון איין בעכער אינעם צווייטן איבערגיסן... / סאַראַ וווּנדער־לעכער יום־טוב! שטרעק אויס די אָרעמס, קלעטערער, און זינג צום ברו־דער רוים, / צום ברודער קוואַל, צו ערד, צו זון און רעגן... מיר אָטעמען

צוזאַמען און בליען ווי פּירות אויף איין
בוים, / און אומענדלעך און אייביק
איז דאָס געזאַנג פון אונדזער לעבן״!
(ב. 2, ז׳ 42).

די ציטירטע סטראָפן זענען פון זיין
לידערבוך ״שבת״, ווו דער דיכטער האָט
אויסגעזונגען זיינע הערלעכע נאַטור־גע־
זאַנגען און זיין לויב צום לעבן — און
ליב געהאַט האָט ער דאָס לעבן! — ער
טוט דאָך באַזינגען אים אַזוי קרעפטיק
אין זיינע לידער און פּאָעמעס. אָט זאָגט
ער אין זיין ליד **״איך האָב ליב״**:

איך האָב ליב די אויסטערלישע חיה —
מיין לעבן, / וואָס טראָגט מיך פון סוד
צו סוד איר פּאַרטייעט שווייגן איז
קלוג ווי גאָט, / וואָס האָט דעם צייכן
צו דער נסיעה געגעבן. — — — ווי אַ
פאַרשלאָסענער קנאָספּ / שמעקט ערגעץ
אַ טיר, / די פּאַרטייעטע חיה / טראָגט
מיך צו איר (ב. 1, ז׳ 98). אין זעלבן
ליד באַטאָנט ער אויך, אַז ער האָט
געערנער דאָס שאָטנדיקע: ״די שאָטנס
אין טונקלען געבלעטער / זענען קליגער
פון נאַקעטן ליכט — / זיי פּאַרהילן,
אין קנאָספּישן בעכער, / פון דער פרי
דאָס וואָרע געזיכט״...

אַ באַדייטנדיקן אָרט צווישן פרידמאַנס
לידער און פּאָעמעס פאַרנעמט די אַלטע
היים מיט וועלכער עס זענען פאַרבונדן
די דערינערונגען פון זיין קינדהייט און
יינגלשאַפט.

אין זיין פּאָעמע ״בריוו פון יענער
וועלט״ דערמאָנט זיך דער דיכטער אין
זיין אַמאָליקער ערדהיים: ״...מיין
זכרון געדענקט נאָך דעם ריח פון רעט־
שענער קאָשע אין ערדענע טעפּ: / אין
אַ טענדע־ווערענדע האָפּסלט מיין באָבע
צום גאָרטן איבער די אַלטע שטיינערנע
טרעפּ, / און סע ציטערט מיט רחמים
איר פליושן גוידערל: טשירע־טשירע־
טשירע! ׳ אירע דערבאַרעמדיקע פינגער
שיטן גרויפּן פאַר די פייגל לכבוד שבת־
שירה. / — — — אַ, שוועסטער, שיק
צום אין־סוף מיר דער באָבעס אַ קרעכץ
אַ לעבעדיק־זאַפטיקן, / איך וויל פאַר־
קניפּן אין איר רחמים מיין חלום דעם
נישט־האָפטיקן... — — — נאָר אין
מיין זכרון, ווי אין אַ טייך אונטער
אייזיקע שאָלן, / האָב אויפגעהיט אַ
בעכערל ריח פון וועלדער היימישע, פון
בערג און טאָלן״... (ב. 1 ״בריוו פון
יענער וועלט״ — ז״ז 58—59).

עס איז אין דער פּאָעמע פאַרשפּיגלט
די ליבשאַפט צום לעבן, באַגלייט מיט
פאַרבאָרגענע יידישע בענקשאַפטן, פּני־
מער, בליקן, וואָס טויכן אויף אין אים,
ווי וועגווייזערס און אַסאָציאַציעס פון אַ
יידישער וועלט וואָס איז שוין מער
נישטאָ.

אין זיין פּאָעמע ״ירושה״ דערמאָנט ער
דעם באַרדיטשעווער זיידע, וואָס האָט
געזוכט דאָס בראשיתדיק־תוכיקע פון
לעבן, פון מענטש. ער שרייבט וועגן די
יושבים ביים רבישן טיש, די זקנים מיט
זייערע זשופּיצעס און סויבלנע היטלען,
וואָס לעבן אין זיין זכרון פון יענע קינ־
דעריאָרן, איז פון רבישאַפט אַוועק,
אָבער די ירושה געטראָגן אין זיך אפילו
ווען ער איז געגאַנגען אויף אַנדערע
וועגן: ״מיטן זעלביקן טראָט. / די זעל־
ביקע אויגן / וואָס רעדן צו גאָט.״

פּונקט ווי ער דערציילט פון משה־
לייב דעם ניסתר, וואָס האָט געהאַט
רחמנות אויף דעם קרעכץ פון אַ פּיי־
געלע און געזאָגט צום באַשעפער: —
״איך קען נישט, טאַטעלע גאָט, הערן
דאָס טייבעלע קרעכצן״. אַזוי קען אויך
ניט יעקב פרידמאַן בענטשן און לויבן
תפארת אַליין — מחמת ״תפארת אָן
רחמים... טאַטעלע מיין, / הערסט ווי
ס׳וויינט די יצירה / הערסט פון באַפּאַ־
לענע שאָף דאָס געוויין / דערשטיקן פון
פייגל די שירה?״

יעקב פרידמאַן האָט אין זיינע לידער
און פּאָעמעס זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם
געבליפּ פון פאַרשעמטן יידיש־לשון. אין
זיין גרעסערע פּאָעמע ״אַ חלום אין קפּ־
ריסין״ שרייבט ער, אַז כאָטש משיח
רעדט לשון־קודש ״נאָר אויב גראַמען /
כ׳וועל מיט טרערן, / וועט ער אויך אויף

יידיש הערן . . . הערסט נישט, מלך, / אין די גראַמען / כליפען, כליפען / שטיל מיין מאַמען . . . ס'וויינט מיין מאַמע, / און אפשר דיינע, / וויינט אויף יידיש / אויס איר טענה. / שפּיל זשע, דוד, / אויפן פידל, / נאָר פאַר־שעם זשע / נישט מיין לידל. / כאָטש אויף יידיש, / כאָטש אַ פּראָסטע, / מיט אויגן מילד / אַראָפּגעלאָזטע — / לאָזט צום גרויסן / טיש עס צו . . . אוי ווי, טאַטע, / דו, דו, דו . . .״ (ב. 2, ז״ז 209—210). ער שרייבט וועגן גורל פון יידישן לשון אויך אין פיל אַנדערע לי־דער.

דער יידיש־פּאָעט האָט דערהערט דעם יידיש־קלאַנג און דעם ישראל־פּייסאַזש, וואָס ענטפערט אים אויף זיין פראַגע: ״צי לעבט נאָך יידיש לשון?״. עס איז נישטאָ ביי אים קיין ספק אין דעם יידיש־קיום, מחמת עס רעדט צו אים אין זיין ישראל־גאָרטן דורך די שוואַלבן, בינען, און פלאַטערלעך, ״אַלע ענטפערן בעת איך רוף אויף יידיש זייער נאָ־מען״ . . . ער דערציילט אַז זיין גאָרטן איז איין־שפּראַכיק. ״אפילו די שטילקייט אין מיין גאָרטן רעדט יידיש, — — — אויסגעצייטיקטע פון פרישע יידיש־ווער־טער פול מיט חידוש . . . / אפילו מיין ציג אין שטאַל, בעת זי גייט צו קינד, מעקעט זי אויף יידיש.״

דער דיכטער איז מתפלל צום האַר פון אַלע זיבעציק לשונות. ער פרעגט אים פאַר וואָס ער האָט אויסדערוויילט אונדזער יידיש לשון צו פאַרטיליקן ״און ווען ? . . . גראָד אין יענער שעה, ווען אין מלכות־פּראַכט / מיט אַלע טויזנט כלה־חנען מיר האָבן צו דער חופּה זי גע־בראַכט״ און ער פרעגט דעם שר איבער לשונות, וואָס זשע ווערט מיט זיי, ווען זיי ווערן פאַר דער צייט פאַרשניטן פון דער ערד ? . . . איז ער מתפלל צו אים: ״אָ, האַר! זאָלסט אונדזער יינגסט־געבוי־רענע נישט טאָן טון פאַרשעמען. / צווישן אַלע טעכטער פון דיין ערד אין כלה־קלייד וועסטו זי דערקענען. / די פלעכטן אירע מיט פערל פון דער באָ־בעשיס שטערנטיכל / זענען צניעותדיק באַהאָנגען, / און מיט גאָלד געזוימט די פאַנטאָפל אירע — זי איז מיט זיי צו דער חופּה נישט דערגאַנגען...״ (״יידיש״, ב. 2, ז״ז 276—277).

(המשך קומט)

# געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען

א. רוט

## אַ סך־הכל פון אַ רייזע

עס זענען נישט פאַראַן קיין אַלגעמיינע הנחות פאַר אומעטום און פאַר אַלע צייטן. ריכטיקע און צוועקמעסיקע אויף אַ באַשטימט אָרט און אין אַ באַשטימטער צייט קאָנען אויף אַן אַנדער אָרט און אין אַן אַנדער צייט זיין פאַלש און שעדלעך. אפילו שנאה קאָן טייל מאָל זיין אַ נויטיקער עלעמענט אין קאַמף פאַר אַ גערעכטער זאַך. אָבער ווען שנאה איז נישט מער ווי אַ פועל־יוצא פון קנאה, פון פערזענלעכע מאָטיוון, אָדער גאָר פון אַ סיבה, וועלכע עקזיסטירט שוין נישט מער, דעמלט איז זי גורם שאָדן אַלע צדדים.

די שנאת־חינם פון די אומות־העולם צום יידישן פאָלק, וואָס איר עיקרדיקער גורם איז דער לעזאזל־מאָטיוו אין זיינע פילצאָליקע וואַריאַנטן, האָט אומעטום און אין אַלע צייטן געפירט סוף־כל־סוף צו פיזישער און גייסטיקער אויסראָטונג, אַבסאָלוטער צי טיילווייזער.

אָבער אויסער די אומגליקן, וועלכע געשען דעם יידישן פאָלק מחמת דער שנאת־חינם פון דרויסן, מצד פרעמדע, פאַרשאַפט נישט ווייניק צרות און שאָדנס די אינעווייניקסטע שנאת־חינם צווישן איין טייל יידן און צווייטן. מחריביך ומהרסיך ממך יצאו — האָבן נאָך אונדזערע נביאים געזאָגט און אונדזערע חכמים האָבן געהאַלטן, אַז דער צווייטער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, ״מפני שהיתה שם שנאת־חינם״.

די ביידע שינאהס, פון דרויסן און פון אינעווייניק, האָבן באַגלייט דאָס יידישע פאָלק אין משך פון זיין גאַנצער טראַגישער געשיכטע און זיי דויערן נאָך היינט. זיי דערפירן אַלע מאָל צו די גרעסטע פאַרוויסטונגען און זיי דערלאָזן אויך נישט פון די דאָזיקע פאַרוויסטונגען קומען צו זיך. זיי מאַכן צו נישט די אָנשטרענגונגען פון אונדזער פאָלק זיך צו באַנייען.

אונדזער יאָרהונדערט צייכנט זיך אויס נישט בלויז מיט דער גרויסער און פאַרשידנאַרטיקער צאָל אָנגריפן אויפן יידישן פאָלק, נאָר באַזונדערס מיט זייער אוממענטשלעכער אכזריות, וועלכע איז דערגאַנגען צו איר העכסטער מדרגה פון קאַניבאַליזם אין מאַסן־מאַסשטאַב דורך די נאַציס און צו טיילווייזער פיזישער און אַבסאָלוטער גייסטיקער אויסראָטונג דורכן סטאַליניזם און זיינע יורשים. זייער ביידנס גיפטיקע השפעה איז נאָך צו זען ביים היינטיקן טאָג אין דער פאַרפליי־צונג פון יודאָפאָבישער ליטעראַטור אין די לענדער פון "פעלקער־פריינדשאַפט", אין דער באַנייונג פון דער היטלער־ליטעראַטור אין אייניקע לענדער אויף מערב, ווי אויך אין די פּילצאָליקע יודאָפאָבישע רעקאָמענדאַציעס, דעקלאַראַציעס, אָפּ־שטימונגען און באַשלוסן, וועלכע שטראָמען פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס מיטן "אונ"אָ" בראש אונטער פערפידע און ציניש מאַסקעס פון מאַנען מכלומרשט יושר און גערעכטיקייט ביים יידישן פאָלק, וואָס זיי האָבן אין משך פון יאָר־טויזנטער ביז אין היינטיקן טאָג נישט אויפגעהערט אויף פאַרשידענע אופנים צו פאַרפאָלגן.

צי איז דאָס יידישע פאָלק אין שטאַנד מיט פיזישער קראַפט זיך אַנטקעגנ־שטעלן דער שנאה, וועלכע שטראָמט פון פאַרשידענע זייטן? קלאָר, אַז נישט. דער איינציקער כוח, וועלכער האָט אויסגעהאַלטן אין יעדן קריטישן מאָמענט דעם געשיכטלעכן עקזאַמען, איז געווען די אַלטע יידישע אחדות, די אַבסאָלוטע אייני־קייט פון יידישן פאָלק. זי האָט נישט אַלע מאָל געקאָנט פאַרמיידן די אומגליקן, אָבער זי האָט פיל מאָל זיי געמילדערט, פאַרקלענערט, און נאָך דעם, ווי זיי זענען שוין געשען — געהאָלפן די געליטענע קומען צוריק צו זיך, מאָראַליש און פיזיש.

פאַרשטייט זיך, אַז יעדעס פאָלק איז איינגעטיילט אינערלעך אין קלאַסן און שיכטן, וועמענס מאַטעריעלע אינטערעסן זענען קעגנזעצלעך, און צווישן די דאָ־זיקע קלאַסן און שיכטן וועט אָנגיין אַ געראנגל אַזוי לאַנג, ווי לאַנג מען וועט נישט געפינען אַ יושרדיקע לעזונג פאַר אַ גערעכטער פאַרטיילונג פאַר די נאַטיר־לעכע און פּראָדוצירטע גיטער. אָבער די טעאָריע, אַז די אייניקייט צווישן די זעלבע קלאַסן און שיכטן פון פאַרשידענע פעלקער איז שטאַרקער, ווי די נאַציאָ־נאַלע אייניקייט צווישן זיי האָט זיך אין די בלוטיקע דערפאַרונגען פון אונדזער יאָרהונדערט אַרויסגעוויזן פאַר פאַלש. עס קאָן געשען, אַז די זעלבע קלאַסן פון פאַרשידענע פעלקער זאָלן זיך סאָלידאַריזירן אין קאַמף פאַר אַ געמיינזאַמען קאָנקרעטן ענין. אָבער דאָס זענען בלויז פאַלן "אַד־האָק". זיי זענען פאַרבונדן בלויז מיט דעם קאָנקרעטן פאַל און זיי פאַרשווינדן מיט אים.

די אומברחמנותדיקע פאַקטן פאַר די לעצטע יאָרן לערנען אונדז, אַז נישט בלויז די זעלבע קלאַסן פון פאַרשידענע קאַפּיטאַליסטישע רעזשימען, נאָר אויך פון קאָמוניסטישע זענען מסוגל קעגנזייטיק זיך אויסצוקוילען פאַר צווייפלהאַפטע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, שוין אָפּגערעדט פון דער באַציונג פון קלאַסן ביי פאַר־שידענע פעלקער צו די זעלבע יידישע קלאַסן.

ווען מיר יידן זענען געלאָפן ווי געיאָגטע חיות איבער אייראָפּע, זוכנדיק

אַ רעטונג, און לאַנד נאָך לאַנד האָט געשלאָסן פאַר אונדז זיינע גרענעצן, אָפּשיקנדיק אונדז מיט קאַלטער אכזריות צוריק אין די נעגל פון דער ווילדסטער, וואַנזיניקסטער און פּערפידסטער מענטשן־בעסטיע, וועלכע די געשיכטע האָט ווען עס איז געקענט, האָבן זיך מיט זייערע אוממענטשלעכע האַנדלונגען נישט אונטערשיידט די קאָמוניסטישע רעפּובליקן פון די דעמאָקראַטיש־קאַפּיטאַליסטישע. אָן אויסנאַם אין אַ געוויסער מאָס — ווי אויסטערליש דאָס זאָל נישט אויסזען — זענען גראָד געווען די פאַשיסטישע שפּאַניע און איטאַליע און אייניקע קלענערע לענדער, ווי דענעמאַרק, האָלאַנד און נאָרוועגיע.

אויך די מיליאָניקע אַרבעטער־מאַסן, וועלכע אָרדענען איין פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס און שטרייקן קעגן דער מינדסטער מאַטעריעלער, אָדער פּרעסטיזש־עוולה, וואָס זיי געשעט, האָבן נישט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און נישט אין די קאָמוניסטישע קיין פּיפּס נישט געטאָן, ווען די נאַציס האָבן דערשטיקט, לעבעדיק פאַרברענט און לעבעדיק באַגראָבן, אָדער געלאָזט צערייסן דורך הינט מיליאָנען יידישע אַרבעטער מיט זייערע טאַטעס און מאַמעס און פרויען און קינדער, נאָר דערפאַר, וואָס זיי זענען געווען יידן. דאָס האָט נישט געהאַט קיין שייכות מיט קלאַסנקאַמף...

אַזאַווירקלעכקייט האָט עקזיסטירט און עקזיסטירט נאָך איצט און זי איז נישט צום אָפּפרעגן און נישט צו פאַרלייקענען. זי האָט פאַרשלונגען אין איר מאַקאַברישן תהום זעקס מיליאָן פון אונדזער פאָלק און זי גרייט ערשט נאָך אַלעמען אַלץ אָפענער און צינישער די באַלאַגערונג אויף אונדזער גאַנצער אומה דורך אַרומרינגלען מדינת־ישראל מיט ווילדע פיינטלעכע קולות און בייזע שטורעמס אין דער האָפענונג, אַז אונדזערע שויץ־טויערן וועלן מחמת שרעק איינפאַלן פון זיך אַליין.

מדינת־ישראל, ווי די העכסטע פאָרם פון אַ יידישן נאַציאָנאַל־אָרגאַניזירטן ציבור, גיט זיך אָפּ אַ רעכענונג דערפון, אַז די קראַפט, וועלכע איז מסוגל אין אַ געוויסער מאָס שטעלן אַ ווידערשטאַנד די דראָענדיקע סכנות פון דרויסן, מוז זיך אָנשפּאַרן דער עיקר אויף דער אינערלעכער אייניקייט פון פאָלק, נישט אין פּרימיטיוון זין פון וואָרט, נאָר אין איר פולער אַלזייטיקער דיפערענצירונג אויף קלאַסן און שיכטן און אידעישע ריכטונגען. יעדער איינער, וואָס האָט די רעכט פון "שבות", ווערט אויפגענומען, ווי אַ גלייכבאַרעכטיקטער אין אַלע הינזיכטן בירגער, אומאָפּהענגיק פון זיינע פּאָליטישע און אידעישע איינשטעלונגען און אפילו פון זיין פריערדיקער באַציונג צו ישראל. פּאָליטישע און אידעישע מיינונגס־פאַרשידנהייטן, ווי אַנדערשדיק און אפילו קעגנזעצלעך זיי זאָלן נישט זיין, זענען נאָך נישט אַנטי־נאַציאָנאַל, אויב זיי נייגן נישט אָפּ פון דריי עיקרדיקע פּרינציפּן:

א) זיי באַקעמפן אַנטשידן יעדע פאָרם פון אַנטיסעמיטיזם ווו ער זאָל נישט דערשיינען,

ב) זיי באַקעמפן טעאָרעטיש און פּראַקטיש די אַסימילאַציע אין אַלע אירע מעגלעכע געשטאַלטן, און

ג) זיי קעמפן פאַר דער מלוכהשער זעלבשטענדיקייט און אומאָפּהענגיקייט פון מדינת־ישראל.

אין דעם גייסט אורטיילט מען אין ישראל וועגן יעדן יידן, וואָס קומט ווערן אַ בירגער.

דאַקעגן האָבן זייער פיל אין די תפוצות נאָך נישט באַזיניקט די לעבנס־וויכטיקייט פון דער אינערלעכער אייניקייט פון יידישן פאָלק אין דער איצטיקער צייט. טויזנטער און טויזנטער יידן פון פאַרשידענע שטאַנדן, וועלכע דערנענטערן זיך אין רעזולטאַט פון ביטערע אַנטוישונגען אין דער אידעע פון אַסימילאַציע אויף רעכט און אויף לינק צום נאַציאָנאַלן געדאַנק בכלל און צו זיין ישראלישער פאַרקערפּערונג בפרט, ווערן נישט בלויז נישט דערמוטיקט אויף זייער נייעם קאָמ־פּליצירטן וועג, נאָר אָפּגעשטויסן צוליב קליינלעכע טעמים פון אַלטע מחלוקתן.

כ׳וועל, אַלס ביישפּיל, זיך אָפּשטעלן אויף דעם גרעסטן יידישן צענטער מחוץ־לאַרץ — אויף די פאַראייניקטע שטאַטן. כמותדיק פאַרמאָגן די פאַראייניקטע שטאַטן צוויי מאָל אַזוי פיל יידן, ווי ישראל. אָבער איכותדיק זענען אין דעם ים פאַראַן בלויז איינצלנע אינדזועלעך פון יידישקייט, וואָס אַלע צוזאַמען מאַכן אויס נישט מער ווי עטלעכע פּראָצענט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין אַמעריקע. דאָס הייסט נישט, אַז די איבעריקע עטלעכע און ניינציק פּראָצענט אינטערעסירן נישט די וועזנטלעכע פּראָבלעמען פונעם יידישן פאָלק בכלל און פון מדינת־ישראל בפרט. פאַרקערט, דער גרעסטער טייל פון זיי נעמט צומאָל אַן אַקטיוון אַנטייל אין זייער לייזונג. אָבער שפּראַכלעך און קולטורעל ווערן זיי אַלץ מער און מער אָפּגעפרעמדט, אַסימילירן זיך מיטן אַרום, ווערן אַלץ מער אַמעריקאַניש גלייכגעשאַלטעט, וואָס זאָגט נישט אָן קיין גרויסן נאַציאָנאַלן נחת אין דער צוקונפט.

האָב איך אַלס גאַסט אויף אַ ווייל געפּרוווט נאָכפאָרשן צי איז דאָס אינדזועלע יידישקייט אין אַמעריקע אין סטאַדיע פון אונטערגאַנג, ווי אייניקע זענען דאָס, אָדער פאַרקערט, עס האָט נאָך גענוג קראַפט פאַר זעלבשטענדיקער עקזיסטענץ, ווי אַנדערע ווילן האָבן. און איך בין געקומען, ווי טוביה דער מילכיקער, צו גאָר אַ דריטן ווייטגייענדיקן אויספיר, אַז דעם דאָזיקן ״אינדזועלע״ וואָלט געקאָנט סטייען קראַפט נישט בלויז אויף זעלבשטענדיקער עקזיסטענץ, נאָר אויך אפילו פאַר גוטער און עפעקטיווער השפעה אויף די קלענערע יישובים, אָבער בלויז ביי צוויי באַדינגונגען:

ערשטנס, אַז די פירער און שעפער גופא, וועלכע ווירקן אין דער אַמעריקאַ־נער יידישער סביבה זאָלן מוטיק און דרייסט אַרויסגיין אין קאַמף מיט דעם אַרו־מיקן אַסימילאַציע־שטראָם, וועלכער אַנטהאַלט אין זיך נישט בלויז יידישע מינ־דערווערטיקייט, נאָר אויך מענטשלעכע, וואָס איז אין תוך גענומען איינס און דאָס זעלבע.

צווייטנס, עס זאָלן אויפהערן די אינערלעכע רייסענישן און קעגנזייטיקע באַשמוצונגען, וועלכע פאַרצערן ווי אַ ראָק אַלע נוצלעכע אויפטוען, פאַרמיאוסנדיק זיי אין די אויגן פון אַלעמען, נאָר ביי אַלע אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע מיינונגספאַרשידנהייטן און שאַרפסטע ויכוחים זאָל דאָס אַלגעמיינע און נאַציאָנאַל־וועזנטלעכע ווערן געטאָן מיט קאָאָרדינירטע כוחות, וואָס פאָדערט אָן אַבסאָלוטע קעגנזייטיקע טאָלעראַנץ.

עס עקזיסטירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַ היפּשע צאָל יידישע שעפער — פּאָעטן, דראַמאַטורגן, פּראָזאַיקער, קריטיקער — וואָס אייניקע פון זיי קאָנען ווערן באַטראַכט, ווי די באַדייטנדיקסטע אין דער יידישער ליטעראַטור פון אונדזער צייט. דאָסגלייכן עקזיסטירט אַ גאָר היפּשע צאָל אָפּעראַטיווע און איניציאַטיווע־פעיקע קולטור־טוער מיט אינטעליגענץ און אחריות.

עס קומען אויך אויף אין די לעצטע יאָרן נישט ווייניק ליכטיקע פּונקטן אין אַמעריקע אויף דעם געביט פון דער יידישער קולטור, וועלכע גיבן האָפענונג, זאָגן עפּעס צו. אין צענדליקער אוניווערסיטעטן פאָרמירן זיך סטודענטן־גרופּן, וועלכע דריקן אויס זייער ווילן צו דערלערנען די יידישע שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע.

פאַרשידענע קולטור־צענטערס און סינאַגאָגעס קאָנצענטרירן אַרום זיך גרעסערע גרופּן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט פּאָפּולאַריזירן דאָס יידישע פאָלקס־ליד, אַרדענען איין לעקציעס וועגן יידישער ליטעראַטור און קולטור, שאַפן כאָרן, און דראַמקרייזן אין יידיש.

איך בין בייגעווען אַ צוזאַמענפאָר פון "יוגנט־רוף" און איך בין געווען באַווירקט פון אַמעריקאַנער־געבוירענע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן מיט ליבשאַפט גערעדט וועגן דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור און אויסגעדריקט זייער גרייטקייט צו זיין טעטיק אויף דעם געביט, איינפלאַנצן די דאָזיקע ליבשאַפט אויך אין די הערצער פון אַנדערע יוגנטלעכע.

דער עיקר, עס עקזיסטירן אין אַמעריקע גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציעס און ביז גאָר וויכטיקע קולטור־אינסטיטוציעס, וועלכע זענען סיי לויט זייער כמות און סיי לויט זייער מהות מסוגל אויפצוטון וואָגיקע מעשים אויף דעם געביט פון יידישער קולטור. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס זענען:

א) דער "אַרבעטער־רינג", וועלכער ציילט צענדליקער טויזנטער אָרגאַניזירטע מיטגלידער און פירט דורך זיין קולטור־דעפּאַרטאַמענט אין הונדערטער ברענטשן (צווייגן) אין ניו־יאָרק און אין גאַנצן לאַנד אַ יידישע קולטור־טעטיקייט פון ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע אימפּרעזן, כאָרן, דראַמע־קרייזן, באַזוכן פון יידישן טעאַטער, שולונג פון יידישער שפּראַך, געשיכטע און ליטעראַטור, נאָכמיטאָג־שולן, זונטיק־שולן און דג"ל.

דער "אַרבעטער־רינג" איז אויך די באַזע פון דער איינציקער איצט יידישער צייטונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן — דעם "פאָרווערטס" — וועלכע ברענגט נישט בלויז יידישע אינפאָרמאַציע און הייבט אַרויס אַקטועלע יידישע פּראָבלע־

מען, נאָר גיט אויך פּלאַץ פאַר שאַפונגען פון אַ גאַנצער ריי באַקאַנטע און באַ־רימטע היינטצייטיקע יידישע שרייבער און אינפאָרמירט אויף אַ ספּעציעלער זייט יעדע וואָך וועגן דער יידישער ליטעראַטור, באַקענענדיק דערביי די לייענער אַלע מאָל מיט אַן אַנדערן יידישן שרייבער.

דער ״אַרבעטער־רינג״ גיט אויך אַרויס אַ יידישע פּעריאָדישע געזעלשאַפט־לעך־ליטעראַרישע צייטשריפט ״קולטור און לעבן״ און דער בילדונגס־דעפּאַרטאַ־מענט ביים ״אַרבעטער־רינג״ — אַ זייער עסטעטישע און אינהאַלטלעכע ״קינ־דער־צייטונג״.

אין ניו־יאָרק געפינט זיך דער יידישער ״קולטור־קאָנגרעס״, וועמענס טע־טיקייט פאַר דער יידישער ליטעראַטור דורך אונטערשטיצן יידישע שרייבער און יידישע קולטור־אינסטיטוציעס און דורך אַרויסגעבן אַ גאַנצע ריי אַנגעזעענע ווערק פון אומגעקומענע און לעבעדיקע יידישע שרייבער איז געוואָרן אַ יסודותדיקע אויף דעם געביט. דער ״קולטור־קאָנגרעס״ איז אויך דער אַרויסגעבער פון דער באַקאַנטער אין דער גאָרער יידישער וועלט ליטעראַרישער צייטשריפט ״די צוקונפט״.

אויך דער באַרימטער ״יידיש־וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט״ פון ווילנע האָט געפונען זיין מקום־מנוחה אין ניו־יאָרק און אַ דאַנק זיינע וויסנשאַפטלעכע אַר־בעטן פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, ווי אויך געשיכטע, דערוואָרבן די אַנערקענונג, ווי די העכסטע אויטאָריטאַטיווע אינסטיטוציע אויף די געביטן אין יידישן ציבור.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן געפינט זיך אויך אַ ספּעציפישע פּראָפּאָרציאָנעל פילצאָליקע און פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־באַוועגונג, וועלכע איז אַ מאָל געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אַמעריקע און איז פון איר באַזייטיקט געוואָרן צוליב איר פּאָזיטיווער באַציונג צו ישראל און אָפענער דרייסטער קריטיק קעגן די אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען אין ראַטנפאַרבאַנד.

ווי באַוווסט, האָבן די רציחות און אַלערליי פאַרברעכנס פון סטאַליניזם לגבי אַלע בירגער פון ראַטנפאַרבאַנד בכלל און לגבי די יידישע בירגער בפרט, ווי אויך די אָפן יודאָפאָבישע פּובליקאַציעס און האַנדלונגען פון סטאַלינס יורשים ביז אין היינטיקן טאָג, אַנגעמאַכט אַ פאַרוויסטונג אין די לינקע באַוועגונגען צווישן יידן אויף דער גאָרער וועלט, צעטומלענדיק זיי אידעיש און צעברעקלענדיק אָרגאַניזאַציאָנעל. יחידים און גרופּן פון די באַוועגונגען, צעבראָכענע גייסטיק און פיזיש, האָבן אין זייערע בלאָנדזשענישן זיך באַהאָפטן מיט פאַרשידענע ריכטונגען פון עקסטרעם רעכט ביז עקסטרעם לינק. בלויז געציילטע פאַרגלי־ווערטע אין זייער געדאַנקלעכער פאַרקנעכטשאַפט האָבן צוגעשטעלט זייערע אויערן צום ביישטידל פון קרעמעל, אָדער גאָר פון דער ״כינעזישער וואַנט״ און חזרן איבער ווי לונאַטיקער דעם אַלטן פזמון — ״כ׳האָב ליב מיין האַר...״

די אויבנדערמאָנטע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־באַוועגונג, וועלכע גרו־

פירט זיך אַרום דער "מאַרגן־פרייהייט" און דעם "איקוף" (אידישער קולטור־פאַרבאַנד), כאָטש אויך נאָך דער באַזייטיקונג איז זי אין אַ געוויסער מאָס נאָך אַלץ צוגעטשעפּעט צום סאָוויעטישן וואָגן, אָפט מאָל קעגן יעדער לאָגיק. אָבער דאָך איז זי קיין "קאַנאַסע" נישט געגאַנגען און זי גייט ווייטער אַן מיט איר דרייסטער קריטיק קעגן די אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען אין ראַטנפאַרבאַנד און מיט איר ענערגישער יידישער קולטור־אַרבעט.

אין משך פון זיין איבער 38־יעריקער עקזיסטענץ האָט דער אַמעריקאַנער "איקוף" אַרויסגעגעבן און פאַרשפּרייט ביי אַ האַלבן מיליאָן יידישע ביכער, גיט אַרויס סיסטעמאַטיש איינעם פון די ערנסטע ליטעראַרישע חודש־שריפטן "יידישע קולטור", פירט אַן מיט אויפקלערערישע און שולונגס־אַרבעט אין יידיש.ביים "איקוף" איז אויך טעטיק אַ שרייבער־קרייז, וועלכער גיט אַרויס אַ פּעריאָדישע שריפט "זאַמלונגען", קלובן, לייענער־קרייזן און אַן אַמאַטאָרישע באַוועגונג, וואָס איר שענסטע דערגרייכונג איז דער פילצאָליקער פאָלקס־כאָר אין ניו־יאָרק אונטער דער אָנפירונג פון באַוווסטן דיריגענט און קאָמפּאָזיטאָר משה ראַוף.

אין שייכות מיט די יידישע געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע אויפגאַבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן דאַרפן נאָך דערמאָנט ווערן די וואָגיקע לאָס־אַנדזשעלעסער פּערטליאַרשריפט "חשבון", די אינטערעסאַנטע, דרייסטע און גוט רעדאַגירטע וואָכנשריפט "דער קעמפּער", די אינהאַלטלעכע צייטשריפט "דער וועקער", ווי אויך אַזעלכע פּעריאָדישע אויסגאַבן, ווי "אונדזער אייגן וואָרט", "בני־יידיש" און ענלעכע.

אַן שום ספק זענען די חילוקי־דעות צווישן די פאַרשידענע ריכטונגען אין יידישן ציבור פון די פאַראייניקטע שטאַטן וועזנטלעכע, אָבער זיי זענען ביים היינטיקן טאָג שוין ווייט נישט אַזוי אַנטאַגאָניסטיש ווי אַ מאָל און זיי דאַרפן מער נישט פאַרשטעלן מיט זיך די אַלגעמיינע זאָרג וועגן דעם שווערן מצב פון יידישן פאָלק און זיין קולטור נאָך אַלע אומגליקן אין צווייטן פערטל פון אונדזער יאָרהונדערט. די דאָזיקע חילוקי דעות דאַרפן שוין מער נישט זיין קיין סיבה פון אַ קעגנזייטיקן חרם, נאָר פון אַ פּרינציפּיעלער דיסקוסיע, וועלכע זאָל דערמעגלעכן גלייכצייטיק אַ קאָאָרדינירטע צוזאַמענאַרבעט, כדי צו דערגרייכן דעם עיקרדיקן ציל, וועלכער איז לעבנסוויכטיק פאַר אַלע.

כ'ווייס, אַז מיינע באַמערקונגען קאָנען נישט וווּל־געפעלן אַלע צדדים, וועלכע האָבן מיך גראָד אויפגענומען פריינדלעך, חבריש און אפילו מיט טאָלעראַנץ צו מיינע פּשרהדיקע איינשטעלונגען. אָבער ביטערע דערפאַרונגען האָבן מיך געלערנט, אַז צו אַ פּשרה דאַרף מען אַ מאָל באַזיצן מער גבורה, ווי צו אַן איינזייטיקן אורטייל, בפרט, אַז די פּשרה איז נישט פאַר פּערזענלעכן ווילזיין, נאָר פאַרן ווילזיין פון גאַנצן ציבור.

# פון יידישן "סאַמיזדאַט"

## דער יידישער זעלבסט־באַוווּסטזיין און די פּראָבלעמען פון סאָוועטישן יידנטום

דער נגב־אוניווערסיטעט אויפן נאָמען פון בן־גוריון, דער בר־אילן־אוניווערסיטעט צוזאַמען מיטן פאַרבאַנד פון רעליגיעזער יידישער אינטעליגענץ פון פססר און מזרח־אייראָפּע "שמי"ר" האָבן צונויפגערופן אַן אַלוועלטלעכע קאָנפערענץ אויף דער אויבן־אַנגערופענער טעמע. די קאָנפערענץ איז אייגנטלעך געווען איינע פון די סאָלידאַריטעט־אַקציעס אויף דער וועלט אין צוזאַמענהאַנג מיטן טעראָריזירטן און פאַנאַנדערגעיאָגטן וויסנשאַפטלעכן סימפּאָזיום וועגן יידישער קולטור, וואָס עס האָבן פאַרפּלאַנירט די יידישע וויסנשאַפטלער און עליה־אַקטיוויסטן אין מאָסקווע.

צוויי טעג האָט געדויערט די קאָנפערענץ אינעם קיבוץ קרית ענבים (12—13 יאַנואַר 1977). מיט אינהאַלטרייכע רעפעראַטן זענען אַרויסגעטראָטן אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן, וויסנשאַפטלער, פאָרשער, סאָציאָלאָגן און אַ גאַנצע ריי עליה־אַקטיוויסטן פון פססר. דער מדינה־פּרעזידענט אפרים קציר האָט צו דער קאָנפערענץ צוגעשיקט זיינע האַרציקע ברכות.

מיט אַ באַגריסונגס־וואָרט איז אַרויסגעטראָטן דער פּרעזידענט פון נגב־אוניווערסיטעט יוסף תקוע.

צווישן די אינטערעסאַנטע רעפעראַטן־פאַרטרעטער זענען געווען ד"ר מ. אַלטשולער, פּראָפ' מ. גוטערמאַן, ד"ר ב. פּינקוס, פּראָפ' מ. זאַנד, פּראָפ' פּ. אַפּלבאַום (ענגלאַנד), פּראָפ' בראַנאָווער, ש. ד. דזשייקאָבסאָן (פש"א) און פיל אַנדערע.

מיר פאַרעפנטלעכן דעם רעפעראַט וועלכן ס'האָט געהאַלטן אויף יענער קאָנפערענץ יוסף קערלער.

יוסף קערלער

# דער יידיש־רוסישער "סאַמיזדאַט" און די יידישע ליטעראַטור אין ס"פ

אָנהייבנדיק פון יאָר 1970, צו ערשט מיט די צוויי בראָשורן, אַרויסגעגעבן אין ריגע — "עתון א'" און "עתון ב'", מיט די אַ ביסל שפּעטער דערשינענע אין מאָסקווע 4 העפטן "איסכאָד" (יציאה) דערשיינט רעגולער ביז היינט דער יידישער "סאַמיזדאַט", אין תוך אַ יידישע אויסגאַבע אין רוסיש, צום אונטערשיד פון דער אָפיציעלער, אַנטי־יידישער אויסגאַבע מיט יידישע אותיות, וואָס רופט זיך "סאָוועטיש היימלאַנד".

די אַרויסגעבער, די מחברים און פאַר־

שפּרייטער פון יידישן "סאַמיזדאַט" פאַרדינען, בלי שום ספק, אונדזער טיפסטע אַנערקענונג; אַדאַנק זייערע פּעריאָדישע פּובליקאַציעס ווערט אין אַ געוויסער מאָס צונישט די בלאָקאַדע אויפן סאָוועטישן יידנטום, ס'ברעכט זיך דורך, אַ מאָל דאָ אַ מאָל דאָרט, די אייזערנע וואַנט, וועלכע דער סאָוועטישער רעזשים האָט געפּעסטיקט במשך פון קאַרגע 60 יאָר, אַ וואַנט, אויף אָפּצושיידן און אָפּצופרעמדן די רוסלענדישע יידן פון יידישן וועלט־פאָלק, — פון זיין דורותדיקן גלויבן, פון זיינע טראַדיציעס, פון זיינע נאַציאָנאַלע קולטור־ווערטן, פון זיינע געמיינזאַמע פאָלקס־אינטערעסן אין געראַנגל פאַרן קיום.

לאָמיר פאַרגעדענקען, אַז הגם דער יידישער "סאַמיזדאַט" ווידערשפּרעכט בשום אופן נישט דער **לעגאַלער** סאָוועטישער געזעצגעבונג, געפינט ער זיך אָבער אין אַ פּערמאַנענט־שטייגנדיקן קאָנפליקט מיט דער קוים־באַהאַלטענער סאָוועטישער **געזעצלאָזיקייט**. לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז ניט וויניק מחברים, פאַרשפּרייטער און אפילו לייענער פון אָט דער אויסגאַבע שמאַכטן נאָך ביז היינט אין די סאָוועטישע טורמעס און צוואַנגס־קאָנצענטראַציעס פון דעם שרעקלעכן "גולאַג". די מחברים פון דעם "סאַמיזדאַט", האָבן פון סאַמע אָנהייב, פּונקט ווי די באַוועגונג, וועלכע זיי שטעלן מיט זיך פאָר, קיין מאָל זיך ניט אויסבאַהאַלטן אונטער קיין אַנאָנימע מאַסקעס — אַ זאַך, וואָס איז גראָד באַליבט און כאַראַקטעריסטיש ביי זייערע פאַרפאָלגער, דער אַלמעכטיקער געהיים־פּאָליציי פון דער סאָוועטן־אימפּעריע.

אָט אין וועלכן מצב די גייסטיקע גיבורים פון יידישן "סאַמיזדאַט" האָבן שוין אויפגעטאָן און זעצן ווייטער פאָר אַ ריזיקע פּיאָנערן־אַרבעט, אַן אַרבעט צו וועלכער ס'וועלן זיך נאָך נישט איין מאָל ווענדן די געשיכטע־ און קולטור־פאָרשער פון אונדזער פאָלק.

סכעמאַטיש וואָלט איך די דאָזיקע אַרבעט זייערע איינגעטיילט אין צוויי ריכטליניעס:

1) דאָס אַנטפּלעקן און באַקאַנט מאַכן די פרייע וועלט און די יידן פון גאָר דער וועלט מיט דער גאַנצער פּראָבלעמאַטיק פון די רוסלענדישע יידן. דאָס ווערט געטאָן דורך פאַרעפנטלעכן בריוו און פּעטיציעס — קאָלעקטיווע און פּערזענלעכע, דאָקומענטירטע מאַטעריאַלן, געשיכטע־פאָרשונגען, כראָניקעס, זכרונות און טיילווייז — ליטעראַריש־קינסטלערישע ווערק.

2) אַ גיגאַנטישער, וואָלט איך געזאָגט, אַנשטרענג אויפצולעבן דעם גייסטיק־נאַציאָנאַלן מדבר, איבער וועלכן ס'וואָגלען אַרום שוין יאָרצענדליקער די סאָוועטישע יידן. אַ פּרווו אויפצוּוועקן פון פינצטערניש זייער נאַציאָנאַלן זכרון און זעלבסט־דערקענטעניש.

אין דער הינזיכט זענען ביז גאָר אינטערעסאַנט און באַלערנדיק די ערשטע פיר זאַמלונגען א.ב. **"יידן אין פססר** — מאַטעריאַלן געווידמעט דער געשיכטע, קולטור און פּראָבלעמען פון די יידן אין ס"פ". (צונויפשטעלער פּראָפ' אַלעקסאַנדער וואָראָנעל און וולאַדימיר יאַכאָט). באַלערנדיק זענען די פאַרשידנאַרטיקע אַרויסזאָגונגען פון אַ גאַנצער ריי יידן־אינטעלעקטואַלן, ס'רוב פון יונגן דור, דעם שפּראַכלעך־ און קולטור־אַסימילירטן: באַטראַכטונגען אויף דער טעמע: ווער בין איך און מיין שייכות צום יידישן פאָלק.

ס'רופן אַרויס אינטערעס די ביז גאָר ערנסטע פאָרשונגען און עסייען פון די פּראָפעסאָרן וואָראָנעל און אַזבעל, פון יאַכאָט, סאָקאָליק, רובין און אַנדערע אַרבעטן, אין וועלכע די מחברים פּרווון זיך, דער עיקר מיט אייגענעם כוח הדימיון און כוח הערודיציע, פאַרטיפן אין מקור פון אונדזער עצם־עקזיסטענץ, זיי פּרווון אפילו פילאָזאָפיש באַהאַנדלען די גאַנצע פּראָבלעמאַטיק פון פאָלק ישראל במשך פון דורות . . . און דאָך מוז מען לײדער זאָגן, אַז ס'איז שווער זיך

צו באַפרייען פון אַ געוויסן ביי־טעם פון דילעטאַנטישקייט, וואָס בלייבט איי־בער נאָכן דורכלייענען אַ טייל פון אָט די אַרבעטן.

די סיבה, מיין איך, ליגט אין דער טענדענץ פון וועלן קינסטלעך צונויפ־קניפּן דעם אויפשטייג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער באַפרייונגס־באַוועגונג אין ס״פ בעיקר מיטן נצחון פון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה, בעת אָט דער נצחון האָט, וואָס אָן אמת, טאַקע געדינט אַלס אַ שטויס־קראַפט, אָבער דעם גרונטלעכן חשבון הנפש האָט דאָס רוסלענדישע יידנטום געמאַכט שוין פיל פריער — דורך די שלאַכטן קעגן נאַציזם, דורך די געטאָס און גאַז־קאַמערן פון דער דייט־שישער יידן־אויסראָטונגס־פּאָליטיק און שפּעטער דורך דעם סטאַליניסטישן פאַר־מעסט פאַרצוזעצן און פאַרענדיקן דאָס, וואָס היטלער האָט נישט באַוויזן אָפּצו־טאָן מיטן יידישן פאָלק.

אין אייניקע אַרבעטן פון ״סאַמיזדאַט״ וואַרפט זיך אויך אין די אויגן די טענ־דענץ פון אַריבערוואַרפן אַ בריק פון איצטיקן געראַנגל פאַרן קיום העם און קיום המדינה — דירעקט און בעיקר צו דער תקופה פון תנ״ך, פון אַוועקמאַכן מיט דער האַנט דורך עפּעס אַ מינדערווער־טיקייט־קאָמפּלעקס פון ״אָפּגעשטאַנענ־קייט״ און ״קליינשטעטלדיקייט״ די נע־ענטערע פאַרגאַנגענהייט פון אונדזער גלות־געראַנגל און גלות־קולטור.

אָבער דאָס איז, קלערן מיר, נישט אַזוי געפערלעך, נאָך דעם ווי מיר האָבן שוין ב״ה איבערגעלעבט די קינדער־פּלאָג פון פאַרשידענע מינים ״כנעניז־מען״... דער עיקר איז דאָך פאָרט דער עכטער יידישער פּונק. דאָס געירשנטע, כ׳וויס נישט דורך וועלכע וווּנדערלעכע גענגען, יידיש פייער פון וועלן זיך דער־גרונטעווען צום מקור, צום תוך, צום אמת וועגן יידישקייט, וואָס איז אַזוי פיל מאָל פאַרקריפּלט און פאַרליגנערט געוואָרן דורך דער אָפיציעלער סאָוועטי־שער פּראָפּאַגאַנדע און אירע יודענראַט־לער — פון דער יעווסעקציע ביז צו ״סאָ־וועטיש היימלאַנד״.

ביי אַזאַ גרויסער און פּיאָנערישער אַרבעט, וועלכע ס׳טוט דער יידישער ״סאַמיזדאַט״, קענען אוודאי זיין דורכ־פאַלן, ס׳קאָנען אויפקומען שוין לאַנג פאַרשוווּנדענע קאָנצעפּציעס, מע קאָן אַפילו אויף ס׳ביי דערפינדן אַ... סאָ־מאָוואַר... דאָך — כל הכבוד פאַר אָט די מוטיקע מענטשן, וואָס האָבן צייטנ־ווייז, ניט לויט זייער שולד, אַ קנאַפּע פאַרשטעלונג וועגן יידישן לעבנס־שטיי־גער און יידישע פאָלקס־טראַדיציעס.

איינע פון די, אַזוי צו זאָגן, אויף ס׳ביי דערפונדענע ״סאַמאָוואַרן״ איז די אַרויסגערופענע, ווייזט אויס פון יענער וועלט, אַלטע אַלטערנאַטיווע: ״עברית או רוסית״... נאָך שענער: אַפילו ״רוסית או עברית״...

מילא, זאָגן מיר: יידישע קולטור און דער רוסישער שפּראַך? — פאַר וואָס טאַקע ניט? בפרט, אַז די סאָוועטישע הערשנדיקע ״מומחים״ אין געביט פון דער נאַציאָנאַליטעטן־פּאָליטיק ווערן דאָך ממש צעמישט און אויפגעטרייסלט פון אַזאַ מין נייער זשידאָוועסקע חוצפה!

הערט נאָך אַ מעשה: שוין דרייסיק יאָר ווי ס׳איז אויסגעקאַרטשעט געוואָרן די יידישע קולטור אין ס״פ, 25 יאָר זינט סע זענען מערדעריש אומגעבראַכט געוואָרן די וויכטיקסטע יידישע שרייבער, קינסטלער, קולטור־טוער און קיינער פון די מערדער קלערט אַפילו ניט צו שלאָגן זיך על־חטא... אמת, צוליב טאַקטיק און ניט אָן קיין דרוק פון אויסן, איז דערלויבט געוואָרן אַ חודשלעכער זשור־נאַל ״סאָוועטיש היימלאַנד״, וואָס איז לויטן געוויסן פּסוק ״סאָציאַליסטיש״ לויטן אינהאַלט און נאַציאָנאַל לויט דער פאָרם״...

קומען גאָר איצטער, דרייסיק יאָר נאָכן חורבן יידיש, קומען גאָר איצטער יידי־שע יונגעלייט און דרייען איבער דעם סטאַליניסטישן פּסוק מיט דער פוטער אַראָפּ: סע האָרט זיי נישט, זאָגן זיי,

די פאָרם זאָל זיין רוסיש, אַבי דער אינהאַלט זאָל טאַקע זיין אַ יידישער!...

יאַ, די פורעמער פון דער סטאַלינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק ליידן אוודאי גרויס בויך־ווייטיק פון אַזאַ מין חוצפּה און ס׳איז שווער צו וויסן, מיט וואָס קען זיך ענדיקן זייער גרימצאָרן. לאָמיר האָפן אַז מיט — אַ בייער גרויסער עליה.

אַלזאָ, איך, וועמען ס׳איז ליב און טייער יידיש־לשון און יידישע קולטור, דאָס וואָס אייניקע "העברעיסקי רוסיטן" האָבן לעצטנס אָנגערופן אויף זייער באַליידיקנדיקן עם הארצישן זשאַרגאָן "יידישיסטקאַיאַ קולטוראַ", איך, ווי די מערהייט יידישע שרייבער און קולטור־טוער בין ווייט צו זיין אַ יידישיסט. איך שרייב ניט קיין יידישיסטיש, איך שרייב יידיש. איך קרענק, חלילה, אויך ניט אויף קיין "רק"־יידיש. און ווייל ביז היינט־צו־טאָג איז יידיש ווייס איך, די איינציקע אַלוועלטלעכע בינד־שפּראַך פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום און ווייל ביז היינט איז יידיש־לשון און די יידישע קולטור איינע פון די שטאַרקסטע דאַמבעס קעגן אַסימילאַציע, בין איך מיטן גאַנצן האַרצן פאַר יידישקייט, אין וועלכער שפּראַך סע זאָל נישט זיין — אויך אין רוסיש.

איז מיר טאַקע אַ ביטערע חרפּה פאַר אייניקע אינטעלעקטואַלן אונדזערע פון יידישן "סאַמיזדאַט" אין וועמענס אַרבעטן (ציטירן וואָלט פאַרנומען צו פיל צייט) איך געפין גאַנץ אָפט אַ ביטול־באַציונג צו דער "אָפּשטאַרבנדיקער" נעבעך "יידישיסטקער קולטור פון די אָפּגעשטאַנענע שיכטן"; און נאָך ערגער — אָפט קאָן מען אויך געפינען לויטן סאָוועטישן נוסח, אַ קאַטעגאָרישן טויט־אורטייל אויף אַ שפּראַך און אויף אַ קולטור, וועגן וועלכער זיי האָבן נישט קיין מינדסטע אַנונג.

דאָס איז דערפאַר, וואָס אין זייער קאַטעגאָרישער אומוויסנהייט אידענטיפיצירן זיי יידיש מיט יעווסעקציע, יידיש מיט "סאָוועטיש היימלאַנד", מיט ווערגעליסן און מיט דער רוח ווייסט מיט וואָס נאָך פאַר אַ פּאַסקודסטווע.

אויף וויפל אַזאַ מין פאַלשע אידענטיפיקאַציע קאָן מיט זיך ברענגען גאָר אַ גרויסן שאָדן פאַר אונדזערע געמיינזאַמע קולטור־אינטערעסן איז בייטיק צו ברענגען כאָטש אַ קורצן, זאָל זיין אַ סכעמאַטישן איבערזיכט צו דער געשיכטע פון דער יידישער קולטור, וועלכע איז אַזוי ברוטאַל פאַרשניטן געוואָרן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

(פאָרזעצונג קומט)

# יודאַיזם און ציוניזם

## "לעקציע"

דעם 19טן פעברואַר 1974 איז אין וויסנשאַפטלעכן פאָרשונגס־אינסטיטוט פון דער גומי־אינדוסטריע פאָרגעלייענט געוואָרן אַ לעקציע אויף דער אויבנגעבראַכטער טעמע.

דער לעקטאָר, קאַנדידאַט פון עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן וו. אי. יעמיליאַנאָוו, איז, ווי ס'האָט שפּעטער אינפאָרמירט די פּאַרטיי־ביוראָ פונעם אינסטיטוט, אַ מיטאַרבעטער פון דער געזעלשאַפט "זנאַניע" (וויסן) ביים לעניניסטן רייקאָם קפּסס פון מאָסקווע און ער אונטערריכטעט אין אינסטיטוט פאַר פרעמדשפּראַכן. די לעקציע איז לויטן פאַרלאַנג פון די צוהערער דורכגעפירט געוואָרן אַ צווייט מאָל. אויף דער לעקציע האָט יעמעליאַנאָוו צו וויסן געגעבן, אַז ער קאָן אַראַביש און העברעיש און ער פירט אַ קורס פון די דאַזיקע שפּראַכן. ווייטער ברענגען מיר אַ קאָנספּעקט פון זיין לעקציע. אויף צוזאַמענ־שטעלן דעם קאָנספּעקט האָט דער צוהערער זיך באַנוצט מיטן זכרון, מיט באַטיצן און מיט פאַרנאָטירונגען פון נאָך איין צוהערער. אויף וויפל ס'איז מעגלעך זענען אין קאָנ־ספּעקט פאַרהיט געוואָרן (אָן גוזמא) די אויסדרוקן און עפּיטעטן פונעם לעקטאָר. דער מחבר פונעם קאָנספּעקט גיט זיך אָפּ אַ רעכענונג, וואָס שייך דעם גייסט פון דער לעקציע און יענע עלעמענטאַרע געשיכטלעכע גרייזן, וואָס דער לעקטאָר האָט דערלאָזט. נאָר ער קאָן גאַרנישט אויסבעסערן, ווייל דאָס אַלץ איז אַראָפּדערלאַנגט געוואָרן פון אַ הויכער טריבונע. אויף דער לעקציע זענען בייגעווען 150—200 מענטשן. אין דער לאַבאָראַטאָריע פונעם מחבר פון קאָנספּעקט האָט מען אויף דער לעקציע געצוווּנגען צו גיין אַלע קאָמסאָמאָלצעס און צוהערער פון דער פּאָליטישער אויפקלערונגס־נעץ.

* * *

אין די לעצטע יאָרן איז די וועלט ניט איין מאָל געשטאַנען אויפן ראַנד פון מלחמה צוליב דער אַגרעסיווער פּאָליטיק פון ישראל. אין לעצטן קריג, למשל, איז דערגאַנגען דערצו, אַז די אַמעריקאַנער האָבן אין זייערע מיליטער־שולן אויסגערופן גרייטקייטצושטאַנד. די פאַרלוסטן פון דער וועלט־עקאָנאָמיק איבער די מלחמות אין נאָענטן מזרח באַטרעפן מער ווי גאַנץ ישראל. מיט וואָס זשע איז עס צו דערקלערן וואָס אַ מדינה וועמענס טעריטאָריע איז אַזוי קליין, אַז מע זעט זי אפילו ניט אויף קיין גרויסער מאַפּע, באַגייט זיך אַזוי מיט אַ גאַנצער וועלט ? דאָס איז אַלץ דער ציוניזם, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר דעם סאַמע שטאַרקסטן אַלוועלטלעכן מאָנאָפּאָל, וואָס קאָנטראָלירט 80% פון דער עקאָנאָמיק פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דאָס וואָרט ציוניזם איז לויטן נאָמען פון באַרג ציון, וואָס אין רוסיש הייסט ער סיאָן און דאָס איז ריכטיקער, ווייל ס'איז נאָענט צום וואָרט סיאַניע — לויכטונג. דער ציוניזם איז באַגרינדעט אויף יודאַיזם. די אידעע פון יודאַיזם איז די אידעע פון אַלוועלטלעכן פאַשיזם.

פון אַלע סעמיטישע פעלקער זענען די יידן דאָס סאַמע יונגסטע פאָלק, די עלטסטע — די אַראַווישע בעדווינער, דאָס הייסט די אַראַבער.

דער פּרינציפּ פון יודאַיזם איז פאָרמולירט אין אַלטן טעסטאַמענט פון דער ביבל, וואָס הייסט תורה, וואָס אין די שולן נוצט מען זיי ווי מגילות. די תורה איז דאָס שוואַרצסטע בוך אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט (ביי די ווער־טער האָט דער לעקטאָר אויפגעהויבן אַ בוך אין אַ שוואַרצן איינבונד). אַלע מלוכות וואָס טרעטן אַריין אין אונ"אָ גיבן איבער דעם טעקסט פון זייער קאָנסטי־טוציע. ישראל האָט אַריינגעטראָגן די ביבל.

די עיקרדיקע שטעלן פון דער ביבל: 1. יידן זענען אַן אויסדערוויילט פאָלק. 2. אַ רוף צו פאַרכאַפּן פרעמדע טעריטאָריעס. דאָס אוראַלטע פּאַלעסטינע האָבן באַוווינט אַ ריי פעלקער צווישן זיי — ווי ס'האָבן דערוויזן די אויסגראַבונ־גען פונעם רוסיש־דייטשן געלערנטן שלימאַן — די חיתים, די אבות פון די סלאַוון. ס'איז ניט געווען דאָרט אפילו קיין ריח פון יידן, כאָטש לויט דער ביבל זענען די ערשטע מענטשן אדם און חוה געווען יידן. דאָס איז לעגענדע. די יידישע שפּראַך איז אַ סוחרישער עספּעראַנטאָ, וואָס איז אַנטשטאַנען אויפן יסוד פון דער אַראַבישער שפּראַך, נאָר דער אלף־בית איז אַנדערש. ביי די 1250 יאָר פאַר אונדזער ערע זענען דערשינען די יידן ווי אַ מחנה היישעריקן. אגב, אין קנעכטשאַפט אין מצרים זענען זיי קיין מאָל ניט געווען. ס'איז אַ לעגענדע, וואָס ווערט ניט באַשטעטיקט פון קיין שום מיצרישער שריפטלעכער קוועלע. פּאַלעס־טינע איז צו יענער צייט געווען באַוווינט, די פעלדער — פאַראַקערט, די שטעט — אויסגעבויט, וואָס דאָס ווערט אויך באַשטעטיקט דורכן אַלטן טעסטאַמענט. די מלחמה האָט זיך געצויגן 7 יאָר. די הויפּטשטאָט פון די חיתים — נאַבלוס — האָט זיך געהאַלטן 20 יאָר (לויט דער העלדישקייט קאָן מען פאַרגלייכן מיט סטאַלינגראַד). יהושוע בן נון, דער פאַרכאַפּער פון פּאַלעסטינע, קאָן מען פאַר־גלייכן מיט טשינגיס כאַן. בעת שלמה המלך איז אויף די רוינען פון דער חיתים־שטאָט אויפגעבויט געוואָרן ירושלים, די שטאָט פון שלום אָדער אין דער אמתן — אַן אַזיל פאַר גנבים און פאַרברעכער, ווייל אין דער דאָזיקער שטאָט האָט מען ניט געטאָרט משפּטן. די יידן האָבן זיך באַוויזן ניט לאַנג. קיין שום אָריגינעלס האָבן זיי ניט געבראַכט. וועגן דעם זאָגט עדות זייער קאָנסטיטוציע — די ביבל. זיי האָבן פּראָקלאַמירט דעם ראַסיסטישן פּרינציפּ — יידן דאַרפן ניט אַרבעטן, זיך ניט פאַרנעמען מיט פיזישער אַרבעט. די דאָזיקע ראָל ווערט צוגעטיילט די גויים (אין דער פריערדיקער באַדייטונג פון וואָרט גוי פשוט איינוווינער, פויער). אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען די צעטיילונג פון דער מענטשהייט — יידן און צוויי־פיסיקע בהמות — גויים (רוסן, כינעזער און אַנד.). אַלע לענדער דאַרפן ווערן די קנעכט ביי די יידן. יודאַיזם איז פּאַקטיש ניט קיין רעליגיע. דאָס איז אַ צוזאָג פון אַלע פאַרגעניגנסביים לעבן. דאָ שמעקט ניט מיט קיין געטלעכקייט. גאָט איז נאָר אַ דעקמאַנטל. מאַרקס אין זיין אַרטיקל "צו דער יודנפראַגע" האָט גע־שריבן: "געלט איז דער גאָט פון ישראל, דאָס וועקסל — דאָס איז דער אמתער

גאָט פֿון די ייִדן״. די דאָזיקע ווערטער, לאָמיר שוין דאָ גלייך זאָגן, געהערן צו אַ געשמדטן ייִדן. מאַרקס פֿאָטער איז איבערגעגאַנגען צום קאַטאָליציזם. אגב, דער ערשטער באַנד פֿון מאַרקס אַלע ווערק מיטן דאָזיקן אַרטיקל ווערט לעצטנס צעגנבעט פֿון די ביבליאָטעקן.

די ייִדן פּרעטענדירן אויף דעם, אַז זיי האָבן די ערשטע אַנטדעקט אַן איינ־ציקן גאָט. נאַרישקייטן. זיי זענען געווען געצנדינער. דעם איינציקן גאָט האָבן זיי שפּעטער איבערגענומען ביי די קריסטן.

אַזוי אַרום — געלט און ווייטער — די אידיי פֿון וועלטהערשאַפֿט וואָס באַדייט, אַז די איבעריקע וועלט באַשטייט פֿון צווייפֿיסיקע פֿי. ייִדישע פֿאַר־כאַפּערישע אַרדע איז אַפּגעווען אין פּאַלעסטינע פֿון 1250 פֿאַר אונדזער ערע ביזן 70סטן יאָר פֿון דער נייער ערע און אויך אפֿילו דאַן זענען זיי ניט געווען קיין מערהייט פֿון דער אַלגעמיינער באַפֿעלקערונג. אין די 70ער יאָרן האָט מען זיי אַרויסגעיאָגט און ביזן סוף פֿון פֿאַריקן יאָרהונדערט זענען קיין ייִדן אין פּאַלעסטינע ניט געווען. עס האָט געלעבט אַן אַראַבישע באַפֿעלקערונג.

חוץ דעם אַלטן טעסטאַמענט איז פֿאַראַן דער תלמוד — אַ פּילבענדיקער פּירוש אויף דער ביבל און אַ זאַמלונג פֿון ריטואַלן.

דאָס זענען, אַלץ קלייניקייטן, וואָס רירן קיינעם ניט. פֿאַראַן ערנסטערע זאַכן. דאָ ניט לאַנג האָט ניקסאָן זיך צונויפֿגערעדט מיט ברעזשניעוון וועגן צו־טיילן פּסטר אַ סטאַטוס פֿון פּריווילעגיעס אינעם האַנדל. דאָס איז אַ באַטיר־לעכער געזעץ, לויט וועלכן סע ווערט געפֿירט האַנדל מיט אַלע אַנדערע קאַפּי־טאַליסטישע לענדער. ד.ה. סע גייט אַ רייד וועגן אַ סוף מאַכן צו דיסקרימינאַציע אינעם האַנדל. ניקסאָן האָט צוגעזאָגט, נאָר באַלד האָבן די ציוניסטן אָנגעהויבן צו אַרבעטן. דער גאַנצער אַמעריקאַנער קאָנגרעס, חוץ איין פֿולברייטן, באַשטייט פֿון ציוניסטן. און דער באַוווסטער ציוניסט דער סענאַטאָר דזשעקסאָן האָט אַריינ־געטראָגן אַן אויסבעסערונג פֿון צוויי פּונקטן, אַז וועלכע דער געזעץ וועגן האַנדל קאָן ניט אָנגענומען ווערן:

1. דערלויבן די ייִדן פֿריי אַרויספֿאָרן פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד און ניט נאָר אַרויספֿאָרן נאָר אויך צוריק אַריינפֿאָרן, ד.ה. צירקולירן. אַלע פֿעלקער פֿון ר״פ לעבן רויק, נאָר די ייִדן גלוסט זיך אַרומצופֿאָרן.

2. די ייִדן, וועלכע ווילן פֿאַרבלייבן, זיי צוטיילן רעכט אויף נאַציאָנאַלער דערציונג אין ייִדישן גייסט, ד.ה. די ייִדן זענען אַ העכערע ראַסע, אַלע איבע־ריקע — נידעריקע. לויטן מיטלאַלטערליכן תלמוד טאָר איין ייִד ניט הרגענען דעם צווייטן, אָבער ניט־ייִדן מעג מען. העלפֿן אַ גוייִשער קימפּעטאָרין אום שבת טאָר מען ניט, אַ ייִדישער קימפּעטאָרין — מעג מען. היילן גויים טאָר מען ניט, נאָר אין אויסנאַמפֿאַלן, ווען עס דראָט דעם לעבן אויך פֿון ייִדן. די צען געבאָט פֿון משה זענען חל נאָר אויף ייִדן. די דאָזיקע צען געבאָט האָבן איבערגענומען די קריסטן און פֿאַרשפּרייט צווישן אַלע מענטשן (אַ קריסט קאָן זיין אַיעדער, אַ נעגער, אַ סאַמאָיעד א. אַנד.). לויטן ייִדישן דין אַפּנאַרן אַ גוי, אים הרגענען —

אדרבא, אַ הונט איז בעסער פון אַ גוי, אויף אַ גוי מעג מען אויספּרוּוון בייע מיני תּרופות. דאָס בוך איז שטרענג געהיים. אין דער יידישער רעליגיע זענען פאַראַן 99 סודות. 33 פון זיי זענען צוטרעטלעך פאַר אַלע יידן און 66 — נאָר פאַר די לוויים (דער לעקטאָר צייכנט אויפן טאַוול אַ סכעמע). די ציוניסטן האַלטן יעדן יידן פאַר אַ ציוניסט. ניט לאַנג איז אַרויס אין ישראל אַ געזעץ, אַז יידן פון דער גאַנצער וועלט זענען ישראל־בירגער, ד.ה. יעדער ייד האָט אַ צווייענדיקע בירגערשאַפט. די עיקרדיקע פליכט פון יידן איז צו דינען ישראל. אַ ייד מעג פּראָטעסטירן קעגן דער מלחמה אין וויעטנאַם, קעגן דער כונטע פון טשילע, נאָר ניט קעגן דער פּאָליטיק פון ישראל.

ביי היינטיקן טאָג זענען אויף דער וועלט פאַראַן 14 מיליאָן יידן. די ציוניסטן רעכענען 30 מיליאָן, און גויים — 3 מיליאַרד. אַזוי ווי די ציוניסטן האָבן פּאַר־פּלאַנירט צום 2000טן יאָר וועלטהערשאַפט, וועלן זיין געגוג קאַדרען. איר ווייסט דאָך גוט, וואָס דאָס באַדייט, ווען סע פעלן קאַדרען. איז אָט באַווייזט זיך די פינפטע קאָלאָנע פונעם יודאַיזם — די מאַסאָנסטווע. אין מיטלאַלטער איז אין פראַנקרייך אַנטשטאַנען אַן אָרדן פון טאַמפּלוערן. דער דאָזיקער אָרדן איז צופעליק אַנטדעקט געוואָרן בעתן קיניגן פון פיליפ דעם שיינעם (געמסרט האָט אַן אַרעסטאַנט). לויט אַ רשימה האָט מען די מיטגלידער אַרעסטירט און אומגע־בראַכט. דער נאָמען פון אָרדען קומט פון פראַנצויזישן שטעטל טאַמפּל. די מאַ־סאָנען האָבן זיך געבוקט צום שטן, צום טייוול, וועלכן זיי האָבן גערופן לוציפער. דער ציל פון דער מאַסאָנישער באַוועגונג — צו צעטרייסלען די גוישע קלויס־טערס, די גוישע רעזשימען. אין 1534 האָט דער געשמדטער שפּאַנישער ייד איגנאַצי לאָיאָלאַ כלומרשט אין קאַמף מיט דער מאַסאָנסטווע אָרגאַניזירט דעם יעזויטישן אָרדן, וועלכער האָט געשאַפן די אינקוויזיציע. אויף די שייטערס פון דער אינקוויזיציע פירט מען די בעסטע גוישע גייסט־מענטשן ווי, למשל, דזשאָר־דזשאַנאָ ברונאָ. אַזוי אַרום שאַפט דער יודאַיזם אין מיטלאַלטער זיין טאָכטער־אונטערנעמונג — די מאַסאָנסטווע, וועלכע ברענגט אום מיט גוישע הענט די בעסטע גויים. אין רוסלאַנד זענען אויך געווען מאַסאָן־לאָזשעס. מ׳האָט זיי גערופן פראַנק־מאַסאָנען, ווייל זיי זענען געקומען פון פראַנקרייך. אין דער תּקופה פון אויפקלערונג טרעטן אַריין אין מאַסאָנען־אָרדן די אימפּעראַטאָרשע עליזאַבעט, דער גראַף וואָראָנצאָוו א. אַנד. די לאָזשעס זענען געווען לעגאַל. היינט זענען זיי פאַרשפּרייט אין מערב, באַזונדערס אין די סקאַנדינאַווישע לענדער און אין די לענדער פון דרום־אַמעריקע. דערפאַר טאָקע באַציען זיך אָט די לענדער גוט צו ישראל. סע טרעפט אַ מאַסאָן אין שפּיץ פון אַ רעגירונג ווי, למשל, אין שוועדן איז פּאַלמאָ אַ מאַסאָן. דערפאַר האָט ער פאַרבעטן צו זיך דעם מאַסאָן סאָלזשע־ניצין. ביי אונדז איז קערענסקי געווען אַ מאַסאָן און זיין גאַנצע רעגירונג. דער־פאַר טאָקע ווײַנט אַזוי נאָך זיי סאָלזשעניצין. פאַראַן אַ ציוניסטיש־מאַסאָנישע אונטערדריקונגס־נעץ. וואָס העכער סע שטייט דער גוי־מאַסאָן, אַלץ נוצלעכער פאַר די ציוניסטן. די ציוניסטן דרינגען אַריין אין דער גוישער סביבה דורך די

מאַסאַנען. די מאַסאַנען־אָרגאַניזאַציעס דאַרפן דורכזועצן אַ וועג פאַרן ציוניזם. צו די מאַסאַנען ווערן צוגעצויגן מענטשן, אויסנוצנדיק זייער קעגנערשאַפט צו די אָפיציעלע רעליגיעס. דער מענטש גלויבט ניט אין גאָט, נאָר אין שטן. מע וואַרפט זיי, די מאַסאַנען, צו לעקעכלעך. זיי ווערן פריער געווירע דעם קורס פון אַקציעס.

מע פאַרזאָרגט דאָס גיכע אַרויפאַרבעטן זיך אויף זייערע אַרבעטספּלעצער. פאַר קולטור־טוער, שרייבער האָט מען אָרגאַניזירט ניט קיין פאַרדינטע אַפּלאָ־דיסמענטן ווי, למשל, די פירער פון מאַסאָנען סאָלזשעניצין, סאַכאַראָוו, און דאָ שפּרינגט אויף יעווטושענקאָ, כאַפּט אונטער די פאָן, שרייבט אַ פּאַשקוויל־בריוו צו ברעזשניעוון, פאַר וואָס מ׳האָט מבטל געמאַכט זיינע קאָנצערטן. פאַרן הייגט־צייטיקן עטאַפּ איז ניט נייטיק אַריינצוטרעטן אין דער לאָזשע. דער מענטש ווייסט אָפט ניט אפילו, אַז ער איז אַ מאַסאָן. יעדער מאַסאָן איז פשוט אַן אַקטיווער צוטראָגער ביי די ציוניסטן. ער דאַרף מערער טון און ווייניקער וויסן. די ציו־ניסטן שפּאַרן זיך אָן אויף אַ יידיש־מאַסאָנישער פּיראַמידע ווי אויך אויף 80% פון דער עקאָנאָמיק פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אויף 90% ביז 95% פון די אינפאָרמאַציע־מיטלען, וואָס פאַרטומלען דאָס פאָלק. אין טשעכאָסלאָוואַקיע האָבן זיך צונויפגעאַרבעט די ציוניסטן מיט די מאַסאָנען און, וואָס איז דאָ צו פאַרלייקענען, אין משך בלויז פון עטלעכע חדשים איז זיי געלונגען צו דעמאָ־ראַליזירן די מערהייט פון דער באַפעלקערונג פון לאַנד.

די ציוניסטן רעכענען צו צו די אַנטיסעמיטן־פּראַקטיקער אָדער זאָאָלאָגישע אַנטיסעמיטן אַזעלכע ווי באַגדאַן כמעלניצקי, פּעטליורא, סטאַלין, היטלער און נאַצער און אין איינעם מיט זיי די פעלקער, וואָס שטייען הינטער זייערע פּלייצעס. ב.כמעלניצקי האָט געקעמפט קעגן יידן לויטן קלאַסנפּרינציפּ. ער האָט געקעמפט אויך קעגן די פּוילישע פּאַנעס. אָט ביי גאַגאַלן זענען די זאַפּאַראָזשער זיך נוקם אין יאַנקלען, ווייל ער האָט חרוב געמאַכט די גאַנצע געגנט. הינטער סטאַלינען שטייען ניט די גרוזינער נאָר די רוסן, די סלאַוון. הינטער נאַצערן — אַלע אַראַ־בער, אַלע דאַרפן זיי פאַרניכטעט ווערן לויטן ראַסן־סימן. באַזונדערס זענען די ציוניסטן אויפגעבראַכט אויף די פּאָליאַקן, באַשולדיקנדיק זיי אין דעם, וואָס זיי האָבן ניט באַשיצט די יידן אין דער אָקופּאַציע־צייט, נאָר זיי געצווינגען צו גיין צו די פּאַרטיזאַנער. דאָס זענען ניט קיין מעשהלעך אַניט וועגן וואָס דאַרף מען לערנען די קינדער אין יידישע שולן. קעגן די פּאָליאַקן שטעלן די יידן אַרויס ווי אַ ביישפּיל די דענער. אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע פון דענעמאַרק האָבן די דייטשן באַפוילן, אַז די יידן זאָלן אָנטון געלע לאַטעס מיטן זעקס־שפּיציקן שטערן אויף די אָרבל. דער דענישער קעניג האָט ליב געהאַט צו שפּאַ־צירן אין קעניגלעכן הויף מיט דער קעניגין און די דענער האָבן געקוקט און הנאה געהאַט. אויפן צווייטן טאָג נאָכן דייטשן באַפעל האָט דער קעניג, אַזוי ווי ער איז געווען אַ בעל חוב ביי די יידישע באַנקירן און, ווייזט אויס באַקומען אויך אַ באַפעל פון יענער זייט אָקעאַן, אָנגעטון אַ געלן שטערן און אַלע דענער

האָבן אַנגעטון געלע שטערנס. ס׳איז שווער געוואָרן צו דערקענען, ווער ס׳איז אַ ייד און ביי נאַכט האָט מען אַלע יידן אַרויסגעפירט אין אַ נייטראַל לאַנד, נאָר צוליב דעם זענען אומגעקומען אַ סך דענער. די יידן וואָלטן געוואָלט, אַז אויך אין פוילן זאָל געווען דאָס זעלבע פּאַרקומען. אויס דאַנקבאַרקייט זענען די דענער ניט באַשטימט אויף פיזישער פאַרניכטונג נאָר אויף ביאָלאָגישער. אָט, אויב מע וועט אייך ביאָלאָגיש באַאַרבעטן און איר וועט אָנקומען צום ציוניסטישן דירעק־טאָר אויף אַרבעט, וועט איר פּאָר אַ שטיקל ברויט מיט זאַלץ וואָס ער וועט אייך באַצאָלן, אים קושן די האַנט. אויב אָבער איר וועט זיך צעברעכן אַ פּוס, וועט מען אייך ניט היילן. ס׳איז ניט קיין מעשׂות. מיט די אַראַבער, ווייזט אויס, באַגייען זיי זיך אַזוי. די ציוניסטן האָבן דערקלערט וועלטהערשאַפט צום 2000סטן יאָר. ס׳שטייט פאַר אַ קאַמף, נאָר דער זיג וועט זיין אונדזערער. דער זיג מאָנט אָבער קרבנות. אין 1941 האָבן מיר דערקלערט: דער זיג וועט זיין אונדזערער, נאָר פאַרן דאַזיקן זיג איז אויסגעקומען צו באַצאָלן צוואַנציק מיליאָן לעבנס.

אויף אַלע ראַדיאָ־סטאַנציעס זידלט מען די אַראַבער און מע באַשולדיקט זיי אינעם ענערגעטישן קריזיס און ניט דעם אומיטלבאַר־שולדיקן — ישׂראל.

פון אונדז איז אָפּהענגיק צי מיר וועלן אַרויסשיקן אַזעלכע ווי יעווטושענקאָ און ניט איבערלאָזן ווי מ׳האָט איבערגעלאָזט סאָלזשעניצין. ביי אונדז איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַרן מאַסאָנישן טינוף. קיין רעצעפּטן וועל איך אייך ניט געבן, אָבער איר זענט מענטשן געלערנטע.

דאָס אַלץ הייסט ניט, אַז מיר דאַרפן ניט גלייבן אַלע יידן. די יידן אַרבעטן ערלעך און מע טאָר ניט דערלאָזן קיין שום באַגרענעצונגען, נאָר מע דאַרף אין זינען האָבן, אַז יערלעך פאָרן אַרויס 40,000 יידן. זיי פאָרן ניט פּשוט פון אַ סאָציאַליסטיש אין אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד, נאָר אין אַ פאַשיסטישער מדינה.

ענטפערנדיק אויף אַ פראַגע וועגן חילוק צווישן קריסטנטום און יודאַיזם, האָט דער לעקטאָר געזאָגט: די ביבל באַשטייט פון צוויי טיילן, פון אַלטן און נייעם טעסטאַמענט. דער נייער טעסטאַמענט בעסערט אויס דעם פאַשיסטישן תוכן פון אַלטן. דער חילוק באַשטייט נאָך אין דעם, וואָס אַ קריסט קאָן ווערן יעדער מענטש אָבער צושטייַן צום יודאַיזם — קאָן ניט יעדער. אפילו גאָרקי, געווען ביי אים אַזעלכע פאַרדרייעניש, איז געקומען צו זיי, נאָר זיי האָבן אים ניט אויפגענומען ניט געקוקט אויף גאָרקיס גרויסקייט. לויט ווי מע דערציילט, האָט דער לעקטאָר דערקלערט פאַר אַ מאַסאָן אַבראַזצאָוון, וועלכער שטעלט, אונטער דער מאַסקע פון אַנטי־רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע אַזעלכע מאַסאָנישע ספּעקטאַקלען ווי ״דעם טייוולס מיל״ און ״די געטלעכע קאָמעדיע״. חוץ דעם האָט ער אויף זיין ערשטער לעקציע דערקלערט, אַז די צאָל יידן אומגעקומענע אין דער מלחמה איז ניט קיין זעקס נאָר איין מיליאָן און אַז אייכמאַן איז גע־ווען אַ ייד.

פון רוסיש מ. ח.

# די אַרויסטרעטונג פון וויקטאָר נעקראַסאָוו ביים באַערן די קדושים פון באַבי יאַר אין ישראל

היינט, דעם 29סטן סעפטעמבער 1976, דאָ אין ישראל, צווישן קיעווער לאַנדסלייט, טראָג איך זיך אַריבער מיט מיינע מחשבות צוריק צום טאָג פון דער זעלבער דאַטע אין קיעוו...

10 יאָר צוריק. אַ וויסטער פּלאַץ מיט ווילדגראָז באַוואַקסן און מאַסן מענטשן — באַיאָרטע לרוב, נישט קיין יונגע... מענער, פרויען, — צעווייטיקטע, וויינענ־דיקע, מיט בלימעלעך, וועלכע מע צעוואַרפט גלייך איבער דער וויסטעניש, ווייל ס׳איז ניטאָ ווו זיי אַוועקצולייגן...

פאַרגעדענקט האָבן זיך די רעדעס, אַרויסגעבראַכטע אַזוי אומגעריכט, ווייל ס׳איז פשוט אומדערטרעגלעך געוואָרן צו שווייגן.

די מיליציע־לייט, וועלכע האָבן זיך אַ באַוויזט געטאָן, האָבן פאַרגעלייגט העפלעך, אַזוי צו זאָגן, מע זאָל זיך פאַנאַנדערגיין...

דערנאָך — פאַרשידענע זיצונגען פון דער פאַרטיי־ביוראָ, אויף וועלכע מ׳האָט מיר פערזענלעך פאַרגעוואָרפן, אַז כ׳בין בייגעווען אַן שום דערלויבעניש אויף אַ ״״ציוניסטיש געזעמל״, פאַרניכטעטע פאָטאָגראַפיעס, קינאָ־לענטעס.

און פאַרגעדענקט האָט זיך אויך אַ גרויסער פּלאַקאַט, וואָס איז געהאָנגען לאַנג — לאָמיר דאָס אָנרופן לאַנג, — עטלעכע שעה אויף דער וואַנט פון אַלטן יידישן בית עולם, דעם אויסגעקאָרטשעטן פון דער ערד יידישן בית עולם.

אויף יענעם פּלאַקאַט איז געווען אָנגעשריבן: **באַבי יאַר**, אויף רוסיש און יידיש־לשון, און דאָס אַליין איז שוין דאָרט געווען פאַרעכנט אַלס אַ פאַרברעכן... דאָס פאָטאָ־בילד פון דעם פּלאַקאַט האָב איך צופעליק געקראָגן, מיט עטלעכע טעג צוריק אין נאַרוועגן און כ׳האָב עס מיטגעבראַכט אַהער — אַ מתנה דעם מחבר פון יענעם פּלאַקאַט — אַמיק דיאַמאַנטן...*

אין אַ שפּעטערדיקן 29סטן סעפטעמבער איז שוין געשטאַנען אַ שטיין. און דער שטיין, ווי איר ווייסט, האָט זיך דאָרט באַוויזן גאָר גיך... ס׳איז באַפוילן געוואָרן מיינעם אַ פריינד, אַן ארכיטעקט:

— דו גיב אַ שפּרונג וואָס גיכער צום הליגינסקער קאַריער, זוך אויס אַ שטיין דאָרט, וואָס גרעסער און וואָס שענער, און קריץ אויס אויף אים:

״דאָ וועט אויפגעשטעלט ווערן אַ דענקמאָל״...

---

* אַמיק דיאַמאַנט — געוועזענער עליה־אַקטיוויסט פון קיעוו, איינער פון די איני־ציאַטאָרן אין דער באַוועגונג צווישן עולים פון ראַטנפאַרבאַנד צו שאַפן אינדוסטריעל־טעכנישע ישובים אויף די צפונדיקע ראַנד־געביטן פון לאַנד. פלימעניק פון די יידישע שרייבער איציק קיפּניס ז״ל און דעם געפאַלענעם אין שלאַכט קעגן די דייטשישע נאַצי־אָקופּאַנטן.

** ״ראַבן״: ״וואָראָנקי״ — אַזוי רופט מען אין פאָלק די פאַרמאַכטע אַרעסט־מאַשינעס פון דער סאָוועטישער געהיים־פּאָליציי.

איז אָט, דער צווייטער 29סטער סעפּטעמבער, געווען שוין גאָר עפּעס אַנדערש... שוין מיט אַ קייט אָרום דעם המון, באַרינגלט מיט די געוויסע חברה־לייט, אין מונדירן, ווי אויך ציוויל־געקליידעטע... און מיט שוואַרצע "ראָבן" *, מיט מאַשינעס פון "גיכער הילף" און מיט די געהעריקע רעדעס, אויס־געצייכנטע רעדעס: פון דעם סעקרעטאַר פונעם שעווטשענקאָווסקע ראַיאָנעם פּאַרטיי־קאָמיטעט, וועלכער איז אַרויס און גערעדט וועגן די דערגרייכונגען פון ראַיאָן, וועגן דער אויספילונג פון פּלאַן, פּאַטעטיש אַנגעוויזן מיט דער האַנט אויף די ביי־אויפגעבויטע בנינים. אַרויסגעטראָטן זענען אויך אַנדערע "אַרבע־טער", "אַנגעשטעלטע" און אומבאַדינגט — אַ פּערזאָן מיט אַ יידישן פאַמיליע־נאָמען, וועמען מע האָט געצוווּנגען צו דערציילן, אַז די היטלערישע מערדערייען זענען אויס ווי אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך מיט די רציחות און בלוט־פאַר־גיסונגען, וועלכע ס'פירן היינט דורך די ציוניסטן פון ישראל"...

נאָך דעם ווי זיי זענען אַראָפּגעשטיגן פון דער אימפּראָוויזירטער טריבונע און געמאָלדן, אַז דער מיטינג איז געשלאָסן, האָט מען אָנגעהויבן צו טראָגן בלומען־קרענץ. מערערע עלטערע לייט האָט מען מיט אַ וואַכזאַם אויג דורכגעלאָזט אָן באַזונדער שוועריקייטן. מיך מיט מיין מוטער האָט מען געוויינלעך דורכ־געלאָזט מיט אונדזערע בוקעטיקלעך. און ווער ס'איז אַ ביסל יינגער און ביי וועמען אויף די קרענץ ס'איז אָנגעשריבן געווען עפּעס מיט אומפאַרשטענדלעכע, פאַרדעכטיק אויסגעקרימטע אותיות, יענע האָט מען אַ נעם געטאָן פאַרשטופּט אין אַ זייטיק ווינקל: "זעץ איבער וואָס דו האָסט געמיינט מיט דעם צו זאָגן — און טאָמער וועסטו ענטפערן מער ווייניקער, ווי ס'ווילט זיך דיר ענטפערן, — וואַרט שוין אויף דיר אַ שוואַרצער גרויסאַרטיקער אויטאָ: — ביטע־שיין, מיר וועלן שוין אונטערפירן אומזיסט, וווהין מען באַדאַרף...

נאָך איין 29סטער סעפּטעמבער...

און שפּעטער שוין מיין פערזענלעכער טאָג. אַרויסגעפאָרן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד בין איך פאַראַיאָרן. אין סעפּטעמבער. און דער 29סטער טאָג פון דעם חודש האָט מיך באַגעגנט אין זשענעווע. כ'האָב זיך דערמאָנט קיעוו, באַבי יאַר, און ס'איז מיר מיט מיין פרוי געבליבן נישט מער ווי אויסצוגעפינען די אָרטיקע סינאַגאָגע און אַוועקלייגן ביי איר וואַנט אַ קרענצל בלומען...

און ענדלעך — היינטיקער 29סטער סעפּטעמבער, צען יאָר זינט יענעם טאָג ווען אַמיק דיאַמאַנט האָט אויפגעהאָנגען זיין פּלאַקאַט און מיר זענען אַרויסגע־טראָטן און גערעדט וועגן דעם, אַז אויף באַבי יאַר מוז מען אויפשטעלן אַ דענק־מאָל...

און איך, אַ רוס, געפין מיך פּלוצים דאָ אין ישראל, צווישן אַזוי פיל מיינע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פריינד, מיט וועלכע כ'האָב מעגלעך זיך באַגעגנט ביי "באַבי־יאַר" און אפשר ניט — כ'באַגעגן זיי צום ערשטן מאָל. און אין אונדזערע מחשבות טראָגן מיר זיך אַריבער צוריק קיין קיעוו, אין אונדזער היימיש־באַקאַנטן קיעוו, ווי אויפן "באַבי־יאַר" שטייט שוין נישט קיין לאַסט־

מאַשין — די אימפּראָוויזירטע טריבונע, אויף וועלכער ס׳פּלעג אַרויפגיין דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון שעווטשענקאָווסקע ראַיאָן. אַצינד שטייט ער שוין מיט די טרעפּ אַרויף צום ענדלעך אויפגעשטעלטן דענקמאָל — דעם סאַמע ליגנערישן, דעם סאַמע היפּאָקריטישן מאָנומענט, וועלכער ס׳איז ווען ניט איז געפּורעמט און אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

כ׳מיין אַז ס׳איז נישט פאַראַן קיין מער צביעותדיקער דענקמאָל! און נישט נאָר צוליב דעם, ווייל דאָרט איז ניט צו מערקן קיין סימן פון קיין טיפּיש־יידישן פּראָפיל. דער דענקמאָל איז פון אָנהייב ביזן סוף ליגנעריש דערפאַר, ווייל אויף אים הייבן זיך אַרויס — אויב גלייבן דער ״פּראַוודאַ״ און אַנדערע סאָוועטישע צייטונגען און זשורנאַלן, — געזונטע, מוסקולירטע, פּולבלוטיקע יונגעלייט, וואָס קוקן, — ווי די פּראַוודאַ שרייבט, — רויק און זיכער אין דער ליכטיקער צו־קונפט״... אַ מאָדנע פאַרהאַלטן זיך פון מענטשן, וועלכע מע האָלט ביים צעשיסן.

קוקנדיק אויף אָט די מוסקולירטע און, ווער ווייסט צוליב וואָס, האַלב־נאַקעטע פיגורן, — זיי זענען 11 מאָן, ווי כ׳האָב דורכגעלייענט אין דער צייטונג, — טראַכט זיך, ס׳וואָלט געגוג געווען, אַז אָט די אַטלעטן זאָלן זיך אַ גוטן באַוועג טאָן, אַז אַלע דייטשישע וואַכלייט צוזאַמען מיט די פּאָליציייען, זאָלן זיך צעשיטן אויף שטויב...

אָט די דאָזיקע בראַנדזענע זשלאָבעס דאַרפן עס טאַקע פאַרקערפּערן איינע פון די גרעסטע וועלט־טראַגעדיעס, ניט נאָר דערפאַר, ווייל דאָס איז די טראַגע־דיע פון אומגעבראַכטע און ניט נאָר דערפאַר, ווייל דאָס איז דענקמאָל פאַר די קרבנות פון באַרבאַריי, פון אָפענער אכזריות, נאָר דער עיקר ווייל דאָס איז אַ מאָנומענט פאַר לעבעדיקע קרבנות פון היפּאָקריזיע און שקר.

מיר אַליין איז געזאָגט געוואָרן, בעת די פּילצאָליקע געשפּרעכן מיט הויכגעשטעלטע ״פּאַרטיי־חברים״, ווען זיי האָבן באַהאַנדלט מיין ערשטן, צווייטן און דריטן ״פּערסאָנעלן פּאַרטיי־ענין״, ווען ס׳איז געגאַנגען אַ רייד וועגן מיין כלומרשט ״אַנטי־סאָוועטישער אַרויסטרעטונג אויפן ״ציוניסטישן געזעמל אין באַבי יאַר״:

— ווען ווילט איר אַ דענקמאָל שטעלן — האָבן זיי געטענהט — ווען? — אָט די נעבעכדיקע פּחדנים, וועלכע האָבן זיך ניט געוועהרט און ווי קראָליקעס געקראָכן גלייך אין פּיסק פון דער שטיק־שלאַנג? — אַזוי האָט מען צו מיר גערעדט. און איצט, ווייזט זיך אַרויס, אַז די אומגעבראַכטע זענען גאָר געווען מענטשן, וועלכע האָבן רויק און זיכער געקוקט אין דער ליכטיקער צו־קונפט״.

לאָמיר זיך אַריבערטראָגן מיט אונדזערע רעיונות אַהין, צופוסנס פון יענעם דענקמאָל, וווּ מיר וועלן גאָר גיך, קאָן זיין, זיך דערוויסן וווהין זענען אַהיב־געקומען אונדזערע פריינד, וואָס האָבן אונטערגעשריבן די ווענדונג, וועלכע מע האָט דאָ נאָר־וואָס דורכגעלייענט. מעגלעך, אַז אונדז וועט אויסקומען זיך

אַריבערצוטראָגן ניט צום ״באַבי־יאַר״ נאָר אין אַ פינצטערער קרקע פון ערגעץ אַ מיליציע־אַמט. טאָ לאָמיר זיי דאָרט זאָגן: ״חברה טייערע, געדענקט דעם באַבי־יאַר, פאַרגעסט נישט באַזוכן און אָפּגעבן כבוד די קדושים פון באַבי יאַר.

און וויסן זאָלט איר, אַז דאָ אין ישראל וואַרט מען אויף אייך און אָהער קיין ישראל וועט איר ענדלעך זיך דורכברעכן!

## נעקראַסאָוו וויקטאָר פּלאַטאָנאָוויטש

באַרימטער רוסישער שרייבער. געבוירן דעם 4.6.1911 אין קיעוו. פאַרענדיקט דעם אַרכיטעקטור־פאַקולטעט ביים קיעווער בוי־אינסטיטוט, איינצייטיק — אַ טעאַטער־סטודיע. געאַרבעט אַלס אַקטיאָר און בינע־קינסטלער.

אין די יאָרן 1941—1944, אויף די פראָנטן פון אַנטי־נאַצי קריג — אַ פּאָלקאינזשינער און באַטאַליאָן־קאָמאַנדער. זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן ביי סטאַלינגראַד.

אין 1946 דערשיינט זיין ערשטער בוך א.ב. ״אין די אָקאָפּעס פון סטאַלינגראַד״, וואָס ווערט אויסגעצייכנט מיט דער מלוכישער פרעמיע פאַרן יאָר 1947.

אַלס מוסטער פון ליריש־פּסיכאָלאָגישער פּראָזע האָט דאָס דאָזיקע ווערק שטאַרק באַאיינפלוסט די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער מלחמה־ און נאָך־מלחמה־ראָמאַניסטיק.

שפּעטערדיקע ווערק פון וו. נעקראַסאָוו: ״דער זעלבער ליוטיקאָוו״ (1948), ״סענקאָ״ (1956), ״סודאַק״ (1958), ״געווידמעט העמינגוועיען״ (1959), ״די צווייטע נאַכט״ (1960), ״קירא געאָרגיעוונאַ״ (1961), ״אַ בייאינקער״ (1963). מחבר פון אַ ריי סצענאַריעס פון באַוווּסטע סאָוועטישע קינאָ־פילמען.

זיינע רייזע־פאַרצייכענונגען וועגן פראַנקרייך, איטאַליע, פּשא רופן אַרויס ביז בלוט ביי דער אָפיציעלער סאָוועטיש־פאַרטייאישער קריטיק. ווערט גערודפט פאַר זיינע אַרויסטרעטונגען קעגן פאַרשוועכן דעם אָנדענק פון די קדושים פון באַבי יאַר. זיין לעצטע דערציילונג ״דער פערזענלעכער ענין פון קאָמוניסט יאַפּע״, געווידמעט דער יידישער עליה־באַוועגונג, געדרוקט צום ערשטן מאָל אין ישראל (1976).

פאַר זיין מוטיקן קאַמף פאַר בירגערפרייהייט אין ס״פ, ווערט ער אויסגעשלאָסן פון סאָוועטישן שרייבער־פאַריין און געצוואונגען צו פאַרלאָזן רוסלאַנד.



**פעליקס קאַנדעל**

# אויסגעשלאָסן *

מ׳האָט מיר אויסגעשלאָסן דעם טעלעפאָן.

איך בין גראָד געשלאָפן, געשלאָפן טיף מיטן שלאָף פון אַן אומשולדיק קינד, און אין דער צייט האָט עפּעס אַן אַנאָנימער טעכניקער זיך געפּאָרקעט און — אַ סוף צו מיין טעלעפאָן. ער איז אָפּגעשניטן, ער האָט אפילו קיין פּיפּס ניט געגעבן.

ווי מ׳האָט מיר צוגערשט געזאָגט — פאַר ניט באַצאָלן.

ווי מ׳האָט מיר געזאָגט דערנאָך — פאַר עובר זיין אויפן 74סטן אַרטיקל פון טעלעפאָנישן שולחן ערוך.

ווי מ׳האָט מיר געזאָגט צולעצט — פאַר כוליגאַניזם.

— פאַר וועמענס כוליגאַניזם, האָב איך געפרעגט, פאַרן טעלעפאָנס? מ׳האָט מיר ניט געענטפערט. און אָט אַזוי. מ׳האָט מיר אָפּגעשניטן דעם טעלעפאָן, ביז דעמלט האָט מען מיך אָפּגעשניטן פון אַלע רעדאַקציעס. זיי האָבן מיך אָפּגעשניטן פון אַלע פאַרלאַגן און קינאָסטודיעס. זיי האָבן מיך אָפּגעשניטן פון מיינע פילמען, אויסשניידנדיק פון זיי מיין נאָמען.

און פון סאָוועטישע באַנקנאָטן האָבן זיי מיך אָפּגעשניטן. וואָס זשע איז נאָך געבליבן?

איך קאָן זיי אונטערזאָגן וואָס.

שניידט מיך אָפּ פון עלעקטריש ליכט.

שניידט מיך אָפּ פון וואַסער און קאַנאַליזאַציע.

שניידט מיך אָפּ פון פּאָסט־באַדינונג, פון דער גיכער הילף, פון פייערלעשער־דינסט.

שניידט מיר אָפּ פון אַל דאָס גוטס, פון דער ציוויליזאַציע, פאַרוואַרפט מיך צוריק צו דער שטיין־תקופה אין אַ הייל, צו די ווילדע.

מיט פאַרגעניגן וועל איך דאָרט בלייבן, ווייל דאָרט האָט מען גאָרניט דער־פונדן און ניטאָ וואָס אויסצושליסן, פון וואָס אָפּצושניידן.

שניידט מיך אָפּ, שליסט מיך אויס.

איך פון אייך האָב זיך שוין לאַנג אָפּגעשניטן.

**יידיש מ. ח.**

* סיי יעמוסיאַנאַווס ״לעקציע״ סיי די הומאָרעסקע פון פעליקס קאַנדעל זענען איבערזעצט פון די זאַמלונגען ״יידן אין פּסטר״ אַרויסגעגעבן פון אָפּטייל ״דאָס מזרח־אייראָפּעישע יידנטום״ביים ירושלימער אוניווערסיטעט.

# אַ בריוו אין רעדאַקציע

מיטוואָך דעם 26סטן יאַנואַר 1977

טייערע פריינט און חברים פון דער רעדאַקציע פון "ירושלימער אַלמאַנאַך".

מיט גרויס פאַרגעניגן לייגן מיר ביי די מתנה פון 400 דאָלער, געשאַפן פון דער "אַנאַ פראַנק"-גרופּע פון דער נייער פּראָטערנאַלער יידישער אָרגאַניזאַציע אין טאָראָנטאָ.

אונדזער "אַנאַ פראַנק"-גרופּע איז אַ קליינע גרופּע פון יידיש-רעדנדיקע פרויען, וואָס שאַצן זייער שטאַרק אָפּ אייער גוטע אַרבעט און דעם וויכטיקן בייטראַג, וואָס איר מאַכט צו דער באַרייכערונג פון דער יידישער שפּראַך און קולטור.

מיר ווינטשן אייך גרויס דערפאָלג אין אייער ווייטערדיקער אַרבעט.

מיט פריינטשאַפט — מאַניע ליפשיץ — פאָרזיצערין
ראָוז באַרשיוּוער — סעקרעטאַרין

פון רעדאַקציע

מיט גרויס דאַנקבאַרקייט דרוקן מיר היינט דאָס בריוול פון דער טאָראָנטער אַנאַ פראַנק-גרופּע און גלויבן, אַז אַנדערע קלענערע און גרעסערע יידישע אָרגאַ-ניזאַציעס וועלן נאָכטאָן זייער הערלעכן טאַט ביים אַרויסהעלפן אונדז אין שווערן געראַנגל פאַר דער עקזיסטענץ פון אונדזער ליטעראַריש-קינסטלערישער אויסגאַבע, וועלכע סימבאָליזירט מיט זיך דעם אויפקום פון אַ נייעם יידישן קולטור-צענטער אין אונדזער עיר הקודש.

ביי דער געלעגנהייט ווילן מיר האַרציק באַדאַנקען אַלע חברים אין דער גאַרער יידישער וועלט, וועלכע שטיצן און העלפן פאַרשפּרייטן דעם "ירושלי-מער אַלמאַנאַך" —

דעם אַמעריקאַנער יידישן אַרבעטער-קאָמיטעט און דירעקט דער חברטע וולאַדקע מיד,

דעם אַרבעטער-רינג און דירעקט דעם חבר יאָסל מלאָטעק.

דעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור-קאָנגרעס (חיים בעז), וועלכע האָבן צוגעשיקט יערלעכע סובסידיעס פאַרן "ירושלימער אַלמאַנאַך".

דער אשכנזישער קהילה פון מעקסיקע — (פריינד מיכאל לוין),

דעם "ציקאָ"-פאַרלאַג און ביכער-צענטראַלע פון ניו-יאָרק (פריינד י. גוטקאָוויטש), אונדזערע נאָענטע מיטאַרבעטער פּראָפ' סאָל ליפּצין, מ. מעלמאַן, די פריינד מאיר מאַנדעל און ליפע פרידמאַן פון דער ירושלימער יידישער קולטור-געזעלשאַפט (פאָרזיצער גרשון וויינער).

מיר דריקן אויס אונדזער דאַנק די יידישע אָרגאַניזאַציעס, שרייבער, קולטור-טוער ענטוזיאַסטן ביים העלפן פאַרשפּרייטן אונדזער אויסגאַבע:

אשר שטשוטשינסקי פון ניו-יאָרק, אברהם ברענער פון ריאָ (בראַזיל) שרה און משה פרידמאַן פון מיטשיגאַן

חבר זשעלעזניקאָוו פון מעלבורן (אויסטראַליע)

און פיל אַנדערע חברים און פריינד וועמענס נעמען מיר האָפן צו פאַרעפנטלעכן אין קומענדיקן אַלמאַנאַך-נומער.

# ביאָ־ביבליאָגראַפיע

## אהרן אַשמאַן

געבוירן אין שטעטל באַלין (פּאָדאָליע) אין יאָר 1896. געווען אַקטיוו אין דער יידישער געלבסטשוץ קעגן פּעטליורעס פּאָגראָמשטשיקעס. שפּעטער אַ העברעיש־לערער. עולה געווען קיין ארץ ישראל אין יאָר 1921. באַרימט געוואָרן אַלס אָנגעזעענער העברעיִשער דיכטער, דראַמאַטורג, איבערזעצער און פּעדאַגאָגישער טוער.

פון זיינע דראַמעס זענען פיל מיט דערפאָלג אויפגעפירט געוואָרן אין די ישראל־טעאַטערן. באַזונדערס דאַרפן אָפּגעמערקט ווערן די פּיעסן "האדמה הזאת" און "מיכאל בת שאול".

מחבר פון אַ צאָל לידער־זאַמלונגען, לערן־ביכער און איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור.

## יאָסל בירשטיין

געבוירן אין ביאַלאַ־פּאָדליאַסקאַ, אין 1920. געלערנט אין חדר, שפּעטער פאַרענדיקט אַ פּוילישע פאָלקס־שול. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1937. אין 1939 עמיגרירט קיין אויסטראַליע. געדרוקט לידער אין "אויסטראַלישער יידישער פּאָסט", "אויפבוי", "יידישע יוגנט", "צוקונפט". אין ישראל — אין "די גאָלדענע קייט" און אין אייניקע העברעיִשע אויסגאַבעס.

אין בוכפאָרם: "אונטער פרעמדע הימלען" — לידער (מעלבורן, 1949). אין תל־אביבער י.ל. פּרץ־פאַרלאַג — צוויי ביכער: "אויף שמאָלע טראָטואַרן" (1958), "אַ מאַנטל פון אַ פּרינץ" (דערציילונגען) — 1968.

## מאיר האַלפּערין

געבוירן אין לאָדזש, אין 1905. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה געלעבט אין ס"פ. נאָכן קריג — צוריק אין פּוילן, דערנאָך אין דייטשלאַנד (מינכען), פון וואַנען עולה געווען קיין ישראל.

זיך באַטייליקט מיט לידער אין די אויסגאַבעס פון דער לאָדזשער שרייבער־גרופּע. זיך געדרוקט אין די וואַרשעווער צייטשריפטן "דאָס וואָרט", "דער מאָמענט", "ליטעראַרישע בלעטער", "וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור". אין בוכפאָרם: "לידער" (וואַרשע 1937), "אַ וועג אין דער נאַכט" (מינכען 1949).

## זלמן הירשפעלד

געבוירן אין שטעטל סטאַוויסק, ביאַלאַסטאָקער וואָיעוואָדשאַפט, באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציִונג, געלערנט אויך אין רוסישע פאָלקס־שולן און אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט. געענדיקט די פּוילישע טעאַטער־שול און מיכאַל וויכערטס יידישע דראַמשול אין וואַרשע. באַוווּסטער יידישער אַקטיאָר.

געשפּילט אין דוד הערמאַנס טעאַטער־סטודיע, אין "עזאזל", "וויקט", "ווילנער טרופּע" א. אַנד. פאַר די העכער 30 יאָר טעאַטראַלער טעטיקייט געשפּילט וויכטיקע ראָלן אין די פּיעסן פון **י. ל. פּרץ, שלום אַש, ד. פּינסקי, דאָסטאָיעווסקי, ראָלאַן** און פיל אַנדערע.

שפּעטער געלעבט אין אַרגענטינע און געשפּילט צוזאַמען מיט זיין פרוי **אסתר ראַפּפּעל** אין די אויפירונגען מיט **מאָריס שוואַרץ ז"ל, יעקב בן־עמי און יוסף בולאָוו.**

אָנגעפירט און מיטגעשפּילט מיט אַ העברעיִשער טעאַטער־גרופּע פון לערער־סעמינאַר. זיך פאַרנומען אויך מיט פּעדאַגאָגיק און ליטעראַטור.

מיטגעאַרבעט אין די בוענאָס־איירעסער יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט הומאָרעסקעס, פעליעטאָנען און אַ ריי איבערזעצונגען פון דער ישראלדיקער פּראָזע און דיכטונג.

עולה געווען קיין ישראל אין יאָר 1964. טעטיק אין טעאַטער "הבימה", "קאַמרי" און אַנדערע דראַמאַטישע קאָלעקטיוון, אַנטייל גענומען אין אַ ריי ישראל־פילמען, טעלעוויזיע־ און ראַדיאָ־אוידיציעס און רעציטאַציע־אויפטריטן אויף יידיש און העברעיש.

## לייב מאַרגנטוי

געבוירן אין 1905, פינסק. געענדיקט אַ יידיש־העברעישע פאָלקס־שול. פון 1941 געלעבט אין ס"פ (סאַמאַרקאַנד).

נאָך דער מלחמה צוריק אין פוילן (לאָדזש, וואַרשע).

דאָס ערשטע ליד פאַרעפנטלעכט אין דער "פינסקער שטימע" (1927). זינט דאַן זיך געדרוקט אין דער מערהייט יידישע אויסגאַבעס פון וואַרשע, ווילנע, ביאַליסטאָק. געדרוקט לידער אין דער סאָוועטישער פעריאָדיק "אָקטיאַבער" און "שטערן" (מינסק), "אייניקייט", סאָוועטיש היימלאַנד" (מאָסקווע). אין נאָך־מלחמהדיקן פוילן — אין די יידישע אויסגאַבעס פון וואַרשע און לאָדזש. זייער פיל געדרוקט אין די יידישע צייטשריפטן פון אַמעריקע, אויסטראַליע, רומעניע און שפעטער — אין די יידישע און העברעישע אויסגאַבעס אין ישראל. אין בוכפאָרם: "רויגען אין זון" (לידער און פאָעמעס), לאָדזש 1949; "ביי דער אַרבעט קלינגט דאָס ליד" (וואַרשע 1950), "אַל דאָס גוטס פאַר אייך" (וואַרשע 1957), "צער און פרייד" יובל־אויסגאַבע ("המנורה", תל־אביב 1968).

## פעליקס קאַנדעל

פעליקס קאַנדעל (קאַמאָוו), געבוירן אין 1935, אין מאָסקווע, עליה־אַקטיוויסט. באַוווסטער סאָוועטישער קינאָסצענאַריסט און דערציילער, באַזונדערס באַרימט געוואָרן אַ דאַנק דעם דערפאָלגרייכן מולטיפילם מיט פאַרזעצונגען "נו, וואַרט אַ ביסל" אין יידישן סאַמיזדאַט, פאַרעפנטלעכט אַ דערציילונג וועגן דעם טראַגישן גורל פון יידישן טעאַטער אין ס"פ.

די דערציילונג וועלן מיר דרוקן אין קומענדיקן אַלמאַנאַך־נומער.

## בנימין מאַכלין (וו. בלום)

געבוירן אין פוילן (מאַקאָוו־מאַזאָוויעצק), געווען טעטיק אין דער פועלי־ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג פון 1917. אין ראַטנפאַרבאַנד געאַרבעט אַלס לערער אין יידישע שולן. שפעטער אַ לענגערע צייט געאַרבעט אין דער לענינגראַדער מלוכה־ביבליאָטעק א. נ. פון סאַלטיקאָוו־שטשעדרין אין דער יודאַיק־אָפּטיילונג.

אין 1937 געוואָרן רעפּרעסירט און 16 יאָר אָפּגעווען אין פאַרשידענע טורמעס און צוואַנגס־לאַגערן.

עולה געווען קיין ישראל אין יאָר 1969. געדרוקט זיינע קריטישע עסייען און ליטעראַטור־פאָרשונגען אין פאַרשידענע יידישע אויסגאַבעס פון ס"פ אין ישראל.

אין תל־אביבער פרץ־פאַרלאַג דאַרף בקרוב דערשיינען זיין בוך "זכרונות".

## אָשר שטשוטשינסקי

געבוירן אין שטעטל גאָניאָנדז, ביאַלאָסטאָקער פּאָוויאַט (פוילן) אין יאָר 1915, געלערנט אַ קורצע צייט אין חדר, געענדיקט די תרבות־שול.

צו 19 יאָר איבערגעוואַנדערט קיין קובאַ.

מיטגעאַרבעט אין "האַוואַנער לעבן" מיט דערציילונגען, לידער און אַ קאַלום — "קורצע באַמערקונגען", געדרוקט לידער און דערציילונגען אין "האַוואַנער לעבן אַלמאַנאַך" און אין אַלמאַנאַך "המשך אויף קובאַנער ערד" (1952).

אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט ברוך שאַמעסן אַ זשורנאַל "ניי וואָרט".

עמיגרירט קיין ניו־יאָרק אין 1961, נאָך דער קאַסטראָ־איבערקערעניש.

פאַרעפנטלעכט לידער אין "זיין", "אונדזער אייגן וואָרט" און "יידישער קעמפער".

אַרויסגעגעבן אַ בוך "דערציילונגען" אין 1960 (פאַרלאַג "האַוואַנער לעבן", קובאַ).

## לייבל קופּערשמיד

געבוירן אין ביאַלע־ראַוווסקע. דעביוטירט אין 1937 מיט אַ העפטל לידער — „ציטער־פייערלעך". געדרוקטע שאַפונגען: „ציטער־פייערלעך", „דער שנייקיניג" (1938), „פלעמעלעך אין דער נאַכט" (1949), „אלי, אלי" (מיני־דראַמע) (1960), „פאַרונדיקטע לעגענדע" (1966), „מיט אָפּגעבריטע פינגער" (1975) און „קונטרס ביאַלע־פּשוט / ביאַלע ראַוווסקע / אַ יזכור ביכל — 1976.

## יעווגעני אַבעזגאַוז

קינסטלער — נייער עולה. געבוירן אין 1939 אין לענינגראַד.

איינער פון די גרינדער פון דער נאָנקאָנפאָרמיסטישער גרופּע יידישע קינסטלער אונטערן נאָמען „אלף". די דאָזיקע גרופּע האָט צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון סאָוויעט־רוסלאַנד איינגעאָרדנט אין לענינגראַד האַלב־לעגאַלע קאָלעקטיווע אויסשטעלונגען, וועלכע ס'האָבן באַזוכט העכער 4000 מאַן.

לעצטנס האָבן זיך זייערע בילדער דורכגעבראָכן אויך אויף דער פרייער וועלט. — אין פש"א איז אין 1975 דערשינען אַ פּרעכטיקער קאַטאַלאָג בילדער פון 12 יידישע לענינגראַדער קינסטלער. יעווגעני אַבעזגאַוז טיילט זיך אויס פון אַט דער גרופּע מיט זיין שאַרפן געפיל פאַר יידישן פאָלקלאָר און מיט זיין פיינעם טיף־נאַציאָנאַלן סטיליזאַציע־פּרימיטיוו.

## דער קינסטלער יוסף העס

געבוירן אין 1920 אין שטעטל אַטאַקי (באַסאַראַביע) פרי אָנגעהויבן מאָלן. לויט די רייד פון קינסטלער נאָך פאַרן אָנהייבן גיין אין חדר.

דאָס ערשטע מאָל אויסגעשטעלט האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. צו די סאָוועטישע צייטן אָפּגעקומען אין אַ שטראָף־לאַגער פון 1940 ביז 1946. אַרבעטנדיק דאָרט אין אַ שטיין־קאַריער איז אים אַן אָנגעלאָדענע וואַגאָנעטקע אַרויף אויף די פיס און ער איז אַהיימגעקומען אַן אינוואַליד אויף פראָטעזן.

פון 1946 ביז דער עליה אין 1976 געלעבט אין טשערנאָוויץ. אויסגעשטעלט כמעט אַלע יאָר. געהאַט אויסשטעלונגען אויך אין קיעוו.

איצט וווינט העס אין ירושלים אין בית גיורא און ביזן באַקומען אַ דירה ליגן נאָך דאָס רוב בילדער זיינע — אַ זעכציק אין צאָל — אין באַגאַזש, די מערסטע פון זיי אייל־בילדער — פּייסאַזשן פון דער בוקאָווינער און באַסאַראַבער לאַנדשאַפט און שטיל־לעבנס — און וואַרטן אויף זייער אויסלייזונג.

## די רעדאַקציע האָט באַקומען

**ביכער פון פאָלגנדיקע מחברים:**

1) **פריד וויינינגער** — אין גרויסן דרויסן (לידער). פאַרלאַג י. ל. פרץ תל־אביב 1974, 223 זייטן.

2) **נאַטאַן מאַרק** — נאַכטקולות (משלים, משלים־באַלאַדעס און פּאַראַבלס). פאַרלאַג „במשעולי". חיפה, 1976, 152 ז'.

3) **ישראל קאַפּלאַן** — צייטנשניט (דערציילונגען). פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1976. 253 ז'.

4) **שלמה שוואַרץ** — וווּנדן און ווונדער (לידער). פאַרלאַג „המנורה". תל־אביב, 1975. 156 ז'.

מיר וועלן גערן פאַרעפנטלעכן רעצענזיעס וועגן די אויבן־אויסגערעכנטע ווערק, אויב אונדזערע קאָלעגן ליטעראַטור־קריטיקער וועלן זיך אָפּרופן מיט זייערע אָפּשאַצונגען. **רעדאַקציע**